# אינהאַלט

# שלום־עליכמס פֿעליעטאָנען

למען־האמת ווייסן מיר ניט פֿאַר וואָס שלום־עליכם האָט אָט די מעשׂיות־כאַראַקטעריסטיקעס און מאָנאָלאָגן אָנגערופֿן פֿעליעטאָנען. אפֿשר טאַקע נאָר דערפֿאַר ווײַל ער האָט זיי לכתּחילה געשריבן פֿאַר צײַטונגען, אין וועלכע ער האָט מיטגעאַרבעט, און די רעדאַקטאָרן, די באַלעבאַטים פֿון די „גאַזעטן", האָבן בקול פֿאַרלאַנגט און געפֿאָדערט: שרײַבט פֿאַר אונדז אַ פֿעליעטאָן, גיט אונדז פֿעליעטאָנען. אַ צײַטונג — אין יענע יאָרן — האָט געמוזט האָבן אַ פֿעליעטאָן. אַ פּשיטא נאָך, אַ שבתדיקער נומער. אַ שבתדיקע צײַטונג אָן אַ פֿעליעטאָן איז נאָך משמעות געווען מינדער ווי, חלילה, חסידים אָן אַ רבין. דער פֿעליעטאָן איז געווען דאָס אויבערשטע פֿון שטויסל. דאָ האָט דער לייענער געקאָנט אַליין אַרײַנטײַטשן און אויסטײַטשן. מען האָט געקאָנט אַליין פֿונאַנדעראַרבעטן דעם פֿעליעטאָניסטס מיין און כּוונה, זײַנע אָנדײַטונגען אויף געשעענישן און פּאָליטיקעס, מ'האָט געקאָנט מפֿרש זײַן דעם געדאַנק און פֿאַרשטיין ווי אויפֿן וווּנק וועלכע שׂררות און שתּדלנים מיינט מען עס — אַזוי אַז צו דער לייענערישער הנאה האָט מען נאָך געקאָנט אַליין אויך עפּעס אויפֿטאָן — —

שלום־עליכם האָט סכּנות ליב געהאַט צײַטונגען, יידישע צײַטונגען. לאַנג האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק אַרויסצוגעבן אַן אייגענעם בלאַט. במשך יאָרן האָט ער זיך באַמיט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ צײַטונג. ס'איז אים גאָר נאָענט געווען און ס'האָט אים גערייצט דער אימפּעט, דער פֿאַרמעסט, דער אומרו, וואָס עס הערשט אין אַ צײַטונג. דער טאָג־טעגלעכער צאַפּל און די לופֿט, וואָס אַרום דער צײַטונג. עפּעס פֿון אָ־די שטימונגען און שלום־עליכמס „צײַטונגס־באַגערן" פֿילן מיר אָפּ אין אַ צאָל פֿעליעטאָנען, וואָס קומען אַרײַן אין דעם בוך. ניט ווייניק פֿון זיי זענען געווידמעט דעם שרײַבערפֿאַך, דעם צײַטונגסצווײַג, ווי בכלל די שרײַבערישע מערכה פֿון יענער צײַט. און די פּראָבלעמען, וועלכע שלום־עליכם הייבט אַרויס — פֿון אַרום דעם שטח — זענען דאָך צו מאָל אויך הײַנט אַקטועל — אַ שטייגער: באַציִונגען צווישן שרײַבער און לייענער, צווישן שרײַבער און זײַן סביבה, צווישן וואָרטשאַפֿער און די מנהיגים און פֿאָלקס־פֿאַרזאָרגערס. אין אַ ריי פֿעליעטאָנען קערט ער זיך אום פֿון מאָל צו מאָל מיט ביטערער טענה און סאַרקאַזם צו די, וואָס פֿאַרדרענגען,

פֿאַרמיסטיקן דאָס פֿאָלקס־לשון און פֿאַרשטערן דעם גאַנג פֿון דער אויפֿגייענ־דיקער ייִדישער שאַפֿונג. מיט ווייטיקדיקן הומאָר דערמאָנט ער ווידער די וויסטע ראָמאַנען פֿון שמר״ן, די פּלאָג פֿון צײַטונגס־קאָנקורענץ. במקום צו דערציִען אָט דעם דערוואָרבענעם לייענער וויקלט מען אים אײַן רויך פֿון ניט־געשטויגענע פּרעמיעס. גרײַפּט אָן שלום־עליכם די ביליקע רעקלאַמעס מיט וועלכע די צײַטונגען שטײַגן זיך אַריבער.

פֿון די פֿעליעטאָנען אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אונדז נאָך אַ ווינקל פֿון שלום־עליכמס שעפֿערישן געמיט. נאָך אַן עלעמענט פֿון דער גענ־יאַלער פּערזענלעכקייט. דאָס איז זײַן אָפּפּילן אַזוי שאַרף און קלאָר דעם געזעלשאַפֿטלעך־ייִדישן וועלט־יאַריד אין אַלע זײַנע אַנטפּלעקונגען, שוואַכקייטן און מאַניפֿעסטאַציעס. פֿון דעם ערשטן פֿעליעטאָן, וואָס קומט אַרײַן אינעם בוך, וואָס איז געדרוקט אין דער „יודישער פֿאָלקסביבליאָטעק״, צווייטער בוך, 1889, ביז דעם לעצטן פֿעליע־טאָן — „געקויפֿט עולם־הבא״, געשריבן אין זײַנע רײַפֿסטע שאַפֿערישע יאָרן, אין יאָר 1912, איז אַ מהלך פֿון דרײַ און צוואַנציק יאָר. אַ צײַטאָפּשניט, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן מיט דראַמאַטישע פּאַרלויפֿענישן אויפֿן פֿעלד פֿון ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט, ייִדישע אויפֿטוען און דורכפֿאַלן, ייִדישע פּאָליטיק, השׂכּלה, ציוניזם, טעריטאָריאַליזם, ארץ־ישׂראל, אוגאַנדאַ, פּאָגראָמען אין רוסלאַנד און אויפֿוואַכונג פֿון אידעען אין תּחום־המושב, אַסימילאַציע און אויסגעחלומטע באַשטרעבונגען. און אין דעם ווירוואַר פֿעלן אויך ניט די אויפֿגעקומענע פֿאַר־שפּיצקייטן פֿון שפּראַך־פּראָבלעמען: ייִדיש, העברעיִש, רוסיש — אָט די אַלע דעמאָלטיקע חיותדיקע פֿראַגעס און ווידעראַנאַנדן, וואָס האָבן גערעגט דעם גע־זעלשאַפֿטלעך אויפֿגעוואַכטן ייִדישן מענטש (אין פּוילן און ליטע און רוסלאַנד און אוקראַיִנע). שלום־עליכם האָט עס אויפֿגענומען און באַשריבן אויף זײַן שטייגער, כאָטש מיט ווייניק נאָראַטיווער שילדערונג, דערפֿאַר אָבער מיט העפּטיקן וואָרט, מיט בולטער צילבאַוווסטקייט און מהותדיקן אויספּיר, געפֿורעמט אין זיי ניט דווקא דעם טיפּאַזש, נאָר אויפֿגעשאַפֿן דעם קלימאַט פֿון צײַט און סביבה.

אמת, דער הומאָר אין די פֿעליעטאָנען איז מער אַן אויסערלעכער, צו מאָל באַגלייט פֿון אַ פּובליציסטישער גאַמע. ס׳פֿעלט אין זיי, באַזונדערש אין די פֿעליעטאָנען פֿון די ערשטע יאָרן, דער וואַרעם־האַרציקער טאָן און די טויִקייט, וואָס איז אַזוי אייגן פֿאַר שלום־עליכמס הומאָר, פֿאַר זײַן שאַפֿן בכלל. דערפֿאַר טרעט אָבער אויף בולטער און וועזנטלעכער דער סוזשעט און דער זין ווי דער מוסר־השׂכּל פֿון דער מעשׂה. און פֿאַראַן אין זיי אָנגעלאָדענע שטייגערישקייט, וואָס קייטלט זיך בהדרגהדיק און לייזט זיך אויף מיט זעלטענער פּיקחות אין פֿינאַל. אָט דער שרײַבעריש־קינסטלערישער מעטאָד, וואָס איז אַזוי כאַראַק־

טעריסטיש מיט זײַנע דראַמאַטישע עלעמענטן אין שלום־עליכמס גרויסע ווערק, איז ניכּר אויך אין די פֿעליעטאָנען, צו מאָל אין זייער סצענישן געבוי.

מיר ווילן זיך ניט באַנוצן מיט ברענגען דוגמאות און אַרויסהייבן און אילוסטרירן די באַזונדערקייטן און די שרײַבערישע גענעזע פֿון די זעקס און צוואַנציק פֿעליעטאָנען, וואָס קומען אַרײַן אינעם בוך. דאָך ווילט זיך דערמאָנען די אַזוי ווייניק באַקאַנטע „אַפֿאָריזמען" (50 אַפֿאָריזמען), „געדאַנקען, משלים, מוסר און גלאַט קלוגע רייד פֿון גרויסע לײַט פֿון אַ מאָל און אויך פֿון הײַנטיקע צײַטן, פֿרײַ באַאַרבעט, צוגעזעצט און איבערגעאַנדערשט פֿון שלום־עליכם". ווי וווּנדער־לעך קומט דאָ צום אויסדרוק שלום־עליכמס חכמה, זײַן פּערלדיקער הומאָר, די טיפֿע לעבנס־דערקענטעניש. דאָס עטישע געפֿיל, די לויטערע קינסטלער־גע־שטאַלט — שלום־עליכם.

פֿון דער זאַמלונג „פֿעליעטאָנען" קענטיקט זיך אויס, דאַכט זיך, ווי ווייניק־ווו אין זײַנע אײַנגעזאַמלטע שריפֿטן, די פֿאָרמירונג פֿון שלום־עליכמס קינסטלע־רישער, שרײַבערישער פּערזענלעכקייט. כאָטש שלום־עליכם האָט זיך באַלד קונה־שם געווען מיט זײַנע ערשטע פֿאַרעפֿנטלעכטע שאַפֿונגען, קאָנען מיר דאָ אָפּפֿילן און כמעט נאָכגיין די אַנטוויקלונג פֿון זײַן שרײַבערישער עובדא. די אַנטוויקלונג פֿון זײַן פֿאָרעם, די באַרײַכערונג פֿון זײַן שפּראַך, די פֿאָרמירונג פֿון זײַן אייגנדיקן סטיל, די פֿאַרטיפֿונג פֿון זײַן שרײַבערישן מהות.

פֿאַראַן אַ מהלך רב פֿון זײַנע ערשטע פֿעליעטאָנען (אָנגעהויבן שרײַבן אין העברעיִש אין 1881, יידיש — 1883) ביז די שפּעטערדיקע — אָנהויב הײַנטיקן יאָרהונדערט — הן אין פּרט פֿון קאָמפּאָזיציע און נוסח, הן אין דער פֿאַרביקייט פֿון זײַן לשון און עפּיש־נאַראַטיווער דערציילערישקייט. דער משמעות זעט זיך דאָ אָן — אויך שלום־עליכם איז דורכגעגאַנגען דעם טיגל פֿון ווערן, כאָטש ער האָט עס דערגרייכט מיט פֿאַנטאַסטישן קפֿיצת־הדרך.

ס'איז וואָר, שוין אין די ערשטע שאַפֿונגען געפֿינען מיר די שפּורן, באַזונדערס אין די העברעיִשע שאַפֿונגען (זע די זאַמלונג „שלום־עליכם — כתבים עבריים", פֿאַרלאַג „מוסד ביאַליק", 1976, 368 זז', צוזאַמענגעשטעלט, מיט אַן אַרײַנפֿיר און הערות פֿון פּראָפֿ' חנא שמערוק) פֿון שלום־עליכמס שפּעטערדיקער צעצווײַגטער מיליע, מיט די נײַע אייביקע געשטאַלטן.

ס'איז דער גאַנג צו דער אייגענער שאַפֿערישער וועלט, צו דער וועלט פֿון שלום־עליכם. דער באַנד „פֿעליעטאָנען" איז ווי אַ מײַלשטיין אויף אָט דעם דורכגעגאַנגענעם וועג.

א ב ר ה ם  ל י ס

# אַ פּאָר ווערטער וועגן אונדזער בעל־מלאָכה

**יהושע־העשל דער פּאָדריאַטשיק. — די געשיכטע פֿון אַ בידנעם, טרוקענעם קאָרזש. —**

איר קענט יהושע־העשל דעם פּאָדריאַטשיק? ניט יענעם יהושע־העשל וואָס האָט אָנגענומען אַ פּאָדריאַד לייגן אַ שאָסיי פֿון אונדזער שטאָט ביז כמעלניצק און האָט זיך נאָכדעם געהאָנגען פֿאַר צרות; חלילה! איך מיין יענעם יהושע־העשל וואָס נעמט אָן אַלע יאָר דעם פּאָדריאַד פֿון מצות באַקן. געוויינט־לעך זענט איר געווען ביי אים ערב פּסח בשעתן פּאָדריאַד און האָט זיך געוויס גוט צוגעקוקט ווי עס גייט פֿאָר ביי אים דענסט מאָל די אַרבעט. יהושע־העשל גייט בשעת־מעשׂה אַרום איבער דער שטאָט פֿון שטוב צו שטוב באַשטעלן אַרבעט, אַראָפּפֿירן די זעקלעך מעל, זען עס זאָל זיין האָלץ, וואַסער וכדומה. נאָר אָפּט מאָל כאַפּט ער זיך אַריין אין פּאָדריאַד, טוט אַ שמעק, וואָס טוט זיך דאָרטן — און גייט זיך ווייטער זיין וועג; בישקשה, יהושע־העשל מעג זיך פֿאַרלאָזן אויף זיינע מענטשן, די אַרבעט גייט דאָרט גאַנץ געשמאַק און ער מאַכט אין דעם געשעפֿט גאָר ניט שלעכט; איין חסרון נאָר, וואָס דער ליבער פּסח איז בסך־הכּל איין מאָל אין יאָר; ווען ניט דאָס, וואָלט אונדזער יהושע־העשל געגאַנגען אין גאָלד. נאָר לאָמיר אַוועקוואַרפֿן דעם פּאָדריאַטשיק און בעסער אַריינגיין אין פּאָדריאַד גופֿא, אין דער דאָזיקער יידישער פֿאַבריקע, און באַטראַכטן ווי גייציק עס גייט דאָרט צו די אַרבעט.

דאַכט זיך, וואָס איז אַ מצה? מישטיינס געזאָגט, אַ טרוקענער קאָרזש, אָן זאַלץ און אָן שמאַלץ, אָן אייער און אָן הייוון; נאָר זעט נאָר וואָס דאָ טוט זיך, ביז מען דערלעבט זען דעם דאָזיקן בידנעם קאָרזש! קודם־כּל שטייט דאָרטן אין אַ ווינקעלע אַ בחורל און שיט מעל; דאָס איז דער ערשטער טשינאָווניק פֿונעם פּאָדריאַד — דער „מעלשיטער". נעבן אים שטייט נאָך אַ בחורל אָדער אַ מיידעלע און גיסט וואַסער; דאָס איז אויך אַ טשין: אַ „וואַסער־גיסער". און נעבן די צוויי שטייט אַ יידענע אָנגעבויגן איבער אַ מעשענעם טאַז און קנעט דאָס טייג, — דאָס איז די „קנעטערין". פֿון דער קנעטערינס האַנט גייט אַריבער דאָס טייג, אָדער ווי מען רופֿט דאָס — די „מורא", צום ממונה אויף דער „מורא", וועלכער שטייט מיט אַ קאַ־טשעלקע און „מורא׳ט" זי, זי זאָל חלילה ניט כאַפּן קיין זויער, אַזוי לאַנג, ביז ער צעטיילט זי שטיקלעכווייז דעם גאַנצן עולם מיידלעך און ווייבער, וואָס שטייען

אויסגעשטעלט מיט קאַטשעלקעס און מען קאַטשעט. פֿון דער „קאַטשערין" קומט אַריבער דאָס בלעטל צום „רעגלער" — דאָס איז שוין אַ העכערער טשין; דער „רעג־לער" רעגלט אָפּ דאָס אויסגעקאַטשעטע בלעטל אין דער לענג און אין דער ברייט און גיט דאָס איבער דעם בעקער, אָדער דעם „שיבער"; דער שיבער — דאָס איז שוין גאָר אַ הויכער טשין — טוט דאָס אַ כאַפּ אויף אַ לאַנגן שטעקן און מאַרש אין אויוון אַרײַן, פֿון וואַנען ער כאַפּט דאָס נאָכדעם אַרויס און וואַרפֿט אַרײַן אין אַ גרויסן קויש צו מזל, אַ ווײַסע, אַ קלאָרע, אַ פּאַרטיקע מצה, אַזוי אַז אײדער איר קוקט זיך אַרום וואַקסט אויס פֿאַר אײערע אויגן אַ פֿולער קויש מיט מצות און איר קוועלט אָן קוקנדיק אויף אַזאַ מין אַרבעט. „עפּעס טאַקע נאָר אַ מין פֿאַבריקע און געגנוג!"

ווי מײנט איר אָבער, למשל, ווען אונדזער יהושע־העשל זאָל זיך נעמען אַליין צו דער דאָזיקער מלאָכה, דאָס הייסט, ער זאָל אַליין זײַן דער מעלשיטער, דער וואַסער־גיסער, קנעטער, קאַטשער, רעגלער, שיבער — ווי מײנט איר, וויפֿל מצות וואָלט ער געקאָנט אַ שטייגער אַרויסגעבן אַ טאָג? אַז אָך און וויי וואָלט אים געווען מיט זײַן פּאַדריאַד; מען וואָלט געמאַכט פֿון אים חוזק און אָנגעקוקט אים ווי אַ משוגענעם! פֿון דעסטוועגן געפֿינען זיך בײַ אונדז אַזעלכע פּאַדריאַטשיקעס לרוב, טאַקע כחול הים, און קיינער מאַכט פֿון זיי ניט קיין חוזק און עס קומט קיינעם ניט אַפֿילו אויף די געדאַנקען צו רעכענען זיי פֿאַר משוגעים. איך שמועס דאָ מכּוח אונדזער בעל־מלאכה.

**בענדיט־לייב דער שנײַדער. — איך צערעד זיך מיט אים מכּוח זײַן ענין. — ער קוקט מיך אָן. —**

מיט וואָס איז אונדזער בעל־מלאָכה געערוקט פֿון יהושע־העשל דעם פּאַד־ריאַטשיק? מיט וואָס, למשל, איז בענדיט־לייב דער שנײַדער, אָדער הענעך דער שוסטער, אָדער זלמן דער סטאָליער, אָדער זימל דער קאָוואַל ניט קיין פּאָדריאַטשיקעס? בענדיט־לייב דער שנײַדער — איך זאָג דאָס אָן אַ שום לצנות — איז אַ פּאָלנער פּאַדריאַטשיק. איך האָב אָנגעכאַפּט בענדיט־לייבן דערפֿאַר, ווײַל ער איז ניט פֿון די קליינע שנײַדערס, די לאַטאַזשניקעס; בענדיט־לייב איז אַ טאַנדעטניק; ער איז אַליין דער צושנײַדער, אַליין דער בעל־מלאָכה, אַליין דער פֿאַרקויפֿער; דאָס הייסט שוין לשון סוחר. דאַכט זיך אַלע ברכות — פֿון דעסטוועגן איז ער, נישקשה, אַ גוטער קבצן. קוים מיט צרות שלעפּט זיך בײַ אים דאָס שטיקל ברויט.

— וואָס איז די מעשה? — פֿרעג איך אים.

— וואָס זאָל זײַן — ענטפֿערט בענדיט־לייב — עס דערלעבט ניט, מישטיינס געזאָגט, איינס דאָס אַנדערע; מען לייגט דאָס לעבעדיקע אויפֿן טויטן. איר באַדאַרפֿט וויסן, ליבער פֿרײַנד, אַז איך קאָן נאָך עד־היום ניט קומען צו די כּוחות פֿון דער מאַשינע וואָס איך האָב געמוזט קויפֿן אויף אויסצאָלן; הײַנט ביז איך באַקום די עטלעכע אַרשין סחורה, קומט מיר אָן מיט צרות; בײַם קרעמער האָב איך אַפֿילו יאָ קרעדיט, נאָר מקחים שטעלט ער מיר אײַזערנע; און איידער איך פֿאַרקויף אַ שטיקל אַרבעט, עס איך פֿריִער אויף דאָס געלט; דערצו קומען צו פֿאָרן די פֿרעמדע טאַנדעטניקעס און פֿירן אָן סחורה פֿון דער וועלט און לאָזן זי בחצי־חינם; גיי האַלט מלחמה מיט יענע מזיקים!

— פֿאַר וואָס זשע לוינט יענע מזיקים צו לייזן בחצי־חינם און אײַך ניט? — פֿרעג איך אים נאָך אַ מאָל.

— אַזאַ מעשה — ענטפֿערט מיר בענדיט־לייב — וואָס גלײַכט איר? איך בין עפּעס אַנדערש און זיי זענען ווידער עפּעס אַנדערש; איך בין אַליין דער בעל־מלאָכה, אַליין אַלצדינג, און זיי זענען אַ גאַנצע קאָמפּאַניע; בײַ זיי איז אַ מין פֿאַבריקע; זיי אַרבעטן, פֿאַרשטייט איר, אויפֿן טוץ.

— פֿאַר וואָס זשע זאָלט איר ניט זײַן קיין קאָמפּאַניע — פֿרעג איך אים ווידער — איר זענט דען בײַ אונדז איין שנײַדער אין שטאָט?

בײַ די ווערטער האָט בענדיט־לייב אויף מיר זייער אַ מאָדנעם קוק געטאָן, גלײַך ווי מײַנע רייד וואָלטן בײַ אים אויסגעקומען משונה ווילד. נאָכדעם האָט ער זיך, ווי עס ווײַזט אויס, אָנגעשטויסן וואָס איך מיין און אַ זאָג געטאָן: „אַ?! יד־אחת מיינט איר?" און האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: „וויס איך, נאַרישקייטן, חלומות!"

**הענעך דער שוסטער און די אַלע איבעריקע טענהן דאָס זעלביקע. —**

הענעך דער שוסטער איז נאָך אַ גרעסערער קבצן ווי בענדיט־לייב דער שנײַדער. ער באַקלאָגט זיך, ראשית־חכמה, אויף דער הײַנטיקער מאָדע; „עפּעס נאָר אַ רוח — זאָגט ער — ניט קיין מענטש האָט זי אויסגעטראַכט!" והשנית, אַז ער באַקומט שוין יאָ דאָס שטיקל אַרבעט, נעמט צו בײַ אים דאָס לעדער כּמעט אין גאַנצן דאָס פֿאַרדינסט, און ניט זעלטן טרעפֿט זיך אים, אַז ער עסט אויף דעם אַדערויף נאָך איידער ער קלײַבט זיך צו אין קלייט אַרײַן. פֿון

קיין אייגענער מאַשינע שמועסט מען ניט; אַז ער באַדאַרף אָפּשטעפּן אַ פּאָר „פּערעדאָקלעך", מוז ער אָנקומען צו יענעם און צאָלן במזומנים. דאָס גאַנצע דאַברע־מזל — זאָגט ער — גייט אַריין אינעם לאַק אַריין מיט די דראַטוועס, מיט די פּלעקלעך, מיט אַלע איבעריקע שאַלעמייזן; און נאָך אַלע זאַכן, אַז עס קומט צו עפּעס, פּאָרט זיך יעדער בעל־הבית אין דער „גובערניע" אַריין און ברענגט פון דאָרטן אַ פּאָר שיך, אַ סך וואָלוועלער ווי ער זאָל זיך געבן נייען דאָ אויפן אָרט.

— פאַר וואָס זשע קאָסט דאָרטן וועלוועלער? — טו איך אים אַ פרעג.

— פאַר וואָס? — ענטפערט מיר העניך דער שוסטער — ווייסט זיי דער שוואַרצער יאָר! עס איז ביי זיי דאָרטן גאָר אַנדערע מינהגים; ס'איז ביי זיי כמו ווי אַ פאַבריקע, מען אַרבעט ביי זיי דאָרטן אויפן טוץ.

— נו, און איר קאָנט דען ניט אויספירן דאָס אייגענע וואָס ביי זיי?

העניך דער שוסטער האָט מיר ניט געענטפערט דאָס צווייטע וואָרט; ער איז אַוועק פון מיר אַ ברוגזער, רעכענענדיק אַ פּנים אַז איך מאַך חוזק איבער אים.

דאָס אייגענע האָב איך געהאַט מיט זלמן דעם סטאָליער, מיט זימל דעם קאָוואַל, מיט בנימין דעם קירזשנער און מיט אַלע אַנדערע פאַרשידענע בעלי־מלאָכות אין שטאָט. זיי האָבן מיך אַלע אָנגעקוקט, ניט צו ענטפערן קיין וואָרט, און איך בין באַוואָרנט, אַז אונטער די אויגן האָבן זיי מיך געמאַכט אויסצודרייען, אַ תל־עולם, ווי „צעך" קאָן. „צעך" אַז ער וויל נאָר, קאָן ער אַריינעמען עמעצן אין מויל אַריין און מאַכן פון אים אַש.

**„צעך" לאָזט זיך צו צו מיר. — איך גיב אויף אַ פלאַן. —**

איין מאָל האָט זיך געטראָפן אַ מעשה: איך האָב מיך באַגעגנט מיט „צעך". אַ גאַנצע קאָמפּאַניע, אין וועלכער עס זענען געווען די אַלע, וואָס זענען אויס־געערעכנט אויבן; זיי זענען געגאַנגען פון אַן אַסיפה. ביי אַזאַ מין יום־טוב, גע־ווייגטלעך, ווערט דער טאָג ביים בעל־מלאָכה ממילא צעריבן, און אַז „דער צער פונעם טראָגן איז יאָ אַזוי גרויס", כאַפּט מען זיך שוין אַריין אין אַ „קלייזל" (אַ שענקל) און מען מאַכט „שהכל נהיה בדברו" מיט „בורא מיני מזונות". אַ באַקאַנטער פון לאַנג אָן און אַ גוט ברודערל, האָט מיך „צעך" אַריינגעלאַדן אַהין צו און דאָרטן, זיצנדיק מיט חברה אַרום טיש, האָט בענדיט־לייב געמאַכט אַ שמועס מיטן איבעריקן עולם מכּוח דעם וואָס איך האָב מיט זיי שוין עטלעכע מאָל גע־

טענהט. לכתחילה האָט מען מיך, ווי דער שטייגער איז, אַ ביסל אויסגעלאַכט: „די הײַנטיקע, ס'איז דיר גאָר קיין קאַטאָוועס ניט, באַלד עפּעס: פּאַבריקעס, האָ־האַ!..״ און נאָך דעם, ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז, איז מען געוואָרן ערנסטער, צוגעלייגט מוח און אויסגעהערט מיך מיט קאָפּ. און ווי גרויס איז געווען זייער ווונדער, דערהערנדיק פֿון מיר, אַז אין פֿיל גרויסע שטעט ביי אונדז און כמעט אין אַלע קליינע שטעטלעך אין אויסלאַנד זענען אַזעלכע „פּאַבריקעס״, דאָס הייסט קאָמפּאַניעס, שוין פֿאַראַן אומעטום.

— איר לאַכט, ברידער, און איך זאָג אײַך נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, אַז ס'איז גאָר אַ גרינגע זאַך, אַ סך גרינגער ווי איר מיינט. שטעלט אײַך פֿאָר, כדומה, אַז ר׳ בענדיט־לייב און נאָך אַ צוואַנציק־דרײַסיק שנײַדערס לייגן זיך צונויף און ווערן שותּפֿות.

— מיט וואָס? — כאַפּט זיך אַרויס איינער פֿון דער חבריה — מיטן דלות?

— ניין, טאַקע נאָר מיט די צען פֿינגער: זיי, ר׳ בענדיט־לייב מיין איך, זענען דער זאַקרוישטשיק, דער צושנײַדער; חיים־אליה איז אַ גוטער נייער, ישעיה־בער איז בײַ דער מאַשינע; צדוק־וועלוול שטעפּט אויס לעכלעך און קאָפּל איז ניט קליין צו זיצן נאָר אויף קנעפּלעך צוצונייען...

— קנעפּלעך צונייען? אויך מיר אַן אַרבעט!

— זאָלט איר טאַקע וויסן, אַז ס'איז אַן אַרבעט, אַ ספּעציאַלנאָסט. אין אויס־לאַנד איז פֿאַראַן דערויף באַזונדערע בעלי־מלאָכות, וואָס טוען נישט קיין זאַך, נאָר זיי נייען צו קנעפּלעך, און ס'איז אַ סברה, אַז אַזאַ מין קנעפּל־צונייער קאָן פֿאַרדינען פּאַוואָלינקע אַ קערבל אַ טאָג. איינער שטייט און פּרעסט די אַרבעט, און איינער...

— נו־נו, לאָז זײַן הײַנטיקס יאָר אַזוי! — שלאָגט מען מיך איבער אין מיטן — וואָס וועט מען אָבער טאָן מיט אַזוי פֿיל אַרבעטערס?

— לאָזט זשע זיך דינען! — און איינער פּרעסט די אַרבעט, און איינער טראָגט אַרויס די אַרבעט אין מאַרק; זענט איר דערמיט מתקן אַ סך זאַכן: ראשית האָט איר אַלע אַרבעט און זיצט ניט ליידיק; שנית, וועט די אַרבעט געוויס אַרויסקומען געצייכנט גוט, מחמת איטלעכער וועט טאָן זײַן פֿאַך, צו וועלכן ער איז מער מסוגל; מיט אַזאַ מין אַרבעט קאָנט איר שוין קאָנקורירן מיט יענע „מזיקים״, וואָס שלאָגן אײַך אָפּ דעם פּלאַץ. אײַך וועט שוין לוינען צו לאָזן וואָלוועלער און דערמיט וועט איר די דאָזיקע מזיקים פֿאַרטרײַבן ווו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט. הײַנט פֿאַרגעסט ניט דאָס אויך, אַז דער קרעמער

וועט אײַך שוין ניט באַרײַסן, ווי ביז אַהער; ער וועט שוין האָבן פֿאַר אײַך דאָס בײַניעריקע, וואָרעם אַז ניט וועט איר קאָנען אַליין ווערן סוחרים און אַראָפּברענגען סחורה צו דער אַרבעט גלײַך פֿונעם אָרט. דאָס אייגענע איז מיט אײַך אויך, ר' הענעך. גלייבט מיר, ווען איר מאַכט שותּפֿות מיט אַלע איבע־ריקע שוסטערס פֿון שטאָט (איך זאָג דאָס נאָר כּדומה־למשל), אַזוי אַז דער זאָל זײַן דער זאַקרוישטשיק, דער זאָל נייען, דער זאָל שלאָגן פֿלעקלעך, דער זאָל לאַקירן, דער זאָל אַרויסטראָגן די אַרבעט פֿאַרקויפֿן וכדומה, וועט איר זען אַז יענע אַלע מיט זייערע פֿאַבריקעס וועלן האָבן אַ פּנים קעגן אײַך, ווי איר קעגן זיי אַצינד, וואָרעם זיי קומען צו פֿאָרן פֿון דאָרטן אַהער און לייגן הוצאות, און איר זענט דאָ אויפֿן אָרט, און אַז איר וועט האָבן אַרבעט גאָר אַ סך, וועט איר שוין מעגן אַרויספֿירן אײַער שוכוואַרג אין דער גובערניע אַרײַן. וואָס איז? עס שטייט אײַך ניט אָן? איר מיינט יענע זענען מלאָכים? זיי זענען פּונקט די אייגענע שוסטערס וואָס איר און אַרבעטן גלײַך ווי איר מיט די הענט, ניט מיט שמות, נאָר וואָס זשע דען? זיי זענען קליגער פֿון אײַך. —

## מײַן פּלאַן געפֿעלט. — „צעך" פֿרעגט קשיות. —

— הערט איר, חברה, כ'לעבן, ער רעדט דאָך צו דער זאַך! — רופֿט זיך אָפּ בענדיט־לייב, — נאָר זאָגט מיר, איך בעט אײַך, יונגער־מאַן, ווי אַזוי קלויבט מען דאָס צונויף אַ גאַנצע שטאָט מיט בעלי־מלאָכות און ווו נעמט מען געלט אויף דער ערשטער צײַט? מען קאָן דאָך די ציין אויף די באַנטענעס ניט פֿאַרוואַרפֿן ביז עס וועט עפּעס אַ מאָל זײַן! הײַנט וועל איך אײַך פֿרעגן נאָך אַ זאַך...

— כאַפּט זשע ניט! לאָם איך אײַך פֿריִער ענטפֿערן אויף איינס, נאָכדעם וועלן מיר גיין ווײַטער. איר פֿרעגט, ווי אַזוי נעמט מען צונויף אָן עין־הרע אַזוי פֿיל אַרבעטערס? מען באַדאַרף גאָר ניט לכתּחילה דווקא אַלע מיט אַ מאָל; אָט פּרוּווט נאָר, לאָזן צען בעלי־מלאָכות מאַכן שותּפֿות, וועט איר זען אַז די אַלע איבעריקע וועלן זיך שוין אַליין בעטן. מיר דאַכט, אַז ס'איז אַ סך גלײַכער צו האָבן אַ פֿאַרזאָרגט שטיקל ברויט איידער לויפֿן איבער דער שטאָט זוכן, נישטערן נאָך אַ שטיקל אַרבעט און אָפּזיצן אַ מאָל אַ גאַנצע וואָך און חלילה שוואַלן פֿאַר הונגער.

— ווי אַזוי זשע וועט דאָס זײַן אַ פֿאַרזאָרגט שטיקל ברויט?

— גאַנץ פּשוט; אַזוי ווי עס איז בײַ אײַך אַ שותּפֿות, לכן זענען אַלע הכנסות

מיט אַלע הוצאות אויך בשותפות. געוויינטלעך, יעדער נאָך זיין אַרט מלאָכה; עס פֿאַרשטייט זיך אַז ר׳ בענדיט־לייב דער זאַקרוישטשיק באַדאַרף נעמען אַ גרעסערן חלק פֿון קאָפּל דעם קנעפּל־צונייער, און ר׳ הענעכן קומט על־פּי שׂכל און על־פּי יושר מער ווי די פּלעקל־זעצערס; וואָס פֿאַרשטייט מען דאָ ניט? מיט דער הוצאה מאַכט מען אַזוי: מען גיט אַרויס אַלע דאַנערשטיק למשל יעדער בעל־מלאָכה זיין חלק, כמו אַ מין געהאַלט, און דאָס איבעריקע בלייבט ליגן אין דער קאַראָבקע.

— צו וואָס? למאַי?

— בכדי עס זאָל זיין אַ באַשטענדיקער פֿאָנד, איר פֿאַרשטייט? אַ קרן־קיימת אויף תּמיד, אַז טאָמער מאַכט זיך, חלילה וחס, ר׳ בענדיט־לייב ווערט אַ קאַליקע אויף דער עלטער, אָדער די שעה זאָל גאָר ניט זיין, זיי שטאַרבן אַוועק און לאָזן איבער ניט דאָ געדאַכט אַן אלמנה מיט פּיצלעך קינדער יתומים, — ווער וועט זיי אויסהאַלטן? ווידער קהל? ווידער „לחם־אביונים״־געלט? ווייטער קיצבה? אָנקומען צו די נגידים? אָט דאָס איז אַ תּכלית?

— האָרכט איר, יידן, דער יונגער־מאַן איז דאָך טאַקע עפּעס גאָר, ווי זאָגט ער... לאָז מען געבן נאָך אַ פּלעשל בראָנפֿן מיט פֿאַרבייסן! — אַזוי זאָגט „צעך״ און מען רוקט זיך צו צו מיר נאָך נענטער.

### דאָס בעל־מלאָכהשע שותּפות. — דער חילוק צווישן יהושע־העשלס פּאַדריאַד און צווישן דעם בעל־מלאָכהשן פּאַדריאַד. —

— און די אַנדערע קשיא וואָס איר פֿרעגט, ווו נעמט מען געלט אויף דער התחלה, איז טאַקע אַ שטיקל שאלה, נאָר מען קאָן זי באַלד פֿאַרענטפֿערן אין צוויי ווערטער.

— שלושה דיבורים, צוויי ווערטער — שלאָגט מיר איינער איבער; האָרכט יידן!

— אָט אַזוי ווי איר זענט, צווישן אונדז רעדנדיק, באַקבצנט, קאָנט איר נאָך אָפּרייסן, איטלעכער באַזונדער, עטלעכע קאָפּיקעס אַ וואָך, כּדומה־למשל, לאָז זיך אייך דאַכטן, איר וואַרפֿט אין פּושקע; פֿינף־זעקס קערבלעך דורכן יאָר קאָן איטלעכער קבצן אָפּרייסן. למשל, איר זענט הונדערט שניידערס אין שטאָט מיט פֿופֿציק שוסטערס, מיט צוואַנציק קירזשנערס, האָט איר שוין איבער אַ יאָר העכער טויזנט קערבלעך. אויף דער ערשטער צייט איז דאָס איבער גענוג.

— סטײַטש! הײַנט עפּעס אַ דירה פֿאַר הונדערט סעמײסטוועס! אויסהאַלטן אַזאַ פֿאַדריאַד! אַ פֿאַבריקע אַ גאַנצע! עפּעס אַ ווערטעלע אויסצורעדן?

— חס־ושלום! וואָס פֿאַר אַ דירה? ווער רעדט פֿון אַ פֿאַבריקע? בשותּפֿות מײנט מען — עס זאָל בײַ אײַך זײַן אײן דעה, ניט דווקא אײן שיסל; אײן בײַטל, נאָר ניט אײן דאַך; איטלעכער קאָן זיך אַרבעטן בײַ זיך אין דער הײם דאָס וואָס מען וועט אים אַרויסגעבן אויף דער האַנט. אײַער שותּפֿות איז אַ מין פֿאַדריאַד, אָט ווי למשל ווי בײַ יהושע־העשל דעם פֿאַדריאַטשיק; נאָר אײַער פֿאַדריאַד איז ניט גלײַך צום פֿאַדריאַד פֿון מצות באַקן; הויזן מיט שטיוול זענען ניט קײן מצות; ר׳ בענדיט־לײב, זאָלן מאריך ימים זײַן, מעגן, נישקשה, צושנײַדן עטלעכע פֿאַר הויזן בײַ זיך אין דער הײם; לײזער־יענקל קאָן זײ נאָך דעם שטעפּן אויף דער מאַשינע בײַ זיך אין דער הײם, און קאָפּלען וועט דער רוח ניט נעמען, אַז ער וועט נעמען אַ צען פֿאַר הויזן מיט אַ מאָל צו זיך אַהײם און דאָרט אײַנגײען די קנעפּלעך. איר פֿאַרשטײט? — אײַער פֿאַדריאַד — איז די גאַנצע שטאָט און איר אַלע — די פֿאַדריאַטשיקעס; איר צעטײלט די אַרבעט צווישן זיך; אַזוי ווי יהושע־העשל דער פֿאַדריאַטשיק בײַ די מצות באַקן; דער וואָס שיט מעל דער קאָן ניט זײַן קײן קאַטשער; דער רעגלער טויג ניט צום שיבן, דער שיבער איז ניט קײן רעגלער און אַזוי ווײַטער; דער חילוק צווישן אײַך און צווישן יהושע־העשל פֿאַדריאַטשיק איז, וואָס ער האַלט דעם פֿאַדריאַד נאָר צוויי־דרײַ וואָכן אין יאָר, און איר זענט פֿאַדריאַטשיקעס אַ גאַנץ יאָר; דאָס איז נומער אײנס. נאָך אײן אונטערשייד איז פֿאַראַן צווישן אים און צווישן אײַך: ער איז אַ פֿאַבריקאַנט, אַ פּריץ בײַ זיך אין געשעפֿט, אײנער אויפֿן יריד הײסט דאָס, און זײ אַלע זענען זײַנע אַרבעטערס, וואָס נעמען געצאָלטס, — און איר זענט אַלע גלײַך; איר זענט אַלע אי די אדונים אי די אַרבעטערס; בקיצור, איר זענט ניט קײן פֿאַבריקע, נאָר אַ שותּפֿות. מײנט ניט אַז איר זענט די ערשטע און ס׳איז חלילה אַ נײַעס אויף דער וועלט; אַזעלכע שותּפֿותן זענען פֿאַראַנען אויף דער גרויסער וועלט געװנוג, און אויך בײַ אונדז, אין רוסלאַנד, געפֿינען זיך גאַנצע דערפֿער וואָס אַרבעטן אַלע בשותּפֿות; בײַ דער וועלט הײסט דאָס אַסאָציאַציע, בײַ אונדז אין רוסלאַנד ווערט דאָס אָנגערופֿן אַרטעל.

**עס לאָזט זיך אויס אַ טײַך. — „צעך" בלאָזט זיך אויף מיר. — עטלעכע וואַרעמע ווערטער צו אונדזערע שרײַבערס און אַ סוף. —**

אין אַ ציַיט אַרום האָב איך מיך באַגעגנט מיט בענדיט־לייב דעם שנײַדער.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס? — האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן.

— עט! — האָט ער מיר געענטפֿערט און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — מיט אַ ייִדן ווילט איר עפּעס אויספֿירן! — און איז אַוועקגעגאַנגען וויַיטער. — און הענעך דער שוסטער, אַז איך האָב אַ פֿרעג געטאָן וואָס הערט זיך עפּעס? האָט ער מיר נישט געענטפֿערט גאָרנישט, נאָר אַזוי אַ קנייטש געטאָן מיט די פּלייצעס און געקוקט אויף מיר ברחמנות, ווי אַ מענטש וואָס איז פֿאַרטיק אויף אַלץ, נאָר אַבי מען זאָל אים צולערנען, אים וויַיזן ווי אַזוי, צוהעלפֿן, אונטערשטופּן... און דער גאַנצער איבעריקער „צעך" האָט זיך אויף מיר ווי געבלאָזן, געקוקט קאָסע, גלײַך ווי איך וואָלט מיט עפּעס געווען חייב קעגן אים.

* *
*

עס פֿאַרשטייט זיך שוין ממילא, אַז איך האָב דאָ אָנגערירט דעם דאָזיקן באמת זייער וויכטיקן ענין עטוואָס פֿון אויבן אויף, בכדי ער זאָל ניט זיַין גאָר אין גאַנצן פֿרעמד פֿאַר אונדזער עולם. שרײַבן וועגן דעם איז פֿאַראַן אַ סך, זייער אַ סך, און מען דאַרף דערצו ספּעציאַליסטן, מענטשן וואָס זענען גוט באַקאַנט מיט „הלכות עקאָנאָמיע". עס וואָלט געווען אַ גרויסער יושר אַז אונדזערע ייִדישע שרײַבערס, וואָס אויף זייער מזל איז אויסגעפֿאַלן צו זײַן לערערס פֿאַרן פֿאָלק, זאָלן זיך נעמען צו דער שאלה, זי דורכלערנען ווי עס דאַרף צו זײַן, ניט פֿאַרגעסן אַז אין דעם ליגט אַ גליק כמעט פֿאַר אַ גרויסע צאָל ייִדישע רעמעס־לעניקעס, אָרעמע־לײַט נעבעך, וואָס פֿאַלן פֿראָסט מיטן פּנים צו דער ערד אין דער לעצטער ציַיט, ביַי הײַנטיקע ביטערע יאָרן! איבערהויפּט אונדזערע גע־לערנטע, די אמתע משׂכּילים באַדאַרפֿן זיך נעמען צו דעם מיט חשק און מיט ליבשאַפֿט, גוט באַקלערן די זאַך און שרײַבן וועגן דעם אויף אונדזער פֿאָלקס־שפּראַך; ניט צו פֿאַרגעסן אַז דער בעל־מלאָכה קאָן אַליין גאָרניט טאָן: ער באַדאַרף האָבן, אַז דער העכערער, דער געבילדעטער קלאַס זאָל אים מיטהעלפֿן, זאָל אים אָנוויַיזן וואָס צו טאָן און ווי אַזוי צו טאָן. געלערנטע האָבן מיר אַ סך, משׂכּילים — נאָך מער; נאָר עפּעס הערט מען ניט ביַי אונדז, אַז לײַטישע

מענטשן זאָלן זיך אַוועקזעצן לערנען אַזעלכע זאַכן; עפּעס איז מען זיך מפּלפּל אין הויכע ענינים, אין הימלזאַכן, און אַז איינער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד גאַנץ נידעריק, ווערט צווישן די שרײַבערס די אַריסטאָקראַטן אַ סומאַטאָכע: „אַהאַ, די שוסטערגאַס!..״ אונדזערע אַריסטאָקראַטן פֿאַרגעסן, אַז אַן אמתער משׂכּיל הייסט דער, וואָס קאָן זיך אַראָפּלאָזן צום פֿאָלק און אויסלערנען אַלע זײַנע באַדערפֿענישן, דאָס לעבן זײַנס, מיט אַלץ וואָס אים פֿעלט און וואָס אים נוצלעך איז.

אַ באַקאַנטער

מאַזעפּעווקע, אויגוסט 1889

# סטאַנציע מאַזעפּעווקע!

— סטאַנציע מאַזעפּעווקע, 40 מינוט!..

אַזוי האָט אויסגערופֿן דער קאָנדוקטאָר און פֿונעם מאַזעפּעווקער וואָקזאַל האָבן זיך אַ שאָט געטאָן ייִנגלעך, ווײַבלעך און מיידלעך, — באַקאַנטע פֿאַרשוינען — מיט אַלערליי פּנימער צווישן זיי: ייִדן צעטראָגענע, ווײַבער מעוברתע, מאַמזעלן געבילדעטע, מיט הענטשקעלעך, זאָנטיקלעך, פֿײַעריקע אייגעלעך, און יונגע־לײַטלעך פֿאַרשידענע: יונגע־לײַטלעך מיט שטעקעלעך, וואָס זיצן אויף קעסט, און אַזעלכע וואָס בישטערן, זוכן געשעפֿט, און אַזעלכע וואָס גיבן געלט אויף פּראָצענט, און אַזעלכע וואָס נעזער איז זייער געווער — ייִדישע נעזער! — און אַזעלכע וואָס לייענען ביכלעך און צײַטונגען, מאַכן אַסיפֿות, שרײַבן אין „מליץ" אַרײַן, פֿײַנע יונגע־לײַט. אויך שיינע ייִדן, ייִדן מיט בערד, בעלי־בתּים געזעצטע, די פֿירערס פֿון שטאָט, און אויך געפֿאַלענע, שוין לאַנג פֿאַרגעסענע, הושענאס, אָן בלעטלעך, פֿאַראַיאָריקע לוחות, געוועזענע מיוחסים, פֿאַרצײַטיקע נגידים, איבעריקע נפֿשות, וואָס דרייען זיך, פּלאָנטערן זיך און טאַנצן אין קאָן... איך בין נאָר אַרויס פֿונעם וואַגאָן, איז געוואָרן פֿריילעך אַרום מיר; חברה האָבן מיך באַפֿאַלן, פֿאַרוואָרפֿן מיט שאלות:

— עליכם־שלום, רב שלום־עליכם. אַ גאַסט, אַ גאַסט! וואָס זשע מאַכט איר, וואָס מאַכן אײַערע ווײַב און קינדערלעך? וואָס הערט זיך עפּעס נײַעס? פֿון וואַנען פֿאָרט איר און ווי קומט איר אַהער? און וואָס עפּעס מיטן „הויזפֿרײַנד", מיט ספּעקטאָרן גאָר? שוין זיך איבערגעבעטן? און ווער וועמען פֿריִער: ער אײַך צי איר אים? און וואָס האָרכט זיך עפּעס מיט דער „ביבליאָטעקע"? וואָס הערט זיך, ווען וועט זי זײַן? צי אפֿשר איז בײַ אײַך שותּפֿות? און ווי אַזוי וועט זײַן הײַנט? און...

*

— ששששאַ, שאַט, רבותים! לאָזט זיך דינען, אײַנציקוויַיז, איך בין דאָך ניט אומשטאַנד צו ענטפֿערן איטלעכן מיט אַ מאָל. אַ ביסעלע געדולד — וועל איך

אייַך אַלע באַפרידיקן אי"ה, אַלעס פאַרענטפערן אַרום און אַרום. וואָס איך מאַך — אויף אַלע אייַערע שונאים געזאָגט געוואָרן; עס קאָן נאָר בעסער זייַן, ערגער האָט קיין שיעור. פון וואַנען איך פאָר? — פון כמעלניצק, רבותים, פונעם גרויסן יאַריד, אַך איז מיר... גנבו אַ יאַריד, קיין רעכטער ייִד זאָל אים ניט קענען! ס'איז אַ טומל, מען יאָגט, מען לויפט, מען ברעכט זיך רוק־און־לענד: הייַנט דער, מאָרגן יענער; דער פאַלט, דער שטייט אויף. ייִדן פלוטעווען, דרייען די וועלט! לייַט גייען פאַרבייַ, שטעלן זיך אַוועק, באַטראַכטן פון דער ווייַטן דעם געפילדער, שאָקלען מיט די קעפּ, ווי איינער רעדט: „אַט וועמען עס לעבט זיך אויף דער וועלט! אַט ווער עס שאַרט געלט! אַט וואָהין אונדזער גאַנץ דאַברע־מזל קומט אַהין!..." אויך מיר אַ לעבן, מישטיינס געזאָגט. ווער ס'איז זיי מקנא, מעג קיין בעסערס ניט האָבן! נאָר ווער איז שולדיק, ווען ניט ייִדן אַליין? „פולדערט ניט, טראַסקעט ניט אַזוי! — שרייַ איך, — אין גאָטעס ווילן, לאָז מיט אייַך ניט זייַן פול די וועלט! האָט אייַך אַכציק גוטע יאָר, איר רייַסט דאָך די אויגן מיט אייַער קנאַקן וואָס איר קנאַקט, און מיט אייַער אויפפירן זיך און מיט אייַערע געננג!..." נאָר גיי טענה מיט אַ ייִדן. אַ ייִד, אַז ער דערטאַפּט אַ קערבל, פאַרלעבט ער צוויי; און אַז ער פאַרדינט צוויי, ברענגט ער אויס דרייַ, און אַז ער כאַפּט שוין אַלע דרייַ, שרייַט ער דרייַסיק, טוט אָן דאָס פיזמענע טולופּל, ציט אַרויף אויף זיך און אויפן ווייַב דעם רוח און בלאָזט פון זיך: תרבות! דרך־ארץ! עפּעס אַ ווערטעלע רב האַצעלע?! רב האַצעלע איז הייַנט אין די פעדערן, גאָר בגילופין. רב האַצעלע קנאַקט, רב האַצעלע פייַפט, אַזוי לאַנג אַזוי ברייט, ביז...! ער פייפט אָן, פאַרקויפט דאָס פיזעמענע טולופל, נעמט דאָס שטעקעלע אין דער האַנט און גייט אַרויס פונעם יאַריד. און אויפן יאַריד קנאַקט שוין אַן אַנדערער. אַן אַנדערער טראָגט שוין רב האַצעלעס פיזמענע טולופל און טראַסקעט און פייַפט.

„פייַף, פייַף! — קלערט זיך האַצעלע — הייַנט איז דייַנע זיבן יאָר; פייַף, פייַף, וועסט אויך אָנפייַפן אם־ירצה־השם מיט גאָטעס הילף!..." און אַזוי גייט דאָס בייַ אונדז פון דור צו דור: ייִדן טראַסקען, ייִדן קנאַקן, ייִדן פייַפן... און לייַט גייען פאַרבייַ, שטעלן זיך אָפּ, באַטראַכטן פון דער ווייַטן דעם געפילדער, שאָקלען מיט די קעפּ, ווי איינער רעדט: „אַט וועמען עס לעבט זיך אויף דער וועלט! אַט ווער עס שאַרט געלט! אַט וואָהין אונדזער גאַנצער דאַברע־מזל קומט אַהין!.."

*

איר פֿרעגט דאָך מיך, ווי קום איך אַהער? — מיטן אײַזנבאַן, ענטפֿער איך אײַך, מיטן אײַזנבאַן. איך האָב דערהערט אַז עס גייט אַהער די אײַזנבאַן, און מאַזעפּעווקע איז צו מזל אַ „סטאַנציע", האָט זיך מיר פֿאַרוואָלט אַ קוק טאָן וואָס טוט זיך דאָ בײַ אײַך? וואָס מאַכן מײַנע ברידער? ווי גייט עס אײַך אַצינד און ווי אַזוי פֿירט איר זיך אויף בזמן הזה? אַ ווערטעלע אויסצורעדן — אַ שטאָט מיט אַן אײַזנבאַן? פּרנסה האָט איר דאָך מסתמא מיטן פֿולן מויל, שמועסט מען ניט, און די מנהיגים בײַ אײַך אַצינד, געוויינטלעך, און ניט די וואָס אַ מאָל? אויס אינטריגעס, אויס פּעטש אין בית־מדרש, אויס נצחון פֿאַר גבאות, פֿאַר עליות? אויס קאָנקורענציע, אויס רדיפֿות און מסירות, דאָנאָסן, פֿע? און די בעלי־טובות, כאַדאַטאַיעס און כּל־בוניקעס? נישטאָ זיי שוין, די שיינע לײַט?... נאָר עפּעס שווײַגט איר מיר צו. איך האָב מורא, עפּעס שמאָרעט איר מיט די נעז, אַ? איך קען אײַך, ברידער, אוי קען איך אײַך! איך זע, עס קוועטשט אײַך עפּעס אינעווייניק, אַ ביין אין האַלדז, ניט אַראָפּצושלינגען, ניט אַרויסצושפּײַען, ווי זאָגט מען, שנײַץ די נאָז און שמיר דאָס פּנים... נו־נו, איך שווײַג, איך שווײַג, כאַטאַ פּאָקרישקע, איך שווײַג!..

*

איר פֿרעגט: וואָס עפּעס מיטן „הויזפֿרײַנד" גאָר, מיט ספּעקטאָרן? ענטפֿער איך אײַך: פֿאַר וואָס דען ניט? פֿאַר וואָס ניט מיטן „הויזפֿרײַנד"? פֿאַר וואָס ניט מיט ספּעקטאָרן? איך פֿאַרשטיי אײַך, ברידער: בראָש איז בײַ אײַך אַלצדינג אַ קאָנקורענציע, אַ לויפּעניש איינער איבערן אַנדערן, אַ כאַפּעניש פֿון די הענט, אַ רײַסעניש פֿונעם מויל, — עס חלומט זיך אײַך אומעטום קאָנקורענציע! צוויי יידישע רעדאַקטאָרן, אַרויסגעבערס, זענען בײַ אײַך צוויי קרעמערס, און צוויי יידישע זשורנאַלן זענען בײַ אײַך צוויי קלייטלעך, שרײַבן הייסט בײַ אײַך אַ געשעפֿט און די ליטעראַטור איז בײַ אײַך אַ פּרנסה. אָך און וויי איז צו דער יידישער ליטעראַטור, דער פּרנסה, און ווונד און וויי איז צום יידישן ליטעראַטאָר, וואָס איז זיך מפֿרנס מיט דער פּען, ציט פֿון איר, ווי דער ליטוואַק דריקט זיך אויס, דאָס שטיקעלע חיונה? בײַ לײַטן אַ שרײַבער לעבט אָפּ זײַן וועלט, ווייסט קיין אַנדער מלאָכה, חוץ דאָס שרײַבן, האָט כּבוד בײַ זײַן לעבן און נאָך זײַן טויט, און אַז ער איז אַ רעכטער שרײַבער, פֿאַרדינט ער זיך אי אַ נאָמען, אי געלט, אַ מאָנומענט, און אַלע זענען אים מקנא, יעדער

ווינטשט זיך זײַן אויף זײַן אָרט; און בײַ אונדז, מישטיינס געזאָגט, אַ מחבר איז ניט קליין, בישקשה, צו גיין איבער די הײַזער, אַבי ער קאָן, כּל־זמן די פּיס דינען אים... און אויף דער עלטער, אַז ער בלײַבט אָן כּוח, זעען שוין אַנדערע מען זאָל אים מאַכן אַ נדבה; מען רופֿט דעמאָלט אויס אין אַלע שולן, אַז דער און דער שרײַבער שטאַרבט פֿון הונגער!.. וואָס זשע איז דער חידוש, אַז בײַ אונדז אַ שרײַבער שעמט זיך מיט זײַן מלאָכה צווישן לײַטן? דערפֿאַר זענען מייניסטן טייל אונדזערע מחברים — אָדער סוחרים, אָדער מלמדים, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דער ליטעראַטור נאָר צווישן טאָג און נאַכט — מיט איין וואָרט, אַ ייִדישער שרײַבער — דאָס איז

אַ מנחם־מענדל,
וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט האַנדל,
און אַז ער זעט ניט דאָס ווײַב,
טוט ער אַ שרײַב.

*

שוין זיך איבערגעבעטן? — פֿרעגט איר — און איר ווילט נאָך וויסן דאָס אויך: ווער ווען פֿריִער? צי ער מיך, צי איך אים? יאָ, ברידער, איך ווייס, איר זענט זייער, זייער נײַגעריק! בײַ אײַך איז דאָס דער גאַנצער עיקר, דאָס איז בײַ אײַך טײַערער פֿונעם גאַנצן פּעליעטאָן און אַפֿילו פֿונעם גאַנצן „הויזפֿרײַנד" מיט דער „ביבליאָטעקע" אין איינעם. אינטריגעס דאָס איז בײַ אײַך דאָס חיות, פֿײַגן הייסט בײַ אײַך פּאָלעמיקע, פּעטש הייסט בײַ אײַך קריטיקע, און אַז צוויי ייִדישע מחברים אַמפּערן זיך, קאָנען זיך ניט אויסגלײַכן, שטייט איר פֿון דער ווײַטנס און קוועלט. אַז דער „מליץ" מיטן „צפֿירה" ווערטלען זיך, קלויבט איר נחת: „אוי, זאָגט איר, האָט ער אים אײַנגעטיילט! אוי, זאָגט איר, האָט ער אים באַגראָבן!" אַז איינער שרײַט מיט אַ גוואַלד: פּאַלעסטינאַ! און דער אַנדערער שרײַט: אַרגענטינאַ! ווילט איר דען אַרײַנקלערן אין תּוך אַרײַן, למאי זאָלן מיר זיך נאַרן? ניין! איר שטייט זיך פֿון דער ווײַטנס און זאָגט: „אַ גוט־גוט, אָט אַזוי, אָט אַזוי, אָט דאָס הייסט געריבן אַ מאָרדע! אָט דאָס הייסט פּעטש!" אַ סך האָט איר אַרויסבאַוויזן, אַז פּאַלעסטינע איז בײַ אײַך טײַערער פֿון אַרגענטינע? אַ סך איז בײַ אײַך אַרײַנגעפֿאַלן אין מאַזעפּעווקע הײַנטיקס יאָר אויף ייִשוב ארץ־ישׂראל? איך מיין געלט, ניט קיין ווערטער, ניט

קיין לידלעך; דאָס האָבן מיר געהערט אַ סך; געלט מיין איך!!! נאָר איר שווייַגט? שווייַגט זשע טאַקע!

*

און „וואָס האָרכט זיך עפּעס מיט דער ביבליאָטעקע” ווילט איר וויסן? ווען וועט זי זייַן? איך זע, איר עקט זיך, ממש עס גייט אייַך אויס דאָס חיות, אַ ביטערער רחמנות אויף אייַך, כ׳לעבן! איך באַקום דאָך פון אייַך בריוולעך אַלע טאָג, ווו איר בעט זיך רחמים, ווי ביי אַ גזלן: „גוואַלד, שלום־עליכמניו, האַר־צעניו, ליובעניו! האָט רחמנות אויף אייַערע מאַזעפּעווקער יידלעך און באַווי־ליקט זיי שוין אין גיכן מיט אייַער ליבער, טייַערער מתנה, די „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק”, אויף וועלכער מיר קוקן שוין אַרויס, ווי אויף משיחן, און אָן וועלכער מיר קאָנען זיך ניט באַגיין! צו וואָס טויג אונדז דאָס לעבן, אַז מיר האָבן נאָך ניט דעם דריטן טאָם פון אייַער „ביבליאָטעקע”? פאַר וואָס זאָלט איר זיך ניט דערבאַרעמען, עס שטייט פאַר אייַך קיין עין־הרע אַזאַ עדה יידן, וואָס צאַפּלען, חלשן, טאַטעניו האַרצעדיקער, געטרייַער! אין וואָס גייט דען דאָרט ביי אייַך, וואָס איר ציט אונדז אַזוי לאַנג (שוין קרוב צו דריי יאָר) ביי דער נשמה? אפשר אין „יענער מעשה”? אפשר פעלט אייַך די ממתקים? איי פע, שלום־עליכם־לעבן, ווער שמועסט פון געלט? געלט שפּילט דען אויך עפּעס אַ ראָלע ביי אונדז? הונדערט, צי טויזנט, צי צוויי טויזנט? וואָס פאַר אַ ווערט אַ שטייגער האָט ביי אונדז, אין מאַזעפּעווקע, פרעגן מיר אייַך, טויזנט צי צוויי טויזנט? אָט איז ביי אונדז יענע וואָך געוועזן אַן אַסיפה מכוח צעדערבוימען עליו־השלום, ווי אַזוי מען זאָל זייַן נאָמען באַוואָרענען אויף אייביק און אייביק, האָט איינער פאָרגעלייגט מען זאָל באַלד מאַכן גבאים מיט „טשלענעס”, וואָס זאָלן צונויפנעמען לכל־הפּחות דריי טויזנט קערבלעך אויף אַ סטיפּענדיע, דער אַנדערער האָט פאָרגעגעבן, מען זאָל מאַכן געלט און קויפן אַ נייַע קאָלאָניע אין ארץ־ישראל מיט דעם נאָמען „ארז”. דער דריטער איז געפאַלן אויף אַ שענערער המצאה: מען זאָל טאַקע דאָ אין מאַזעפּעווקע אַרויסגעבן אַן יידישן זשורנאַל מיט דעם נאָמען „צעדערבוים”, דעם זשורנאַל זאָל מען טיילן אומזיסט און דאָס געלט זאָל גיין אויף ארץ־ישראל... און נאָך איינער האָט געדרונגען טאַקע נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע ווידער צוריק, אַז אַ זשורנאַל טויג ניט, בעסער אַ בלאַט, און נאָך איינער האָט געזאָגט, אַז...

*

שלום־עליכם

— גענוג, ברידערלעך, גענוג! עס איז, כ'לעבן, שוין ניט אויסצוהאַלטן פֿון אײַך! די צײַט שטייט ניט, די 40 מינוט זענען אַוועק, מען קלינגט שוין, מען דאַרף פֿאָרן ווײַטער. זײַט געזונט און גליקלעך, גיב גאָט צו האָרכן איינס פֿונעם אַנדערן בשׂורות טובות. האָט קיין פֿאַראיבל ניט, וואָס כ'האָב אײַך דאָ געזאָגט אַ ביסל דעם אמת, אם־ירצה־השם אָט באַלד אין דער „פֿאָלקס־ביבליאָטעק" וועלן מיר איבערשמועסן מכּוח אַלצדינג באריכות, גיב גאָט מיט פֿריילעכע הערצער און גוטע צײַטן אָמן!

קיִעוו, דעצעמבער 1893

שלום־עליכם

P. S. שאַט, רבותים, עיקר־שכחתּי! איר פֿרעגט דאָך מיך אויף מײַן ווײַב און קינדער, וואָס זיי מאַכן און וואָס האָרכט זיך מיט זיי? — זיי זענען אַלע ברוך־השם אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע ניט ערגער פֿון אײַך צו הערן. און ווײַטער, וואָס זאָל זיך מיט זיי האָרכן? מײַן עלטערע טאָכטער איז אַוודאי זייער אַ געראָטן קינד, נאָר פֿון אַ שידוך מיט איר בין איך נאָך גאַנץ ווײַט, אי״ה אַז עס וועט קומען די צײַט, וועט מען אײַך געוויינטלעך אַ ידיעה געבן... און מיט מײַן ווײַב זאָל לעבן קערט איר זיך אַוודאי גאָר ניט אָן, כאָטש אַפֿילו דער מינהג איז ניט אַזוי; נאָר גאָרניט, איך פֿאַרהאָף, אַז איר וועט דאָס מיר מוחל זײַן און וועט צו מיר קיין טענות דערפֿאַר ניט האָבן... גריסט איטלעכן באַזונדער גאָר פֿרײַנדלעך!

ממני שלום־עליכם

P. S. P. S. גם הגה זײַט וויסן, אַז אויסער די „פֿאָלקס־ביבליאָטעק" האָב איך בדעה אַרויסצוגעבן פֿאַרן פֿאָלק קליינע, גאַנץ ביליקע מעשׂה־ביכלעך אין אונדזער פֿאָלקסשפּראַך, אויף דעם אופֿן ווי עס גיבן זיך אַרויס די העברעיִשע ביכלעך אין וואַרשע פֿון בן־אַביגדור. „ווי אַזוי וועלן זיי הייסן? צי מיינט איר זיי אַרויסגעבן אין איינעם מיט ספּעקטאָרן, צי אַליין? און ווען וועלן זיי אַרויס? און ווער וועט דאָרט שרײַבן? וויפֿל וועט איר צאָלן? און וואָס וועלן זיי קאָסטן?..." האָט צײַט, רבותים, קוועטשט מיך ניט, וואַרט צו אַ ווײַלעטשקע, — איר וועט אַלעס, אַלעס וויסן!..

שלום־עליכם

# צו דער „טויב״

די „טויב״! פֿאַר וואָס עפּעס די „טויב״? פֿאַר וואָס ניט דער „פּיפּער־נאָטער״?..

אַט די שאלה איז מיר געקומען אַנטקעגן בשעת איך האָב באַקומען די מודעה רבה, אַז אין גיכן וועט דערשײַנען אין פּיטסבורג אַ יידישע צײַטונג אונטער דעם ריינעם יידישן נאָמען די „טויב״. פֿאַר וואָס איז די „טויב״ אַ יידישער נאָמען און נאָך אַ ריינער דערצו — זאָל מיך אַזוי וויסן בית און גימל! זאָל איך זאָגן, אַז ס׳איז דערפֿאַר, ווײַל אונדזער פֿאָלק איז געגליכן צו דער טויב מיט זײַן אָרנטלעכקייט און פֿײַנקייט, אַזוי ווי אין דער מודעה שטייט — איז נאָך ניט אין גאַנצן פֿאַרענטפֿערט; עס איז נאָך אַ שטיקל פּלוגתא וועגן אונדזער „אָרנטלעכקייט״ און אונדזער „פֿײַנקייט״, למאי זאָלן מיר זיך נאַרן, כּ׳לעבן? — מיר רעדן דאָך יידיש, און קיין גוי וועט אונדז ניט פֿאַרשטיין, — מיר זענען נאָך לעת־עתּה מיט אונדזער אומשולדיקייט גאַנץ ווײַט פֿון דער טויב, פֿון דעם וואָס מיר זײַנען אַ מאָל געווען רעדן מיר ניט. מיר שמועסן פֿון אַצינד. מיר רעדן אויך ניט פֿון איינצלנע פּאַרשוינען — פֿאַראַן, פֿאַראַן בײַ אונדז זייער פֿײַנע, איידעלע מענטשן, — מען שמועסט אָבער פֿונעם כּלל, — ס׳רוב פֿון אונדזער פֿאָלק אין די לעצטע יאָרן פֿונעם נײַנצנטן יאָרהונ־דערט, וואָס באַגעגענען מיר אַצינד אין אונדזער פֿאָלק, צווישן אונדז רעדנדיק? אוי־ווײ, פּיפּערנאָטערס, ניט קיין טײַבעלעך!.. שווינדלערס, עגאָיסטן, פּראָ־צענטניקעס, מאַלפּעס, אויסברענגערס, שבתיצביניקעס, כּל־בוניקעס, מוסרים, גוואַלד, מוסרים! מוסרים! מוסרים! איר האָט דען אַ באַגריף פֿון די מוסרים מיט די מסירות וואָס בײַ אונדז אין רוסלאַנד? איר קאָנט זיך דען פֿאַרשטעלן, אַז העכער האַלב גזירות און צרות, וואָס מיר האָבן דאָ, וואַקסן נאָר פֿון אונדזערע אייגענע מסירות? אמת, עס נעמט זיך פֿון אונדזער גלות, אָרעמקייט, שפֿלקייט און דחקות, וועלכעס ברענגט אונדז צו אַלע נידעריקייטן, זינד און פֿאַרברעכענישן. עס קאָן זײַן, אַז בײַ אײַך, אין דעם פֿרײַען גליקלעכן לאַנד, אין אַמעריקע, ווו יידן זענען פֿאַררעכענט פֿאַר מענטשן גלײַך מיט אַלע צוויי־פֿיסיקע באַשעפֿע־נישן, זענען אפֿשר אונדזערע ברידער לײַטישער און פֿײַנער ווי מיר דאָ אין

גלות — דאָס דאַרפֿט איר וויסן בעסער פֿון מיר — מעגלעך אַז איר זעענט דאָרטן לויטער טײַבעלעך — הגם, „אַז מען וויל דאָס אייגענע טאַקע נאָך אַ מאָל ווידער צוריק", האָבן זיך דערווײַלע בײַ אײַך אונדזערע ברידער נאָך ניט אַזוי שטאַרק אויסגעפֿײַנט. פֿון די בריוולעך, וואָס איך באַקום פֿון פֿיל מײַנע באַקאַנטע אין אַמעריקע זע איך נאָר אַרויס, אַז יעדער איינציקער וואָס קומט אַהין, שטופּט זיך און שלאָגט זיך מיט אַלע כּוחות ער זאָל זיך „מאַכן אַ גוט לעבן" — ווי אַזוי און פֿון וואָס ער „מאַכט זיך דאָס לעבן" — דאָס איז שוין זײַן עסק... און אַז גאָט העלפֿט אים, ער „מאַכט שוין דאָס לעבן", לייגט ער אַרײַן די הענט אין די קעשענעס, פֿאַררייכערט אַ ציגאַר און גייט זיך פֿאָטאָ־גראַפֿירן, בכדי צו באַווײַזן אונדז דאָ, אַז ער דאָרט, אין דעם פֿרײַעם לאַנד, „מאַכט דאַנקען גאָט אַ גוט לעבן!" — און מער נישט אַ לעק! דאָס גוטע לעבן פֿאַרשטייען מיר דאָ גאַנץ גוט; מיר שטויסן זיך אויפֿן ווינק און מיר זעען דאָס אַרויס בחוש, אַז עס טרעפֿט אַז אַן איידעלער אינטעליגענטער מענטש שלאָגט צו חלילה אַהין, — ווי טיף אומגליקלעך, ווי ווײַט פֿאַרוואָגלט ער איז! עס ליגן בײַ מיר בריוו פֿון אונדזערן אַ יונגן יידישן גײַסטפֿולן פּאָעט ה' דאַליצקי, וועלכן די בייזע כוואַליעס האָבן אַרויסגעוואָרפֿן פֿון מאָסקווע קיין ניו־יאָרק — רבונו־של־עולם! וויפֿל טרערן, וויפֿל בלוט! אַ שטיין באַדאַרף צעגאָסן ווערן, לעזנדיק די דאַזיקע קינות, די קלאָגבריוו פֿונעם אומגליקלעכן יונגן פּאָעט, וואָס האָט פֿאַרבראַכט די בעסטע יאָרן זײַנע אויף לידער שרײַבן און ניט אויף צו לאָטען הויזן — ער האָט זיך אומגעטראָגן איבער ניו־יאָרק מיט זײַנע לידער אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אַרויסגעזען באַשײַמפּערלעך, אַז קאָלבאַסעס, דאַרע קישקעס, איז אינעם פֿרײַען לאַנד אַ סך מער סחורה, ווי די הייליקע ריינע פּאָעזיע — און דער פּאָעט דאַליצקי איז געוואָרן צו מזל אַ קאָלבאַסניק... איך שטעל מיר פֿאָר דאָס שיינע בילד, ווי אונדזער יונגער, טאַלאַנטפֿולער פּאָעט שפּאַצירט אַרום איבער דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, וווּ עס געפֿינען זיך אַריבער צוויי הונדערט טויזנט יידן (זאָלן זיך פֿרוכפּערן און מערן!), מיט אַ קאָראָבקע דאַרע קישקעס, ע כ ט י י ד י ש ע, ע כ ט כּ ש ר ע! אין דער גוייִשער שטאָט מאָסקווע צווישן באַרבאַרן האָט דער יידישער פּאָעט יאָ געקענט עקסיסטירן, און אין דער גרויסער פֿרײַער שטאָט ניו־יאָרק, צווישן צוויי מאָל הונדערט טויזנט אַחינו בני־ישראל קען ער אַנדערש ניט לעבן, סײַדן אַרומ־טראָגן כּשרע קאָלבאַסעס אין די גאַסן? — שעמען מעגסטו זיך קאָלומבוס מיט דײַן אַמעריקע! שעמען מעגסטו זיך, דו כּנסת־ישראל, וואָס דו ביסט געגליכן

צו אַ טויב און ניט צו קיין פּיפּערנאָטער!..

בלײַבט דאָך טאַקע אַלץ די שאלה: פֿאַר וואָס עפּעס די טויב? עפּעס שטעקט דאָך אין דעם אַ מיין, אַ סוד אָדער אַ ווינק! איך האָב מיך אַ וואָרף געטאָן צום אייביקן ביכעלע, צו דער תורה, און האָב זיך דערמאָנט אין אונדזער אַלטן־אַלטן זיידן נוח, בשעת ער האָט געמאַכט די געווויסע לוסטרײַזע איבערן מבול אין דער תבה פֿון פּומסענהאָלץ. שטייט דאָרט אין פּסוק אַזוי געשריבן:

„און ס'איז געווען צום סוף פֿון פֿערציק טעג, האָט נוח געעפֿנט דאָס פֿענצטערל פֿון דער תבה וואָס ער האָט געמאַכט — — און ער האָט אַרויסגעשיקט די טויב פֿון זיך, צו זען אויב עס זענען גרינגער געוואָרן די וואַסערן אויף דער ערד. און זי האָט ניט געפֿונען, די טויב נעבעך, קיין רו צו אירע פֿיס, און זי האָט זיך אומגעקערט צו אים אין דער תבה, ווײַל ס'איז נאָך געווען דאָס וואַסער אויף דער גאַנצער ערד, האָט ער אויסגעשטרעקט זײַן האַנט און האָט זי גענומען און האָט זי אַרײַנגעבראַכט צוריק אין דער תבה אַרײַן...”

אין דעם זין, זעט אויס, באַדאַרפֿן מיר פֿאַרשטיין, פֿאַר וואָס די פּיטסבורגער צײַטונג האָט זיך אַ נאָמען געגעבן די „טויב”. דאָס איז די טויב, וואָס ווערט זײַן אַרויסגעשיקט פֿון פּיטסבורג, צו זען אויב עס זענען גרינגער געוואָרן די וואַסערן אויף דער ערד?.. און זי ווערט נעבעך ניט געפֿינען קיין רו צו אירע פֿיס, ווײַל דאָס וואַסער פֿון שווייס און פֿון ייִדישע טרערן איז נאָך גרויס אויף דער גאַנצער ערד, און זי ווערט זיך אומקערן צוריק אין איר רו אַרײַן, קיין פּיטסבורג, אָן אַן איילביר־טבלאַט אין מויל, ווי אין פּסוק שטייט, אָן אַ ליבלעכן גרוס, אָן אַ בשורה טובה פֿון די עטלעכע מיליאָן ייִדן אין גלות, וואָרעם עס זענען נאָך ניט אַוועקגעגאַנגען די זיבן טעג, וואָס אין פּסוק שטייט. און גאָט דער האַר ווייסט, ווען די זיבן טעג וועלן אַוועקגיין.

אָט אַזעלכע אומעטיקע געדאַנקען האָט אַרויסגערופֿן בײַ מיר די מודעה, אַז אין גיכן ווערט דערשײַנען אין פּיטסבורג אַ ייִדישע צײַטונג אונטער דעם ריינעם ייִדישן נאָמען די „טויב”. איך בעט הונדערט מאָל מחילה בײַ די געערטע אַרויסגעבערס און בײַם גאַנצן פּובליקום, וואָס איך האָב זיי ניט געשענקט אויף היינטיקס מאָל קיין פֿריילעכערן פֿעליעטאָן „אויף צו לאַכן”. לאַכן איז גוט דעמאָלט ווען עס לאַכט זיך. לאָזט אים צו רו דעם פֿעליעטאָניסט: אַ שרײַבער איז ניט קיין בדחן, ניט קיין קלאָון אין צירק, וואָס איז געשטעלט געוואָרן צו קיצלען דעם עולם, אַז דער עולם זאָל לאַכן. די מלאָכה פֿון אַ פֿעליע־טאָניסט, פֿון אַ שרײַבער, איז אַ פֿרײַע מלאָכה. לאָזט אים לאַכן, בשעת ער איז

אויפֿגעלייגט אויף צו לאַכן, און לאָזט אים דערפֿאַר אויסוויינען זיך, דעמאָלט וועט עס גלוסט זיך אים לאָזן אַ טרער...

נײַן, עס איז פֿאָרט ניט רעכט צו ענדיקן מיט טרערן; מען מוז אויך דערציילן עפּעס אַ מעשׂה מיט אַ ייִדישן שרײַבער. עס קען זײַן איר וועט לאַכן. און אפֿשר נײַן...

## אַט דאָס איז די מעשׂה אין קורצן:

אַ מאָל, אַ מאָל איז געווען אַ ייִדישער שרײַבער, כּלומרשט אַ הומאָריסט, נאָר אַ גרויסער נאַר, און געהייסן האָט ער שלום־עליכם, דאָס הייסט געהייסן האָט ער אַנדערש, נאָר אַ נאָמען האָט ער זיך געגעבן שלום־עליכם. וואָס עפּעס שלום־עליכם? פֿאַר וואָס ניט עליכם־שלום? דערויף האָבן זיך שוין אַ סך קלוגע מענטשן געבראָכן דעם קאָפּ און קיינער איז נאָך עד־היום הזה ניט דערגאַנגען דעם שׂכל, וואָס דאָ שטעקט, אַזוי ווי עס איז בכלל שווער צו דערגרונטעווען זיך דעם שׂכל, וואָס אַ שרײַבער האָט ליב צו חתמנען זיך ניט מיט זײַן אייגענעם הייליקן נאָמען, נאָר מיט אַ פּסעוודאָנים, גלײַך ווי דאָס וואָלט זײַן אַ דין. איך קען למשל אַזעלכע שרײַבערס וואָס חתמענען זיך דאָפּלט, דאָס הייסט אי דעם אייגענעם נאָמען אי דעם פּסעוודאָנים, צום בײַשפּיל: שמואל וואָלף טראַכטענהאָלץ מכונה ש׳ו׳ט׳ה; אָדער ברוך הערש מאַרהאָלץ המכונה ב׳ה׳מ׳ה און כּדומה נאָך אַזעלכע חכמים. ווי געווייטלעך אַ יונגער שרײַבער, איז דער ערשטער דעביוט (התחלה) פֿון שלום־עליכם געווען — לידלעך, נאָר אַזעלכע לידלעך וואָלטן פֿאַרן מחבר געווען אַ גרויסער כּבוד, ווען זיי וואָלטן זײַן ניט אָפּגעדרוקט... נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן צו שיקן פֿעליעטאָנען, לעבעדיקע, פֿריילעכע פֿעליעטאָנען „אויף צו לאַכן“ אין אַ ייִדישער צײַטונג אַרײַן. די פֿעליעטאָנען האָט מען געדרוקט און דער עולם האָט פֿון זיי געלעקט די פֿינגער אַזוי לאַנג אַזוי ברייט, ביז ער האָט באַקומען אַ נאָמען פֿון אַ הומאָריסט, ראָמאַניסט, זשאַרגאָניסט... דערצו האָט אים גאָט מזכּה געווען מיט שיינע עטלעכע גילדן, איז ער אויסגעוואַקסן בײַ ייִדן נאָך מיט דרײַ קאָפּ העכער; ההײַנו: פֿריִער, אַז מען האָט צו אים אַדרעסירט אין אַ בריוו, פֿלעגט מען אים שרײַבן אַ קורצן לכבוד: „צו מײַן פֿרײַנד דעם קלוגן, דעם געהויבענעם, דעם פֿאָרשטענדיקן, דעם באַוווּסטן, דעם געליבטן און געאַכפּערטן שרײַבער, דעם הומאָריסט און סאַטיריקער, שלום־עליכם...“ און נאָכדעם אַז ער האָט באַקומען פּלוצעם

אַ סך געלט, האָבן אים מחברים געשריבן שוין אַ ביסל אַ גרעסערן לכבוד: „צו מײַן טײַערן און געליבטן פֿרײַנד דעם קלוגסטן פֿון אַלע מענטשן, דעם שרעקלעך דערהויבענעם, דעם טיף פֿאַרשטענדיקן, דעם ווײַטבאַוווסטן, דעם פֿילגעלויבטן און אומעטום געאַכפּערטן שרײַבער, דעם גרעסטן הומאָריסט און סאַטיריקער פֿון דער וועלט, וואָס זײַן פֿעדער און שאַרפֿע פֿײַלן און זײַנע ווערטער זענען פֿלאַם־פֿײַער, דעם גביר דעם שטאַרקן דעם איידלסטן דעם גוטהאַרציקן שלום־עליכם...״ אַוודאי קען זיך פֿאַרדרייען דער קאָפּ פֿון אַזעלכע געפּלאָכטענע טיטלען, און שלום־עליכם האָט זיך ביסלעכווײַז־ביסלעכווײַז, ווײַטער־ווײַטער אָנגעהויבן אײַנצורעדן, אַז ער איז באמת טאָקע עפּעס אַ גרויסער הומאָריסט און סאַטיריקער אין דער וועלט, וואָס זײַן פֿעדער איז „שאַרפֿע פֿײַלן״ און זײַנע ווערטער זענען „פֿלאַם־פֿײַער״, האָט ער גענומען צו סמאַלען אַ וועלט גאָר אויף אַן אַנדער אופֿן: דרוקן ביכער, אַרויסגעבן זשורנאַלן, צאָלן שרײַבערס האָנאָראַר אין טאָג אַרײַן — הכלל, ער האָט פֿאַרקאָכט אַ קאַשע, געמאַכט אַ גאַנצע עפּאָכע, מישטיינס געזאָגט, אין דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור. די געשעפֿטן זענען בײַ אים דערפֿון ניט געגאַנגען בעסער, דאָס געלט האָט ער פֿאַרלוירן, דעם קאָפּ האָט ער זיך פֿאַרדרייט, די פֿעדער האָט ער באַהאַלטן, דאָס טינטערל איז אויסגעטריקנט געוואָרן, די גוטע פֿרײַנד האָבן אים פֿאַרגעסן — און פֿון שלום־עליכם איז געוואָרן עליו־השלום...

דאָ קומען עטלעכע שורות פּינטעלעך, אויף אונדזער גויִש לשון הייסט דאָס: כאַטאַ פּאָקרישקע, און אויף העברעיִש זאָגט מען דאָס: ודי לחכימא ברמיזא, דאָס טײַטש: פֿרעגט ניט, ס׳איז רעכט!.. עס קאָן זײַן איך וועל אין גיכן די פּינטעלעך אויספֿילן מיט אותיות, און אפֿשר טאָקע דאָ, אויף דעם אייגענעם אָרט... דערווײַלע קער איך מיך אום צוריק צו דער מעשׂה.

ויהי היום, עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ יאָר דרײַ. די וואָלקנס האָבן זיך צעגאַנגען, דער הימל האָט זיך אויסגעלײַטערט, די לופֿט איז געוואָרן אַ ביסל פֿרישער, און שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן ווידער אַ מאָל אויפֿצולעבן און האָט באַקומען חשק אַרויפֿצוקלעטערן ווידער אַ מאָל אויפֿן באַרג, פֿון וועלכן ער האָט זיך ערשט ניט לאַנג אַראָפּגעקײַקלט. ווי געוויינטלעך אַ מענטש, אַז ער שטייט אויף פֿון אַ קרענק, באַקומט ער ביסלעווײַז דעם זעלביקן אַפּעטיט וואָס פֿריִער און עס קערן זיך אים אום צוריק אַלע חושים מיט אַלע תאוות... ווער ווייסט ניט, אַז די תאווה פֿון כבוד און פֿון זײַן באַוווסט, און ווער שמועסט בײַ שרײַבער, און ווער שמועסט בײַ אַ ייִדישן שרײַבער, איז די גרעסטע

תּאווה אין דער וועלט? איר ווייסט טאַקע אַז ס'איז נאַריש, ס'איז ווערט אַן אויסגעבלאָזן איי, וואָרעם אַז מען וויל שמועסן פֿילאָסאָפֿיש, באַדאַרפֿן מיר גיין כּסדר: ראשית־חכמה לאָמיר אַקאָרשט באַטראַכטן דעם גאַנצן כּדור אונדזערן, מען מיינט די ערד. וואָס איז זי, מישטיינס געזאָגט, קעגן דער זון, די לבֿנה מיט די שטערן מיט די אַלע גלגלים פֿון דער וועלט? אַ מיאַטשיקל, אַ קאַרטאָפֿל, אַ גאָרנישט מיט אַ נישט! אָט הערט וואָס עס זאָגט אַ געוויסער אַסטראָנאָם פֿאַלב. ער גייט מיט אייַך אין געוועט, אַז אינעם 1899 יאָר (וואָסער טאָג און וואָסער חודש געדענק איך ניט) וועט דורכגיין אַ קאָמעטע, וועט אָנרירן מיטן ווידל די ערד (אַ קאָמעטע האָט אַ ווידל) און די ערד וועט צעשאָטן ווערן אויף פּיץ־פּיצלעך, עס וועט פֿון איר ניט בלייַבן קיין שריד־ופּליט! הייַנט באַרעכנט, וואָס פֿאַר אַ פּנים אַ מענטש, אַ בשׂר־ודם, קען האָבן קעגן אַזאַ גרויסער וועלט, וואָס איינע פֿון אַלפֿי אַלפֿים מיליאַרדן קאָמעטן קען מיט אַ שפּיץ ווידל איבער־קערן און צערייַבן די ערד, דערקוועטשן, ווי אַ קליין ווערעמל; הייַנט באַ־רעכנט, וואָס פֿאַר אַ פּנים מיר, עטלעכע מיליאָן ייִדעלעך, האָבן קעגן אַזאַ וועלט מיט מענטשן, וואָס שפּייַען אויף אונדז קלעק און זאָגן אונדז אָפּ פֿון געפּאָטערשאַפֿט און מען וויל אונדז נאָך אייַנרעדן, אַז מיר זענען דאָס ווערט; הייַנט באַרעכנט לא־כּל־שכּן וואָס פֿאַר אַ פּנים אַ ייִדישער מחבר קען האָבן מיט זייַן גאַנצן כּבֿוד, מישטיינס געזאָגט, קעגן אַזוי פֿיל מענטשן, קעגן אַזאַ גרויסער ערד, קעגן אַזאַ ווידל פֿון אַ קאָמעטע, וואָס קען איבערקערן, קעגן מיליאַרדן קאָמעטן, קעגן אַלפֿי אַלפֿים מיליאַרדן פּלאַנעטן און גלגלים, קעגן דעם גאַנצן הימל, קעגן דער גאַנצער וועלט, קעגן דעם כּוח וואָס פֿירט די וועלט, קעגן דעם כּוח וואָס האָט באַשאַפֿן אַזאַ כּוח און וואָס מיר רופֿן אָן מיטן נאָמען גאָט — — אַך, עס ברעכט דער מוח, עס קילט דאָס בלוט! מען פֿאַלט אַראָפּ בייַ זיך אין די אויגן! מען פֿאַרגלייַכט זיך צו אַ ווערעמל וואָס פּויזעט ערגעץ אונטער אַ גרעזעלע, צו אַ טראָפּן וואַסער וואָס פֿאַלט אַרייַן אין ים אַרייַן, צו אַ קליין זאַמדעלע, וואָס דער ווינט כאַפּט דאָס אויף די פֿליגל און טראָגט דאָס אַוועק ווייַט — ווייַט אין די מידבריות אַרייַן! און פֿון דעסטוועגן...

פֿון דעסטוועגן גלוסט זיך פֿאָרט אָנשרייַבן אַ שיינעם פֿעליעטאָן, אַז אַ הויפֿן ייִדלעך זאָלן אים לייענען און ער זאָל זיי דווקא געפֿעלן! לאָז דער גרויסער אַסטראָנאָם פֿאַלב זיך אָפּזאָגן פֿון צו עסן אַלע טאָג, און פֿון צו שלאָפֿן, און פֿון צו שעפּן פֿרישע לופֿט, וכדומה אַזעלכע נאַרישע תּאוות, וועל איך מיך אָפּזאָגן פֿון צו שרייַבן אַ פֿעליעטאָן און פֿון צו ווערן זייַן פּאָפּולער

צווישן אַ הויפֿן ייִדלעך, וואָס קענען מיך און וויסן מיך און שעצן מיך... אָט אַזוי פֿירט זיך דאָס אויף דער וועלט: „איינער האָט דעם בייטל, דער אַנדערער — דאָס געלט". אַזוי פֿלעגט תּמיד אויסלאָזן אַלע מעשׂיות מײַן רבי עליו־השלום און דערבײַ אָנשטופּן אַ פֿולע נאָז מיט טאַביק.

— יאָ, יאָ! — פֿלעגט אים ענטפֿערן דער שכן שמערל דער שנײַדער, אַ טײַערער בעל־מלאָכה, אַ גוטער מענטש און אַ גרויסער שיכּור. — יאָ, יאָ! דער מענטש איז געגליכן צו אַ שנײַדער: הײַנט לעבט ער און מאָרגן וויל ער ווידער אַ טרונק בראָנפֿן...

1894

# אַ גרוס פֿון דער היים

1

אַז דער באַרג גייט ניט צום מעכאַמעד, גייט מעכאַמעד צום באַרג... אַ לאַנגע צײַט בין איך געזעסן דאָ אין רוסלאַנד און געוואַרט, געוואַרט, טאָמער וועט זיך אָנרופֿן כאָטש איינער פֿון די אַמעריקאַנער גאַזעטניקעס (עס איז בײַ אײַך פֿאַראַן זאָגט מען קיין עין־הרע אַזוי פֿיל!) און וועט מיך אײַנלאַדן, איך זאָל עפּעס שרײַבן פֿון מײַנע גליקלעכע־אומגליקלעכע ברידערס וועגן, וועלכע זײַנען גליקלעך דערמיט וואָס זיי זענען איצט אין אַזאַ פֿרײַעם לאַנד און אומגליקלעך דערפֿאַר, וואָס זיי זײַנען אַזוי ווײַט פֿון דער היים!.. די ערשטע צײַט פֿון מײַן וואַרטן בין איך געווען שטאַרק אויפֿגעטראָגן, ברוגז, גאָר ניט אויף קאַטאָוועס. איך האָב געהאַט גאַנץ אָפּטע גרוסן פֿון אונדזער אָרעמען זשאַרגאָן אין אַמעריקע, אַז מען מאַכט דאָרט מיט אים גליקן, אַז דער געוויסער ראָמאַן־מאַכער, וועלכן מיר האָבן פֿון דאַנען קוים אַרויסגעיאָגט, באַקט דאָרטן „העכסט אינטערעסאַנטע" ראָמאַנען אַזוי ווי בייגל, אַ בייגל נאָך אַ בייגל, אַ ראָמאַן נאָך אַ ראָמאַן; דער עולם קוועלט, אונדזערע ברידער, די „גרינע", לעקן פֿון אים די פֿינגער, כאַפּן די בייגל פֿון דעם בייגל־בעקער, קײַען און קײַען און בלײַבן... בײַ דעם לאָך. נו, האָב איך געזאָגט דעם באַרדיטשעווער רבס ווערטער: „רבונו־של־עולם! דו ווילסט ניט אַז איך זאָל דיר בלאָזן שופֿר? — לאָז דיר איוואַן בלאָזן!.." אַמעריקאַנער יידישע זשורנאַליסטן! איר ווילט ניט אַז שלום־עליכם זאָל אײַך שרײַבן, לאָז אײַך יענער שרײַבן! מײַנע הערן און דאַמען! איר ווילט ניט לעזן קיין באַקאַנטע בילדער פֿונעם אמתן יידישן לעבן? איר ווילט ניט וויסן, וואָס בײַ אײַך טוט זיך? איר ווילט בעסער הערן בבאָ־מעשיות פֿון טויזנט און איין נאַכט, פֿון אַ בן־מלך מיט אַ בת־מלכּה, פֿון אַ רב מיט אַ רביצין, פֿון אַ שיינער עליזאַבעט אַן ענגעל פֿון גאָט און פֿון אַ פֿאַרדאַרבענעם שקאַנטיסט מאַרקוסזאָן, וואָס פֿרעסט ווײַבער לעבעדיקערהייט אד״גל פּוסטע חלומות, וואָס קלעפּן זיך אַזוי מיטן יידישן לעבן, ווי אַן אַרבעס צום וואַנט, ניט געשטויגן, ניט געפֿלויגן? אויב אַזוי, עסט געזונטערהייט און וואַרגט זיך מיט אים!

אַזוי האָב איך געזאָגט פֿריִער. איצטער אָבער, אַז איך האָב דערהערט אַז

די ייִדישע פּרעסע אין אַמעריקע האָט שוין אָנגעהויבן צו באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים, אַז יענער געוויסער ראָמאַן־מאַכער איז שוין דאָרט אויך געוואָרן אויס יום־טוב, אַז מען זוכט שוין אין אַמעריקע צו לעזן אין ייִדישן ייִדיש, אַז אַיעדער האָט שוין אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, אַז אַ מעשׂה באַדאַרף אַחוץ דער מעשׂה אַליין, ווי דער זיידע אַבראַמאָוויטש זאָגט, מיך עפּעס לאָזן הערן... האָט מיך שוין אָנגענומען אַ חשק אויך עפּעס צו שרײַבן פֿאַר מײַנע פֿאַר־וואָגלטע ברידער אין אַמעריקע, וואָס זענען פֿיל גליקלעכער פֿון מיר דערמיט, וואָס זיי זײַנען שוין אין אַמעריקע און איך וועל אפֿשר ערשט זײַן אַ מאָל דאָרטן... און צו שרײַבן האָב איך אײַך, ברידער, גאָר אַ סך, אַזוי פֿיל, אַז איך ווייס ניט פֿון וואָס פֿריִער: צי פֿון אײַערע אָרעמע, אונטערדריקטע, דערשלאָ־גענע, פֿאַרפֿינצטערטע, פֿאַרוויסטע, פֿאַרחושכטע, פֿאַרשלאָמפּערטע, פֿאַריאָגענע אויסגעמוטשעטע, הונגעריקע, דאָרשטיקע, פֿאַרקליאַקנעטע, שטאַרק דערנידע־ריקטע ברידער? צי פֿון אונדזערע רײַכע, גליקלעכע, בײַכיקע, צופֿרידענע, אויס־גערוטע, אויסגעגלעטע, זאַטיקע, אומגעלומפּערט געבאַלעוועטע, שטאַרק גע־פּעסטעטע נגידים? צי פֿון אונדזערע פֿאַנאַטישע, פֿאַרנאַרישטע, פֿאַרפֿירטע רבנים, חסידים, צבועקעס, פּליאַסקעדריגעס? צי פֿון אונדזערע פֿאַלשע, פֿאַרדאַרבענע אַריסטאָקראַטן, כּלומרשטיקע אינטעליגענטן, פּאַסקודניאַקעס, טריפֿניאַקעס, סוואָ־לאָטשעס אין פֿראַקן, פּאַרכעס מיט צילינדערס, חזירים אין האַנדשו, דײַטשן אָן סאָוועסט, פֿראַנצויזן אָן גאָט אין האַרצן, ייִדישע המנס, ייִדישע שטע־קערס?

אַך, ייִדישע המנס! אַך, ייִדישע שטעקערס! רעד איך פֿון אײַך, גלוסט זיך מיר שוין אויסשמועסן מיט אײַך ווי עס געהער צו זײַן; רעד איך פֿון אײַך, קאָכן אין מיר די געבליטן; רעד איך פֿון אײַך, ציטערט מיר די פֿעדער אין האַנט, — עס גלוסט זיך מיר שרײַבן און שרײַבן און שרײַבן!!! נאָר שרײַבן ניט מיט טינט, נאָר מיט גאַל; שטעכן ניט מיט דער פּען, נאָר מיט שפּיזן, בלוט זאָל שפּריצן! און עס גלוסט זיך מיר וויינען און וויינען און וויינען!!!

נאָר ניין, דאָס נוצט ניט. לאַכן, שפּאָטן, חוזק מאַכן, לצעווען — אָט וואָס מען באַדאַרף צו זיי האָבן. און עס גלוסט זיך מיר לאַכן און לאַכן און לאַכן!!! לאַכן און וויינען, לאַכן מיט טרערן, מיט קרעמענים, מיט יאַשטשערקעס, נאָר ניט לייגן קיין כּבוד אויף קיינעם, זאָגן דעם אמת, דעם רייִנעם אמת, אָן חנופֿהלעך, אָן שפּיצלעך, אָן מורא צו האָבן פֿאַר די פֿלעדערמײַז און פֿאַר די אינטריגאַנטן, וואָס דרייען אַהין ווו דער ווינט בלאָזט — אָט דאָס באַדאַרף אייגנטלעך זײַן די

פּראָגראַם פֿון מײַן שרײַבן אין אַמעריקע. קורץ געזאָגט, איך װיל מיך איבערטראָגן קיין אַמעריקע, דאָס הייסט אַליין װעל איך זײַן דאָ און מײַן גײַסט װעט זײַן דאָרטן מיט אײַך, מיט אײַך, מײַנע ליבע ברידער! און װי באַלד מײַן נשמה װעט זײַן דאָרטן, װעל איך קיין מורא ניט האָבן צו זאָגן דאָס, װאָס איך װיל און װאָס מען באַדאַרף זאָגן. שװער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז מען קען זיך באַגיין אָן דעם רױטן בעזעם פֿונעם צענזאָר, אַזױ װי עס איז שװער פֿאָרצושטעלן דעם צוגעשלאָגענעם יידישן תּלמיד אין חדר, אַז ער װעט זיך אַ מאָל קענען באַגיין אָן דעם רבינס קאַנטשיק. אַך, אָט דער קאַנטשיק, דער קאַנטשיק! װי נאַריש מיר זענען געװען אין יענער צײַט, בשעת מיר האָבן פֿאַרװאָרפֿן װײַט־װײַט אױפֿן בױדעם דעם רבינס קאַנטשיק. טיפּשים! מיר האָבן געמײנט, אַז אַחוץ יענעם קאַנטשיק איז שױן מער קיין קאַנטשיקעס ניטאָ אױף דער װעלט. נאָך מער: גיך נאָך דער מעשׂה מיטן קאַנטשיק האָט אונדז געטראָפֿן אַ גליק — דער רבי איז געשטאָרבן. טיפּשים! דער רבי איז געשטאָרבן, נאָר דער סידור איז ניט געשטאָרבן!...

ניט מער, װאָס װיל איך האָבן און װאָס בין איך אױסן? איך װיל זיך אַ ביסל אױסשמועסן מיט מײַנע װײַטע, נאָר נאָענטע ברידער און שװעסטער; איך װיל זײ דערציילן מעשׂיות, װאָס עס טוט זיך דאָ, אין זייער פֿאַרלאָזענעם פֿאָטערלאַנד, װאָס האָט זײ אױסגעשפּיגן און אַרױסגעװאָרפֿן אַזױ װײַט, אױף יענער זײַט ים־אוקינוס; איך װיל זײ פֿאַרשאַפֿן אי פֿאַרגעניגן אַ סך, אי אַ ביסל יסורים, אי אַ ביסל נקמה אין די שונאים — לאָז ניט איבערגעריסן װערן דער ערוב, װאָס בינדט צונױף די נײַע װעלט מיט דער אַלטער װעלט, לאָזן זײ ניט פֿאַרגעסן די גליקלעכע פֿרײַע בירגערס פֿונעם גליקלעכן פֿרײַעם לאַנד אָן זייערע איבערגעבליבענע אומגליקלעכע, פֿרײַלאָזע שטיפֿקינדער אינעם אומגליקלעכן פֿרײַלאָזן פֿינצטערן לאַנד; לאָז אַ ייִד װיסן, אַ ייִד אין ניו־יאָרק, אין שיקאַגאָ, אין פֿילאַדעלפֿיע, װאָס עס טוט זיך אין קיִעװ, אין לעטיטשעװ, אין קאָװנע, אין נעמערעװ, אין איישישאָק, אין ראַכמעסטריװקע, אין מאַזעפּעװקע מיט דער גאַנצער סביבה אַרום, — נישקשה, עס װעט אײַך, בהן שלי, גאָרניט שאַטן חס־ושלום!... דער עיקר איז, איר זאָלט צולייגן קאָפּ, האָבן געדולד און ניט קװעטשן מיך, אַז איך זאָל אײַך אָפּזאָגן אַלצדינג אין איין שמע־ישׂראל; נאָר לאַנגזאַם, נאָר ביסלעכװײַז, מיר װעלן אם־ירצה־השם זײַן מיט אײַך אומעטום, אין אַלע שטעט און שטעטלעך פֿון אונדזער געבענטשט לאַנד, װאָס טוט רינען ניט מיט מילך, ניט מיט האָניק, נאָר מיט טרערן און מיט בלוט... דערװײַלע האָט אײַך אַ גוטן תּמיד

און זײַט געזונט און „מאַכט אַ לעבן“, ווי עס ווינטשט אײַך אויף אײַער לשון אײַער בעסטער פֿון די בעסטע פֿרײַנד.

עיקר־שכחתי: יאָ, איך האָב גאָר פֿאַרגעסן אָנזאָגן אײַך די גוטע בשׂורה — משיח גייט!! ער איז שוין, זאָגט מען, ניט ווײַט, טאַקע גאָר נאָענט; עס קאָכט דערמיט די וועלט; מיינט ניט אַז איך שפּאַס; אומעטום — אין מאַזעפּעווקע, אין טעטרעוויץ, מאַקאַרעווקע, אין יאַמפּעלע, אין סטרישטש — רעדט מען נאָר פֿון אים; עס איז אַ סברה, אַז ער וועט זײַן גיך בײַ אונדז אין דער גרויסער גוייִשער הייליקער שטאָט יעהופּעץ, בײַ אונדזערע גרויסע ליבהאַרציקע אַריסטאָקראַטן, וואָס זענען דערווײַלע פֿאַרנומען דער אין „ווינט“, דער אין „אָקאָ“, און דער גאָר אין דער שיינער שפּיל „טערטעל־מערטעל“ — עס וועט זײַן פֿריילעך! די גאַנצע נסיעה זײַנע מיט זײַן אָנקומען צו אונדז איז באַשריבן פּינקטלעך בײַ מיר אין אַ גרויסן ראָמאַן מיט אילוסטראַציעס, און דאָס האָב איך חשק צו געבן אַ מתּנה פֿאַר מײַנע ליבע שוועסטער און ברידער אינעם לאַנד. זעט זשע, שאַנעוועט אײַך און זײַט גוטע ברידער, בכדי מיר זאָלן אַלע זײַן צופֿרידן... אָמן ואָמן!

שלום־עליכם

2

## געערטער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן פֿון דער „פֿילאַדעלפֿיער שטאָט־צײַטונג“ אין פֿילאַדעלפֿיע

איך האָב דערהאַלטן אײַער בריוו מיטן פּראָספּעקט. דער בריוו האָט מיך געפֿרייט; דער פּראָספּעקט האָט מיך געוווּנדערט. געפֿרייט האָט מיך, וואָס איר האָט מיך אײַנגעלאַדן צו נעמען אַן אָנטייל אין אײַער נײַעם זשורנאַל, וואָס זעט אויס צו זײַן ניט קיין שלעכטע אויסגאַבע, לויט אײַערע הבטחות, ווען איר וועט זיי קענען ווירקלעך אויספֿירן.

געוווּנדערט האָט מיך אָבער, אַז איך האָב דערזען אין אײַער פּראָספּעקט צווישן אײַערע באַשטענדיקע מיטאַרבעטערס, די „ריזענקרעפֿטע“, מײַן כּשרן נאָמען מיט גרויסע אותיות שוין אָפּגעדרוקט!!!

אמת, אַמעריקע איז אַזאַ לאַנד, וואָס „איידער טאַטע־מאַמע האָבן חתונה געהאַט, טאַנצט שוין זייער זון אויפֿן דאַך“ — אויף אַזאַ לאַנד איז קיין חידוש ניט, עס קאָן דאָרטן אַלצדינג געשען... בײַ מיר איז צו גלייבן גאַנץ לײַכט, איך

זאָל דערהאַלטן דעם ערשטן נומער פֿון אײַער צײַטונג מיט מײַן פּאָרטרעט (וואָס איר פֿאַרלאַנגט פֿון מיר), וועלכן אייער קינסטלער האָט געזען אין חלום און געמאָלט אויף דער וואָר — אַ קשיא אויף אַמעריקע? ביי מיר האָט איר געפֿועלט, אַז ניט נאָר מײַן בילד, מײַן פֿעדער, מײַן פֿעליעטאָן — איך אַליין בין געוועזן ביי אײַך אין פֿילאַדעלפֿיע אין דער רעדאַקציע — אַ קשיא אויף אַמעריקע? איי איך בין גאָר אין קיִעוו, ניט אין פֿילאַדעלפֿיע? וואָס איז די ראיה? למאי ספּעקטאָר? ספּעקטאָר איז דאָך געווים אין וואַרשע, פֿון דעסטוועגן זעט איר דאָך!.. דערפֿון לערנען מיר אָפּ אַ קל־וחומר, ווי פֿון אַ לעפֿל מיט אַ גאָפּל: מאי דאָך פֿלייש, וואָס קיינער עסט ניט מיט קיין לעפֿל, עסט מען מיט אַ גאָפּל, לא כל־שכן יויך, וואָס אַלע עסן מיט אַ לעפֿל, מעג מען דאָך אַוודאי עסן מיט אַ גאָפּל!..

נאָר לצנות אָן אַ זײַט. איך מיין דאָס גאַנץ ערנסט, — אײַער צײַטונג געפֿעלט מיר; און כאָטש אַפֿילו איך בין נאָך מיט אײַער פּראָגראַם ווינציק, דאָס הייסט כמעט גאָרניט באַקאַנט, נאָר נתפּעל בין איך פֿון דער געשווינדקייט ווי עס גייט דאָרטן ביי אײַך צו: וויל איך, שטיי איך מיר אויף גאַנץ פֿרי, רייב מיר דורך די אויגן און זאָג צו זיך אַליין: „אַך, וואָס פֿאַר אַ שיינער טאָג ס׳איז הײַנט! ווּהין גייט מען זיך דורך? ווען איך זאָל אָבער האָבן למשל אַ צײַטונג!" האַ? אַ צײַטונג? פֿאַר וואָס דען ניט? פֿילאַדעלפֿיע איז ניט פּעטערבורג, דער אַדון, דער צענזאָר, ליגט דאָ ביין איילן אין דער ערד און באַקט בייגל, פֿאַר וועמען האָב איך מורא? — שנייד אַ צײַטונג!.. אַמעריקע, לעבן זאָל דאָס! ווו האָט איר נאָך אַזאַ גליקלעך לאַנד אויף דער גאָרער וועלט, ווו ייִדן, פֿײַנע, לײַטישע מענטשן, וואָס אין דער היים זענען זיי געגאַנגען אין שטרײַמלעך, ניט געטאָן קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער, גייען דאָרט אַרום פֿראַנק און פֿריי מיט קאָראָבקעס אויף די פּלייצעס, זיצן ווי די שררות ביי מאַשינעס און אַרבעטן זאַקן, אָדער גייען אַרום ווי די גראַפֿן איבער די הײַזער, זוכן אַרבעט און שוואָלן זייער שיין•פֿאַר הונגער — און דאָך, אַז ער שיקט אַ בריוול אַהיים, שרײַבט ער:

„מיר מאַכן דאָ מיט גאָטעס הילף אַ גוט לעבן. יעדער מאַכט דאָ אַ גוט לעבן. קומט צו פֿאָרן וועט איר דאָ מאַכן אי״ה אַ גוט לעבן..."

אַך, אַמעריקע! אַמעריקע!.. נאָר לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו אײַער צײַטונג.

50 סענט אַ יאָר!!

אמת, איך בין ניט קלאָר אין אײַערע אַמעריקאַנישע געלטער. בײַ אונדז אין מאַזעפּעװקע למשל זענען מיר געװױנט צו רעכענען אײַך אויף דאָלאַר. דער שוחט, זאָגט מען, נעמט בײַ אײַך פֿאַר קוילען אַן עוף אַ גאַנצן דאָלאַר. הײַנט װער שמועסט אַן עליה אין בית־המדרש, איז זיך גאָר ניט צו דערקויפֿן, — מיט איין װאָרט, געלט איז בײַ אײַך בלאָטע און דאָלאַרן װאַלגערן זיך בײַ אײַך אין די גאַסן — עפּעס אַ װוּנדערלעכע אַמעריקע? און בײַ דעם אַלעם קאָסט אײַער צײַטונג אַזוי גרויס װי 50 סעגט אַ יאָר, דאָס הייסט, אויב איך בין מיך ניט טועה, אַ קאָפּיקעס 80 אָדער 90 אויף „אונדזער" געלט! דערצו באַקומט מען נאָך אַ פּרעמיע פֿון 10 ביז 25 דאָלאַר, װי באַלד נאָר עס גליקט אָפּ צו טרעפֿן דעם געװוּנטשענעם נומער. לויט דעם חשבון קומט אויס, אַז בײַ אײַך אין אַמעריקע צאָלט מען דעם לעזער ער זאָל נעמען אַ בלאַט צײַטונג אין דער האַנט אַרײַן? אַך, אַמעריקע! אַמעריקע! עס איז אינטערעסאַנט צו װיסן, װאָס קאָסט שוין בײַ אײַך אַ תּחינה פֿון שׂרה בת־טובים, אַ לוח, אַ סליחה און להבדיל אַ העכסט אינטערעסאַנטער ראָמאַן פֿון שמ"ר? װיפֿל באַדאַרף מען צוצאָלן, אַז מען זאָל זיך צורירן צו אַזאַ סחורה? עס איז כּ'לעבן צוליב דעם אַלײן כּדאַי צו זײַן אין אַמעריקע! איך שטעל מיך פֿאָר, װי אַ ייִדל גייט זיך אַרויס אין פֿילאַ־דעלפֿיע שפּאַצירן. די הענט פֿאַרלייגט אַרונטער און זינגט זיך אין נאָז אַ לידל. פּלוצעם שטעלט מען אים אָפּ:

— „די פֿאַרשאָלטענע מויד אָדער דער געשװאָלענער ממזיר", אַ העכסט אינטערעסאַנטער ראָמאַן אין 24 טײלן, פֿאַרפֿאַסט פֿון שמ"ר! פּרײַז ½ סענט. איר באַקומט אַ פּרעמיע 18 דאָלאַר — אַבי לײענט!

— „דער צעטראָגענער מלמד אָדער די לופּטיקע באַקדייזע", אַ היסטאָ־רישער זײער רירנדער ראָמאַן אין 40 טײלן, פֿאַרפֿאַסט פֿון בלוישטײן. פּרײַז אַ שמעק טאַביק און אַ פּרעמיע אַ האַלב יאָר שטיװל פּוצן אָן געלט — אַבי נעמט!

— „אַ סקריפּ מיט דער טיר און אויס ליבע, אָדער אַ מאָגן פֿון 10 װײַבער", אַ גרויסאַרטיקע, האַרצרײַסנדיקע דראַמע אין 21 אַקטן, מיט זײער שײנע מוזיק אַראַנזשירט פֿון בעקערמאַן. פּרײַז: אַ שאָקל מיטן קאָפּ, און פּרעמיע: אַ פּאָר שפּאָגל נײַע הויזן אײגענער אַרבעט — אַבי װילט נאָר!..

אַך, אַמעריקע! אַמעריקע! בײַ אַזעלכע מינהגים איז זײער אינטערעסאַנט צו װיסן, װאָס פֿאַר אַ האָנאָראַר אַן אַרויסגעבער פֿון אַ צײַטונג איז אומשטאַנד צו צאָלן זײַנע מיטאַרבעטערס? איך בין עס טאַקע, פֿאַרשטײט איר מיך, נײַגעריק

צו וויסן, ווײַל אין אײַער בריוו זאָגט איר מיר צו סתּם, אַז איר וועט מיר צאָלן האָנאָראַר וויפֿל איך וועל אײַך רעכענען. „רעכענען״? עס איז פֿאַראַן צווייערליי רעכענונגען: איינער רעכנט, אַז מען וועט אים מסתּמא רעכענען; און דער אַנדערער רעכנט, וואָס אַרט דאָס אים, אַז יענער וועט זיך רעכענען, אַז מען וועט אים רעכענען? לאָז ער זיך רעכענען, אַז מען וועט אים רעכענען וויפֿל מען וועט אים רעכענען, און מיר דאַרפֿן בײַ זיך רעכענען, אַז יעדער מעג זיך רעכענען, אַז מ'וועט אים רעכענען וויפֿל מען וועט אים רעכענען, אַבי ער זאָל ניט רעכענען, אַז מען וועט אים רעכענען, אַז ער וועט זיך רעכענען, אַז מען וועט אים גאָר ניט רעכענען... איר פֿאַרשטייט ווי טיף דאָס איז?

איר פֿאַרלאַנגט פֿון מיר אַ ראָמאַן, „נאָר ניט זייער קיין גרויסן״. דערפֿון איז געדרונגען, אַז ער מעג יאָ זײַן אַ גרויסער: וואָרעם מאי קא משמע לן — וואָס לאָזט ער מיך דאָ הערן? נאָר וואָס זשע דען? איר בעט זיך נעבעך, עס זאָל כאָטשבי ניט זײַן אַריבערגעכאַפּט די מאָס, דאָס הייסט מען זאָל פֿון אים חלילה ניט בלײַבן אונטער די הענט, ווי געוויינטלעך בײַ אַ ייִדישן מחבר, אַז ער נעמט זיך „מאַכן״ אַ ראָמאַן. אַ ייִדישער מחבר, אַז ער „מאַכט״ אַ ראָמאַן, ווילט זיך אים זייער אויסגיסן דאָרטן אַלצדינג וואָס בײַ אים אין קאָפּ און וואָס אויפֿן האַרצן טוט זיך, מהיכי־תּיתי, אַז מען האַלט שוין אין מיטן רעדן, גלוסט זיך שוין טאַקע איבערשמועסן פֿון אַלצדינג אַרום און אַרום, אַרויסזאָגן אין גאַנצן. דעריבער פּאַקט אָן אַ ייִד אײנעם ראָמאַן פֿון כּל־טוב: פֿון חכמות, פֿון וויסנשאַפֿט, פֿון תּורה, פֿון סחורה, פֿון „פּאָליטיקע״, פֿון וועלט־ענינים גלאַט; און ווי באַלד ער האַלט שוין אין מיטן שרײַבן, געפֿינט ער שוין אַ געלעגנהייט אַ ביסל קריטיק אויך אַרײַנבראָקן, דאָס הייסט אַ ביסל אויסזידלען זיך, מאַכן יענעם מיט דער בלאָטע גלײַך. אײַ וואָס קערט זיך אָן קריטיק, פּאָליטיק אָדער מיסחר צו אַ ראָמאַן? וועמען גייט דאָס אָן? בײַ זיך אין דער היים איז זיך יעדער אַ פּריץ און מעג זיך רעדן וואָס ער וויל — אָט אַזוי שרײַבט מען בײַ ייִדן אַ ראָמאַן!.. ניין, איך וועל אײַך, זײַט רויִק, קיין גרויסע „יודישע״ ראָמאַנען ניט שיקן. אויב איך וועל אײַך שיקן, וועל איך אײַך שיקן קליינע „ניט קיין יודישע״ ראָמאַנען. נאָר גיכער פֿאַר אַלץ וועל איך אײַך קיין ראָמאַנען גאָר ניט שיקן. איך וועל אײַך שיקן פֿעליעטאָנען, נאָר פֿ ע ל י ע ט אָ נ ע ן — און דאָס וועט זײַן געווענדט אָן אײַך, אַבי איר וועט נאָר רעכט צעקײַען און גוט פֿאַרשטיין אַלץ, וואָס איך האָב אײַך געשריבן, און איר וועט זיך פֿירן ווי עס געהער צו זײַן — דעמאָלט בין איך אָנגעגרייט צו דינען אײַך און אײַערע

לעזערס, מײַנע אַלע אַמעריקאַנישע שוועסטער און ברידער, וועלכע איך גריס גאָר פֿרײַנדלעך.

שלום־עליכם

## געערטער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן פֿון דער „פֿילאַדעלפֿיער שטאָט־צײַטונג" אין פֿילאַדעלפֿיע

מיט דיזן בריוו באַקומט איר מײַן ערשטן פֿעליעטאָן. אַז איך וועל באַקומען דעם נומער, וועל איך צושיקן אַ גאַנצע סעריע פֿעליעטאָנען, וועלכע קענען זיך ציִען אַ יאָר און צוויי און דרײַ — אַבי געזונט. איר זאָלט מיר מוחל זײַן, טאָמער ריר איך אָן עמעצן, דען אָן אַ שטאָך איז ניט מעגלעך און באַרירן עמעצן מוז איך, עס מעג זײַן מיך אַליין... די נומערן וועט איר מיר געוויינטלעך שיקן אין אַ צוגעשלאָסענעם קאָנווערט. געלט וועט איר מוחל זײַן שיקן פּשוט, דורך „געלטבריוו", ווײַל אַלע רעקאָמענדירטע בריוו פֿון אויסלאַנד ווערן בײַ אונדז אויפֿן פּאָסט פֿון נײַ־יאָר אָן אויפֿגעעפֿנט. אין מײַנע פֿעליעטאָנען וועל איך מאַכן אַ פֿאַרבינדונג צווישן דער נײַער וועלט מיט דער אַלטער וועלט, צווישן אַמעריקע און אייראָפּע. דורך זיי וועלן אונדזערע שוועסטער און ברידער בײַ אײַך אָפּטלעך אָפּנעמען אַ גרוס פֿון דער היים דורך אַ גוטן שליח, וואָס הייסט מיטן נאָמען

שלום־עליכם

קיִעוו, דעצעמבער 1893

3

## לידידי הבחור הזעצער כמר שימחה פינחס נ"י

ליבער קאָלעגע!

הײַנט האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פֿונעם רעדאַקטאָר פֿון דער „שטאָט־צײַטונג" מיט אַ גרוס פֿונעם „בחור הזעצער, וואָס געדענקט מיך פֿון אָדעס" און וואָס „זײַן נאָמען איז שימחה" (אַ חכם דער רעדאַקטאָר: ער ווייס ניט אַ פּנים, אַז איר הייסט צוויי נעמען — אי שימחה, אי פּינחס!..) און האָב מיך ממש מחיה געווען. סטײַטש, מײַנער אַ קאָלעגע, אַ חבר, וואָס האָט געאַרבעט מיט מיר בײַ איין טיש (געדענקט איר בשעת מיר האָבן געזעצט דעם „קול מבשׂר"?)

געפֿינט זיך אַצינד דאָרטן, אין אַמעריקע! איין־און־איינציקער חבר און איין־און־איינציקער לעזער. און איין־און־איינציקער לעזער דערפֿאַר, ווײַל קיינער פֿאַרשטייט ניט אַזוי דעם מחבר, ווי דער בחור דער זעצער. קיינער זעט ניט, וויפֿל מי, שוויס און בלוט עס קאָסט דעם מחבר איטלעכס בלעטל, איטלעכע שורה, איטלעכס וואָרט פֿון זײַן ווערק. דער געוויינלעכער לעזער, אַז ער לייענט אַ ביכל, ווײַזט זיך אים אויס, אַז ס'איז אַ גרינגע מלאָכה, אַז גרינגער ווי „מאַכן" אַ ביכל קאָן שוין ניט זײַן. וואָרעם וואָס איז דען מישטיינס געזאָגט אַ ביכל צו מאַכן? מען נעמט און מען מאַכט! דער בחור הזעצער אָבער זעט ווי דער מחבר נעבעך פּלאָגט זיך, שוויצט, האָרעוועט, קרעכצט אויף יעדער שורה, קוועלט אָן פֿון יעדער שורה, בשעת ער דערזעט זי אין זאַץ און נאָכדעם אין בויגן אָפּגעדרוקט. דער בחור הזעצער זעט ווי דעם מחבר גייט אויס דאָס חיות פֿון יעדן פֿעלער, וואָס שפּרינגט אַרויס בשעתן דרוקן. אַך, וויפֿל מאָל בין איך אַרײַנגעפֿלויגן צו אײַך, שׂימחה־פּינחס, מיט אַ גוואַלד: „אוי ווי, אַן אומגליק, — עס פֿעלט אַ נקודה, אַ חיריק אונטער דער יוד!" אַ קלייניקייט, אַזאַ אומגליק: אַ יוד אָן אַ חיריק?!.. אַך, וויפֿל מאָל האָבן מיר געבראָכן דעם זאַץ איבער אַ שורה, וואָס מיר האָט זיך געחלומט, אַז זי איז איבעריק! „שׂימחה־פּינחס — פֿלעג איך צו אײַך זאָגן מיט אַ רחמנות־פּנים — שׂימחה־פּינחסיניו, האַרצעניו, ליובעניו, וואַרפֿט מיר אַרויס די שורה און לאָזט מיר אַרײַן אַן אַנדער שורה, נאָר דאָס איינציקע, דאָס לעצטע מאָל, און אַן עק!" און איר, שׂימחה־פּינחס, האָט רחמנות געהאַט אויף מיר און אַרײַנגעלאָזט נאָך אַ שורה. פֿאַר וואָס? ווײַל איר האָט געזען, אַז עס עקט זיך מיר דאָס לעבן; ווײַל איר האָט פֿאַרשטאַנען, אַז מײַן ווערק — דאָס איז ניט קיין ביכל, וואָס מען „מאַכט" דאָס, נאָר מײַנס אַ קינד, אַ טרייסט, וואָס כ'האָב עס געטראָגן און געהאַט מיט צרות און מיט גרויסע ווייטיקן, און האָב געוואָלט אַז איך זאָל פֿון מײַן קינד נחת האָבן און גאָט און לײַט זאָלן זיך מיט דעם פֿרייען.

אוי, דו נאַרישער, נאַרישער מחבר איינער! — אַזוי פֿלעג איך ניט איין מאָל צו זיך אַליין זאָגן און זאָג עס הײַנט אויך — אוי, שוטה, שוטה! צוליב וואָס און צוליב וועמען טוסטו דיך אַזוי פּלאָגן און אַזוי מוסר־נפֿש זײַן מיט דײַנע ביכלעך, וואָס דו „טוסט מאַכן"? בײַ וועמען און פֿאַר וועמען ביסט דו אַ שרײַבער מישטיינס געזאָגט? ווער וועט דיך לייענען, ווער וועט זיך צוקוקן צו דײַן מלאָכה, צי מער מיט אַ שורה, צי ווינציקער מיט אַ שורה? דער ייִד? דער ייִד האָט קיין צײַט ניט. אַ ייִד גייט ניט קויפֿן קיין ביכל. דער ייִד קאָן

באַשטיין מען זאָל אים אַרײַנטראָגן אין שטוב אַרײַן אַ ביכל; דער מחבר איז ניט קראַנק אַליין אָנצושלאָגן זיך מיט זײַן סחורה — ער איז במילא אַ קבצן. און אַ ייִד אַז ער טוט שוין דעם מחבר אַ טובה און ער נעמט שוין אַ ביכל, האָט ער ליב צו זאָגן אַ דעה און אַ מיינונג. דאָס ביכל — זאָגט ער — איז אים ניט געפֿעלן, ס'איז אים עפּעס ניט צום האַרצן. ער וויל — זאָגט ער — ס'זאָל זײַן אַ שיינע געשיכטע, אַ ראָמאַן, וואָס לאָזט זיך אויס מיט אַ חתונה און מיט אַ לוויה. ער וויל עס זאָל זיך גיסן בלוט אין די גאַסן, געלט זאָל זײַן ווי מיסט, „ייִדישע גראַפֿן" זאָלן אַרויסגיין אויף אַ דועל, באַרדיטשעווער און ניעסוויזשער „פּרינצן" זאָלן זיך מאַסקירן אין מערדערס אָדער אין בעטלערס, ייִדישע מיידלעך זאָלן זינגען דײַטשע לידלעך קעגן דער לבנה — הכּלל, עס זאָל זײַן מיט אַלע פּיטשעווקעס אַ ראָמאַן ווי פֿון שמ"ר... גיט אַ ייִדן מענדעלע מוכר־ספֿרימס (אַבראַמאָוויטשעס) אַ ווערק אויף צו לייענען און דערציילט אים אַ מעשׂה אַז אויף איטלעכע שורה איז אַבראַמאָוויטש געזעסן דרײַ טעג, און יענער, להבדיל שמ"ר, קאָן אָפּבאַקן אַ גאַנצן ראָמאַן אין איין טאָג, — וועט אײַך אַ ייִד פֿאַרדרייען דאָס קעפּל און וועט אײַך זאָגן: „נו, וואָס זשע איז געדרונגען? איז טאַקע שמ"ר אַ בריה!.." גייט גיט צו פֿאַרשטיין אַ רוסישן אָדער אַן אַמע־ריקאַנישן מוכר־ספֿרימניק, אַז דערמיט וואָס ער פֿאַרברייטערט שמ"רס אומציכ־טיקע ראָמאַנען צווישן פֿאָלק, איז ער אַ פּושע באלהי ישׂראל, וועט ער אײַך ענטפֿערן: „וואָס טויג מיר מעשׂיות, דאָס פֿאָלק זוכט פֿאַרט שמ"רס אַ ראָמאַן: פֿאַר שמ"רס אַ מעשׂה לייזט מען און פֿאַר אַבראַמאָוויטשעס ניט..."

אומזיסט, אומזיסט איז געווען בײַ אונדז די שׂימחה: מיר האָבן געמיינט — אַן עק אַ סוף — אויס שמ"ר, מיר האָבן אים געפּטרט; ער איז אַוועק קיין אַמעריקע און וועט דאָרטן ווערן מסתּמא אַ פּעדלער, אָדער אַ מלמד, אַ סוחר, אַ בעל־מלאָכה, וואָס סע ניט איז, אַבי ניט קיין ראָמאַן־פֿאַבריקאַנט. גאָט מעג אים מצליח זײַן וווּהין ער וועט זיך קערן און ווענדן, אַבי ער זאָל אויפֿהערן צו פֿאַרפֿלייצן אונדזער מאַרק מיט זײַנע ניט־געשטויגענע ניט־געפֿלויגענע ראָ־מאַנען און דאָס פֿאָלק וועט סוף־כּל־סוף זיך נעמען צו לעזן עפּעס רעכטס. אַזוי האָבן מיר, נאַראָנים, געטראַכט. לאָזט זיך אויס, אַז מיר האָבן אַ גרויסן טעות געהאַט! לא לחנם הלך הזרזיר אצל העורב. ער האָט אָנגעשמעקט, אַז דער אמתער המון רוקט זיך אַרויס ביסלעכווײַז אַהין, קיין אַמעריקע, און אַ ייִד אין אַמעריקע האָט ליב אַ ייִדיש ביכל ווי צוקער־לעקעך — האָט ער זיך איבער־געפּעקלט אויף אַהין און האָט גענומען אַרויסצולאָזן אויף דאָרטן די אייגענע

משונה־ווילדע, אומגעלומפערטע ראָמאַנען, פֿון וועלכע עס לאָזט זיך הערן אַ ריח אַזש אַהער און דער פּראָסטער עולם לעקט די פֿינגער — סטײַטש, אַ מעשׂה, אַ ראָמאַן, און אויף ייִדיש געשריבן, עפּעס אַ קלייניקייט?!

יאָ, ברודער שׂימחה־פּינחס, אײַך איז אַ פּנים באַשערט צו זעצן שמ״רס געפּלאָכטענע ראָמאַנען, ווען ניט דאָ, איז דאָרטן, און קיינעם וועט דאָס אַזוי ווײַט ניט אַרײַן אין נאָז אַרײַן ווי אײַך, וואָרעם איר זענט דאָך יאָ אַ שטיקל מבין אויף „סחורה״ און אויף „שמאַטעס״, איר ווייסט דאָך יאָ דעם חילוק פֿון אַ „ווערק״ ביז אַ „מעשׂה״, פֿון „באַשאַפֿן״ אַ חיבור ביז „מאַכן״ אַ ביכל. מקנא בין איך אײַך געוויס ניט, וואָס איר זענט דאָרטן; דאָס הייסט דערויף וואָס איר זענט אַ „בחור אַ זעצער״, טוט מיר ווי דאָס האַרץ; הלוואַי וואָלט איר זיך בעסער געגומען צו אַן אַנדער מלאָכה, צום בײַשפּיל: רייניקן הויפֿן, שטיוול פּוצן, אָדער הייצן די באָד... אַ סך גלײַכער אויסצורייניקן אַ הויף, איידער אָנמיסטיקן, פֿאַראומציכטיקן ווײַס פּאַפּיר; אַ סך נוצלעכער שטיוול פּוצן, איידער אויסזעצן פּוסטע נאַרישע ראָמאַנען; אַ סך אָנגענעמער אונטערהייצן די באָד, איידער, איידער אויסהערן עם־האָרצות פֿון איטלעכן באַדיונג, וואָס רופֿט זיך אָן „העכסט אינטערעסאַנטער ראָמאַניסט״... נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז איר האָט בײַ מיר קיין עצה ניט געפֿרעגט צו וואָס פֿאַר אַן אַרבעט איר זאָלט זיך נעמען אין אַמעריקע? מסתמא איז שוין אַזוי אָנגעצייכנט געוואָרן פֿון אויבן, אַז איר, שׂימחה־פּינחס, באַדאַרפֿט בלײַבן הבחור־הזעצער און איך, שלום־עליכם, אַ מחבר בײַ ייִדן. קעגן גאָט טאָר מען ניט גייִן. לאָמיר אָנגורטן אונדזערע לענדן און לאָמיר גיין איטלעכער באַזונדער זײַן וועג זיכערלעך — אָמן.

ממני פֿון מיר אײַער קאָלעגע

שלום־עליכם

פּ. ס.

בײַ ייִדן איז אײַנגעפֿירט, בשעת ער לייענט אַ קריטיק אויף עמעצנס אַ ווערק, טראַכט ער זיך: „אַ פּנים דער קריטיקער איז דעם מחבר אַ רעכטער שׂונא, וואָס ער מאַכט פֿון אים אַזוי אַ תּל״ ניט נאָר דער לעזער, דער מחבר אַליין קלערט אָפֿט מאָל דאָס אייגענע, ווײַל אונדזערע מחברים, צו קיין חרפּה זאָל אונדז ניט זײַן, פֿאַרשטייען נאָך ניט, וואָס קריטיק באַטײַט, דעריבער

טרעפֿט בײַ אונדז אָפֿט מאָל, אַז דער מחבר ווערט דעם קריטיקער, וואָס האָט אים אָנגערירט מיט אַ וואָרט, אַ דם שונא! ניט איין מאָל טרעפֿט זיך בײַ אונדז קוריאָז, אַז איין ייִד דערלאַנגט אויפֿן אַנדערן ייִדן אַ דאָנאָס צום גובער־נאַטאָר, אַז זײַן זון איז געשטאַנען בײַם פּריזיוו „שלא כדרכו...” ד״ה ניט ווי עס געהער צו זײַן, אָדער אַז יענער האָט אונטערגעצונדן זײַן שטוב, אָדער ער ווינט אין קיִעוו אָן אַ „פּראַוואָ”, אָדער ער קנעלט אָן אַ שײַן־צעטל, וכדומה אַזעלכע שיינע מסירות, ווי געוויינטלעך צווישן ייִדן...

— סטײַטש — פֿרעגט מען אים — ווי קומט דאָס צו אײַך, איר זאָלט גיין מסרן אַ ייִדן?

— אין זײַן טאַטן אַרײַן! — ענטפֿערט ער אין גרויס גרימצאָרן — אַ מיצווה אויף אים! לאָז ער ניט שרײַבן קיין קריטיקע אויף מײַן ביכל!..

אַקעגן וואָס זאָג איך דאָס? אַקעגן שמ״רן. שמ״ר ווייסט, אַז שוין פֿון עט־לעכע יאָר אַז מיר יאָגן אים דאָ עד־חרמה. ער זעט אַלע מאָל אַ נײַע קריטיק אויף זײַנע משונה־ווילדע ראָמאַנען; ער ווייסט, אַז זײַן נאָמען ווערט בײַ אונדז אין דער ליטעראַטור דערמאָנט ווי בײַ רוסישע ייִדן דער נאָמען פֿון גאָנטאָ ימח־שמו־וזכרו — און ער טראַכט זיך: „גוואַלד, וואָס האָבן זיי צו מיר אַ שטייגער, שלום־עליכם, פֿרישמאַן, דובנאָוו, ראַווניצקי און די אַלע איבעריקע, וואָס זיי פֿאַלן אַזוי אָן אויף מיר אַלע מאָל? ווען האָב איך אָנגערירט אין פּרנסה, אָדער אין נפֿש, אָדער אין כּבֿוד?...” ער פֿאַרשטייט ניט, שמ״ר, אַז צו אים גופֿא האָט קיינער ניט; קיינער געהערט זיך ניט אָן צו אים; קיינער האָט מיט אים קיין מגע־ומשׂא ניט געהאַט; ער נעמט בײַ קיינעם קיין פּרנסה ניט צו און מען האָט אים אין זינען אין פּיאַטע; נאָר צו ווען האָט מען יאָ? צו שמ״רן דעם ראָמאַן־פֿאַבריקאַנט, וואָס פֿאַבריצירט געשוואָלענע „העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען”, וועלכע פֿאַרדאַרבן דעם געשמאַק און דעם געפֿיל פֿונעם ייִדישן פּובליקום. קעגן אים און קעגן זײַן אַרט שרײַבן פּראָטעסטירט יעדער ייִדישער פּאַטריאָט, יעדער ייִדישער פֿאָלקס־אַרבעטער, יעדער ייִדישער שרײַבער און זאָגט צו אים בזה־הלשון: „דו שמ״ר, וואָס דו אַליין ווייסט, אַז דער עולם איז נאָך אַזוי נאַיִוו און פּראָסט, אַז ער האָט ליב צו לייענען אַ „מעשׂה” פֿון יענע „מעשׂיות”, אַבי ס׳איז דאָרטן פֿאַראַן אַ בחור מיט אַ מיידל, וואָס „ראָמאַנסירן” און „ליבן” זיך, נעמסט דו סאַמע דאָס געדיכטע פּאַסקודסטווע פֿון די ערגסטע פֿראַנצייזישע ראָמאַנען און „מאַכסט” דאָס איבער אין זשאַרגאָן און באַרימסט

זיך נאָך אַז דײַנע שמאַטעס האָבן אין אַמעריקע אַ גרויסן אָפּגאַנג — ביסט דו טאַקע ווערט עס זאָל דיך אַרויסוואַרפֿן פֿון אַמעריקע אַזוי ווי עס האָט דיך אַרויס־געוואָרפֿן פֿון רוסלאַנד, און דײַן נאָמען זאָל בלײַבן אין אונדזער פֿאָלקס־ליטע־ראַטור צו שאַנד און צו שפּאָט אויף דור־דורות אין איינעם מיט אַלע שונאי־ישׂראל, ימח־שמם־וזכרם — אָמן!״

שלום־עליכם

1894

# אין ספרים־קלייטל

## ערשטער טייל

### צווישן מערדער

אין דער שטאָט ליוונע, וואָס אויפֿן טײַך ליווייקע, איז איין מאָל אַרום האַלבע נאַכט בײַ אַ סטערינאָווער ליכט געזעסן בײַ זיך אין רײַכן פּאַלאַץ אויף אַ גאָלדענעם שטול רב שמערל מערדערמאַן דער שקאַנטיסט מיט זײַן שותּף רב רפֿאל שעכטמאַן דעם פּראַצענטניק און האָבן געהאַלטן צווישן זיך אַזאַ מין געשפּרעך:

— וואָס טוט מען, רפֿאל, ס׳איז שלעכט, גיב מיר אַן עצה, וואָס טוט מען?

— וואָס איז שוין, שמערל, עס האָט זיך דיר ווידער אַ מאָל פֿאַרגלוסט מענטשנפֿלייש? קאַרג יידן האָסטו אויסגעקוילעט אויף דײַן לעבן? ווינציק בלוט האָסטו אויסגעזויגן בײַ די אָרעמע־לײַט נעבעך?

— קוק אים אָן דעם בעל־רחמנות! דאַכט מיר, דו האָסט ניט אַזוי פֿיל האָר אין קאָפּ, וויפֿל נפֿשות דו האָסט אומגעבראַכט זינט איך קען דיך.

— שמערל, ברענג מיך ניט אַרײַן אין כּעס און זאָג מיר גלײַך, וואָס איז דיר?

— רפֿאל, העלף מיר, איך באַדאַרף האָבן דײַנע אַן עצה, איך בין שטערב־לעך פֿאַרליבט!

— שמערל, דו ביסט פֿאַרליבט? כאַ־כאַ, ווי קומט דאָס צו דיר? כאַ־כאַ־כאַ!

— רפֿאל, דו וועסט ניט אויפֿהערן צו לאַכן? אָט נעם איך דיך בײַם גאָרגל און מאַך פֿון דיר אַ תּל!

— שאַ, שאַ, לאָז זײַן שטיל. זאָג מיר, אין וועמען ביסטו דאָס אַזוי פֿאַר־ליבט, שמערל?

— ס׳איז אַ גאַנצע געשיכטע, רפֿאל. איך וועל דיר זי דערציילן. איך האָב אַ פּאָקאָיאָווע, אַ שטובמיידל, ליזע הייסט זי. ווי די וועלט איז זי שיין, זי איז אַ בראָנעטין מיט שוואַרצע האָר און מיט בלויע אויגן און איר שטים איז זיס ווי צוקער. אַז זי טוט אַ קוק, גייט מיר אויס, און אַז זי הייבט אָן רעדן, קאָן מען אײַננעמען אַ מיתה־משונה!

— ווו האָסטו זי דערטאַפּט, שמערל?

— זי איז אַן אָרעמע יתומה, אַרומגעגאַנגען איבער די הײַזער, האָב איך זי פֿאַר רחמנות צוגענומען פֿאַר אַ דינסטמיידל און האָב מיך פֿונעם ערשטן טאָג פֿאַרליבט אין איר מיט סכּנות!

— שוין גוטע יאָרן, אַז דו האָסט געקאָנט האָבן רחמנות. נאָר אין וואָס זשע איז די מניעה? ביסט דאָך אַן אַלמן, נעמט מען און מען האָט מיט איר חתונה כּדת משה וישׂראל. קיין נדן באַדאַרפֿסטו דאָך ניט.

— דיר איז גרינג צו זאָגן וואָרטלעך, רפֿאל, ס׳איז אָבער אַ סברה, אַז זי וויל מיך ניט.

— זי איז גאָר קיין נאַר ניט; וואָס איז די מעשׂה?

— ס׳איז אַ מעשׂה, פֿאַרשטייסטו מיך, זי „ראָמאַנסירט" מיט חיימקע דעם מלמדל. איך בין געוואָר געוואָרן, אַז זי „ראָמאַנסירט" מיט אים באַלד אַ יאָר.

— נו, ווייסט דו ניט וואָס מען טוט, שמערל?

— וואָס טוט מען, אַדרבה?

— מען רופֿט אים אַרויס אויף אַ „דועל".

— ביסט משוגע, צי חסר־דעה? ערשטנס, טאָמער חלילה הרגעט ער מיך? און צווייטנס וועט דאָך די שטאָט האָבן מיט מיר צו טאָן. ניין, גיב מיר אַן אַנדער עצה, רפֿאל. דאָס טויג אויף כּפּרות.

— נו, הער זשע, שמערל, ביסט דאָך פֿאָרט עפּעס אַ גוטער ברודער. נאָ, אָט דאָ האָסטו אַ „פּראָשעק", פֿון יענע גוטע פּראָשקעס, וועלכע מיר האָבן אַ מאָל אײַנגעגעבן יענעם פּריץ, וואָס מיר האָבן געהאַט אויף אים פֿאַלשע וועקסלען. פֿאַררוף חיימקען דעם מלמדל צו זיך אויף טיי און שיט אים אַרײַן דעם פּראָשעק און שלאָג מיט אים כּפּרות.

ביסט גערעכט, רפֿאל! הײַנט זע איך, אַז דו ביסט טאָקע אַ ייִד אַ חכם; אַ דאַנק דיר, אַ דאַנק דיר, דו האָסט מיך ממש מחיה געווען, וואָרעם איך בין שטערבלעך פֿאַרליבט! ממש צום טויט!

## צווייטער טייל

## איבערגעקערט דעם בילבול

אויף מאָרגן איז רב שמערל מערדערמאַן געזעסן בײַ זיך אין זאַל מיט חיימקע דעם מלמדל, און ליזע דאָס דינסטמיידל האָט זיי צוגעטראָגן אויף אַ גרויסע זילבערנע טאַץ צוויי גלעזער טיי.

— טרינקט, רב חיים! — מאַכט צו אים מערדערמאַן און רוקט אים צו די גלאָז טיי און שיט בשעת־מעשה פונעם אַרבל עפּעס אַ ווייַסן פּראָשעק.

— אַ דאַנק, רב שמערל, — מאַכט צו אים חיימקע דאָס מלמדל און וויל צוטראָגן די טיי צום מויל, — עפּנט זיך פּלוצעם די טיר און עס קומט אַרייַן דער פּראָקוראָר מיט צוויי זשאַנדאַרן און מיט אַ דאָקטאָר.

— הער מערדערמאַן! — רופט זיך אָן דער פּראָקוראָר — אין איינע פון די צוויי גלעזער טיי געפינט זיך סם. הער דאָקטאָר, פּראָבירן זי די טיי!

טויט ווי די וואַנט איז געבליבן זיצן ר׳ שמערל מערדערמאַן, און אויך חיימקע דאָס מלמדל האָט געקוקט פאַרוווּנדערט אויפן פּראָקוראָר און אויפן דאָקטאָר.

— מען האָט דאָ געוואָלט נאָר וואָס אומברענגען אַ נפש — רופט זיך אָן דער פּראָקוראָר — זייַט זיך מודה, ווער האָט דאָס געטאָן!

— אַהאַ, איך ווייס ווער! — מאַכט ר׳ שמערל מערדערמאַן און כאַפּט זיך אויף פונעם בענקל — דאָס איז ליזעס אַרבעט. ליזע! אַנו קום נאָר אַהער, ליזע!

ניט טויט ניט לעבעדיק קומט אַרייַן דאָס שטובמיידל און קוקט אויפן בעל־הבית, אויפן פּראָקוראָר און אויפן דאָקטאָר.

— וואָס האָסט דו געהאַט צו חיימען? — מאַכט צו איר מערדערמאַן מיט כעס. — וואָס האָסטו געוואָלט האָבן פון זייַן לעבן? פאַר וואָס קומט אים סמען? נעבעך אַזאַ ערלעך קינד? גענוג וואָס דו האָסט אים אָפּגענאַרט, געפירט בייַ דער נאָז אַ גאַנץ יאָר כסדר, צוגעזאָגט אים, אַז דו וועסט זייַן זייַנע און האָסט גאָר געראָמאַנסירט מיט ישׂראליק דעם שנייַדער, דו מיינסט איך ווייס ניט? איך ווייס אַלצדינג!

— מערדערין! — מאַכט צו איר חיימקע דאָס מלמדל און הייבט אויף אויף איר ביידע הענט — ביסט ערגער פון אַ שלאַנג, פאַרפלוכט און פאַרשאָלטן זאָלסט דו ווערן פון גאָט!

— קייטן! — האָט אַ געשריי געטאָן דער פּראָקוראָר, און די זשאַנדאַרן האָבן אַ כאַפּ געטאָן ליזען, זי געשמידט אין אייַזערנע קייטן און אַוועקגעפירט אין אָסטראָג אַרייַן, און חיימקע דאָס מלמדל האָט זיך פאַר גרויס האַרצוווייטיק צונויפגעשלאָגן עטלעכע קערבלעך, גענומען דאָס קלימעקל אויף די פּלייצעס און הייַדאַ קיין פּאַריז.

## דריטער טייל

## חיימקע דער מלמד — גראַף תּרנגול פֿון פּאַריז

שרה־ריבה די קעכין איז געווען אַן עגונה פֿון אַ קליין שטעטל פּאַקוליע. צוויי יאָר נאָך דער חתונה האָט זי דער מאַן אַוועקגעוואָרפֿן מיט צוויי פּיצלעך קינדער, אַ ייִנגל מיט אַ מיידל, חיימקע מיט לאהטשע, וועלכע גוטע לייט האָבן צוגענומען צו זיך, און די עגונה נעבעך האָט זיך געלאָזט פֿון שטאָט צו שטאָט זוכן איר מאַן, ביז זי איז געקומען קיין ליוונע און האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ קעכין בײַ ר׳ שמערל מערדערמאַן, וועלכער איז געווען, פֿאַרשטייט זיך, טאַקע איר מאַן און וועלכן זי האָט באַלד דערקענט, נאָר זי האָט זיך געמאַכט תּמעוואַטע, ווײַל זי האָט ניט געהאַט קיין פּאַפּיר. האָט זי אַוועקגעשריבן קיין פּאַקוליע צום רב אַ בריוול, ער זאָל איר צושיקן אַ פּאַפּיר, און דערווײַל האָט זי נעבעך געמוזט שווײַגן, שטיין טאָג ווי נאַכט בײַם אויוון. ווי גרויס איז אָבער געווען איר וווּנדער, אַז זי האָט דערקענט אין חיימקע דעם מלמדל איר זון חיימקע און אין ליזע דאָס דיסטמיידל איר טאָכטער לאהטשע, און זי האָט גאָרניט געקאָנט מאַכן, וואָרעם דער פּאַקוליער רב האָט איר נאָך אַלץ ניט צוגעשיקט די פּאַפּירן.

ווי גרויס איז אָבער געווען איר שמערץ, אַז זי איז געוווירר געוואָרן פֿון דעם אומגליק, אַז איר חיימקע נעבעך איז אַוועק קיין פּאַריז און איר טאָכטער ליזע איז פֿאַרשטעקט אין אָסטראָג! פֿולע טײַכן טרערן האָט נעבעך שרה־ריבה די אומגליקלעכע קעכין פֿאַרגאָסן! אַ גאַנצן פֿאָנטאַן. איין מאָל, אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן, אין עטלעכע יאָר אַרום, איז זי געזעסן אויף דער קיכבאַנק און האָט געזונגען זייער אַ מאָראַליש ליד מיט אַ מינאָרנעם ניגון:

> קיינעם האָט נאָך אויף דער וועלט אַזאַ אומגליק ניט געטראָפֿן,
> אַז דער מאַן זאָל אַוועקוואַרפֿן און דער זון זאָל פֿליִען קיין פּאַריז,
> די טאָכטער זאָל זיצן אין אָסטראָג, און דאָס ווײַב זאָל ניט אויפֿהערן
> צו האָפֿן,
>
> זײַן אַ קעכין בײַ איר מאַן און טראָגן זײַן קאַפּריז!...

פּלוצעם עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן אין קיך אַרײַן זייער אַ רײַכער מאַן מיט אַ סך אָרדענעס און רופֿט זיך אָן צו שרה־ריבהן:

— איך האָבע די ערע מיך פֿאָרצושטעלן: גראַף תּרנגול פֿון פּאַריז.

— חיימקע מײַן זון! — שרײַט אויס שׂרה־ריבה די קעכין און פֿאַלט אין אוממאַכט.

— מײַן מוטער! מײַן אומגליקלעכע מוטער!! — שרײַט אויס דער גראַף תּרנגול און פֿאַלט אין אוממאַכט.

פערטער טייל

## ווי בוימל אויפֿן וואַסער

רב שמערל מערדערמאַן זיצט בײַ זיך אין קאַבינעט מיט רב רפֿאל שעכטמאַן און מען ציילט געלט.

— שוין פֿאַרטיק בײַ דיר אויפֿן בית־עלמין אַלעס, רפֿאל?

— נאָך אַ מין פֿאַרטיק! הײַנט בײַ נאַכט, אַרום זייגער צוויי נעמט מען אַ פֿרישינקן מת און מען וואַרפֿט אים אונטער דעם היגן גביר. ס'איז שוין אַפֿילו גרייט בײַ מיר אין קעשענע אַ מסירהלע אויך.

— נו, און עדות האָסט דו באַשטעלט?

— נאָך אַ מין עדות! אַ האַלבע שטאָט וועט בײַ מיר גיין שווערן אַז מען האָט אים געזען טראָגן אַ טויטן מענטש פֿאַר די פֿיס. וועט ער געבן אַ מיליאָן איז גוט, אַלאַ ניט, וועט ער בײַ מיר פֿאַרפֿוילט ווערן אין אָסטראָג!

— וועט דער מיליאָן זײַן יחדיו, רפֿאל?

— נאָך אַ מין יחדיו!

— ערן וואָרט?

— בנאמנות!

פּלוצעם עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן דער גובערנאַטאָר מיט אַ גאַנצן פּאָלק קאָזאַקן און זשאַנדאַרן. מערדערמאַן און שעכטמאַן האָבן אַפֿילו געוואָלט אַרויסשפּרינגען דורכן פֿענצטער, רופֿט זיך אָן צו זיי דער גובערנאַטאָר: „סטאָפּ!‟ און ער טוט אַ געשריי מען זאָל זיי באַלד שמידן אין קייטן, און עס טרעט אַרויס דער גראַף תּרנגול פֿון פּאַריז און רופֿט זיך אָן צו מערדערמאַן בזה־הלשון:

— זעסטו, דו מערדער, דעם סוף וואָס דו האָסט פֿאַר אַלע מערדערײַען, וואָס דו האָסט אויפֿגעטאָן מיט דײַן שותּף שעכטמאַן ביז הײַנטיקן טאָג. איך האָב אויפֿגעוויזן אַלע אײַערע גנבות און גזלות און רציחות. זאָג נאָר, דו האָסט מיך דערקענט, צי ניין? איך בין חיימקע דאָס אָרעמע מלמדל, וואָס האָסט מיך

פֿאַרנאַרט צו זיך אויף טיי און געוואָלט מיך סמען, דו אוממענטש איינער, בכדי דו זאָלסט קענען חתונה האָבן מיט מײַן געליבטער ליזע, וועלכע איך האָב נאָר וואָס אַרויסגענומען פֿון אָסטראָג, אָט שטייט זי פֿאַר דײַנע אויגן, דו מערדער! דו דעספּאָט! גיב אונדז אָפּ מזל־טוב, דו טיראַן, דען זי איז מײַן געליבטע כּלה, איך וועל גיך הייראַטן מיט איר און זי וועט טראָגן דעם נאָמען גרעפֿין תּ ר נ ג ו ל ת, וואָרעם מײַן נאָמען איז הײַנט שוין ניט חיימקע, נאָר גראַף תּרנגול! איך בין אומגעהײַער רײַך און גרויס! וויפֿל שמערצן האָב איך אָבער איבערגעטראָגן ביז איך בין געקומען צו אַזאַ הויכער מדרגה! וויפֿל טרערן האָבן מיר ביידע פֿאַרגאָסן, איך דאָרטן אין פּאַריז, און זי, מײַן ליבע טײַערע כּלה, ליזע נעבעך, אין אָסטראָג?!..

בײַ די ווערטער האָט זיך חיימקע דער גראַף תּרנגול אַזוי צעוויינט, אַז דער גוּבערנאַטאָר האָט געמוזט אָפּטרעטן אָן אַ זײַט און אויסשנײַצן די נאָז... און אַפֿילו די קאָזאַקן מיט די זשאַנדאַרן האָבן זיך געווישט די אויגן. נאָר איין מערדערמאַן און זײַן שותּף שעכטמאַן האָבן ניט געוויינט. זיי זענען געשטאַנען צוגעקאָוועט איינס צום אַנדערן און געקוקט אין דער ערד אַרײַן. דער גובער־נאַטאָר האָט נאָר געוואָלט אָפּגעבן אַ באַפֿעל, מען זאָל זיי אָוועקפֿירן אין אָסטראָג אַרײַן, פּלוצעם עפֿנט זיך די קיכטיר און עס פֿליט אַרײַן שׂרה־ריבה די קעכין, טוט אַ פּליעסק מיט די הענט און שרײַט אויס צום גאַנצן עולם:

— גאָט! גאָט! גאָט! דו ביסט גערעכט און דײַן מישפּט איז גערעכט! זײַט וויסן, רבותים, אַז מערדערמאַן, דאָס איז טאַקע מײַנער אַ מאַן. ער האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַן עגונה. אָט קענט איר זען, עס זענען מיר נאָר וואָס אָנגע־קומען די פּאַפּירן פֿון אונדזער רב פֿון פּאַקוליע. אָט דער טיראַן, דער מערדער, דער אוממענטש האָט מיך אַוועקגעוואָרפֿן מיט צוויי קינדער פּיסקליאַטעס, אַ ייִנגל מיט אַ מיידל, אָט ז'אָס זענען זיי טאַקע: דער גראַף תּרנגול פֿון פּאַריז — דאָס איז מײַן חיימקע לעבן זאָל ער, און זי, ליזענקע, וואָס איז נעבעך אומזיסט־אומנישט געזעסן אין אָסטראָג, דאָס איז מײַן טאָכטער לאַהטשע.

— אַ גאָט! — האָט אויסגעשריגן ר׳ שמערל מערדערמאַן ניט מיט זײַן קול און איז אַרויפֿגעפֿאַלן אויף זײַן שותּף שעכטמאַן, האָט אים געכאַפּט בײַם האַלדז און האָט אים אַזוי לאַנג געשטיקט, ביז יענער איז געפֿאַלן טויט.

— געשאָסן זאָל ער ווערן!! האָט דער גובערנאַטאָר געגעבן אַ באַפֿעל — און צען ביקסן האָבן אַרויסגעלאָזט אַ שאָס, און רב שמערל מערדערמאַן איז געפֿאַלן טויט.

— פֿאָטער! — האָט אויסגעשריגן חיימקע תּרנגול פֿון פּאַריז ניט מיט זײַן קול — דאָס האָב איך דיך געטויט? ליזע, ביסט דו, הייסט דאָס, מײַנע אָן אייגענע שוועסטער? אָ גאָט! — ער כאַפּט אַ שפּיז, שטעכט זיך אַרײַן אין האַרצן און פֿאַלט.

— פֿאָטער! מוטער! ברודער! — שרײַט אויס די אומגליקלעכע ליזע, כאַפּט אַ שווערד, קוילעט זיך איבער דעם האַלדז און פֿאַלט.

— אָ מײַנע קינדער!!! — שרײַט אויס די אומגליקלעכע מוטער, כאַפּט אַ מעסער, שטעכט זיך אַרײַן אין בויך און פֿאַלט.

— אָ, אומגליקלעכע העלדן מײַנע! — שרײַט אויס דער מחבר פֿונעם ראָמאַן, כאַפּט דאָס ווערק, שלינגט דאָס אײַן און ווערט דערוואָרגן.

— אָ, אומגליקלעכער פּאַרפֿאָסער! — שרײַט אויס דער לעזער פֿון דער דאָזיקער טרויעריקער געשיכטע און לויפֿט זיך הענגען אָדער טרינקען.

## ע פּ י ל אָ ג

נאָך עד־היום קאָנט איר זען אין ליוונע אויפֿן בית־עלמין אַ גאַנצע רײַ קברים: אויבן ליגט מערדערמאַן דער שקאָנטיסט, נעבן אים שעכטמאַן דער פּראָצענטניק. אַקעגן ליגט שׂרה־ריבה די עגונה מיט אירע צוויי קינדער חיימקע אָדער גראַף תּרנגול פֿון פּאַריז, און איר טאָכטער לאַהטשע. בײַ דער זײַט ליגט דער פּאַרפֿאָסער פֿון דער געשיכטע און טאַקע נעבן אים דער לעזער.

בויבעריק, אויגוסט 1899

# ייִדישע גאַזעטן און זשורנאַלן

## אַ פאַנטאַזיע

די פּאַרשוינען:

לשון־קודש — אַן אַלטע גרייַז־גרויע פרוי, אַ גרויסע מיוחסת; אַ שיין איידל פּנים מיט אַ שוואַרצן שלייער.

זשאַרגאָן — אַ יונג מיידל מיט זייער אַ פּשוט אויסזיכט, גראָבע סקאַרבאָווע הענט, נאָר וואָס פונעם קיכאויוון...

אַחיאסף — אַ יונגער־מאַן וואָס זיצט אויף קעסט, האַנדלט אונטער מיט ספרים.

תּושיה — אַ רייַכער יונגער־מאַנטשיק, אַ בעל־הבית פאַר זיך.

לוח־אַחיאסף — אַ יונגער־מאַן אַ משׂכּיל.

השילוח — אַ שטילער מענטש, גייט פּאַוואָליע, אַ ווינציקער רעדנער.

המליץ — אַן אַלטער בעל־הבית, אַ יורד...

הצפירה — אַן אויפגעקומענער נגיד...

הצופה / הזמן — צוויי ייִדן, מען ווייסט ניט ווער זיי זענען און פון וואַנען.

פאָלקסצייַטונג / פרייַנד — צוויי פּראָסטע בעלי־מלאָכות, פייַנע יונגען מיט געזונטע פּלייצעס.

וואָסכאָד / בודושטשנאָסט — צוויי בחורים, וואָס רעדן ניט קיין וואָרט ייִדיש, נאָר מען איז מבין כל דיבור.

די געשיכטע קומט פאָר דעם 31סטן דעקאַבער 1902

לשון־קודש: (האַלט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיפצט און קרעכצט און רעדט צו זיך אַליין מיט אַ טרויעריקער שטים) אוי, אַז אַך און ווי איז צו מיר, אויף וואָס איך בין איבערגעקומען און צו וואָס איך האָב מיך דערלעבט!

זשאַרגאָן: (גייט צו צו איר, מיט מיטלייד) וואָס איז אייך, מומעניו, וואָס טוט אייך וויי?

לשון־קודש: (קוקט ניט אויף איר) וואָס טוט מיר וויי? דאָס האַרץ טוט מיר וויי...

זשאַרגאָן: דאָס האַרץ? זיך צוגעקילט מסתמא? קאָן איך אייך געבן אַ מיטל...

לשון־קודש: (הייבט אויף דעם קאָפּ) דו? דו וועסט מיר געבן אַ מיטל? ניין, מיין קינד, דו קאָנסט מיר ניט געבן קיין שום מיטל, דו פאַרשטייסט מיך ניט! דו קאָנסט מיך ניט פאַרשטיין!.. ווי איז מיר, וויינד איז מיר, אַ קלאָג צו מיינע אַלטע יאָרן! (ברעכט די הענט און קרעכצט).

אַחיאסף: (לויפט צו כלומרשט מיט גרויס רחמנות) גאָט איז מיט אייך, באָבעניו, אויף וועמען קלאָגט איר דאָס אַזוי?

לשון־קודש: אויף מיינע קינדער, וואָס האָבן מיך פאַרלאָזט און פאַרגעסן, פאַרביטן מיך אויף אַנדערע... וווּ זענען זיי ערגעץ אַלע מיינע ליבע און געטרייע, וואָס האָבן מיך כּורת־ברית געווען אויף אייביק? וווּ זענען זיי מיינע טייערע קינדער; ישעיה, ירמיה, יהודה הלוי, מאַפּו, לעבענזאָן, גאָרדאָן און די אַלע איבעריקע? אַוועק, אַוועק!.. געשטאָרבן, געשטאָרבן!..

אַחיאסף: געשטאָרבן, באָבעניו? מיר וועלן אַלע שטאַרבן. איינער שטאַרבט, דער אַנדערער ווערט געבוירן און וועלט בלייבט אַ וועלט.

המליץ: מי יחיה ומי ימות...

הצפירה: מי בקצו ומי לא בקצו...

הצופה: דור הולך ודור בא...

הזמן: והאָרץ לעולם עומדת...

זשאַרגאָן: וואָס זאָגן זיי עפּעס?

פאָלקסצייטונג } סע שיט זיך ביי זיי פּסוקים ווי פון אַ זאַק!
פריינד

וואָסכאָד } קאַק איז ראָגאַ איזאָבילִיאַ...
בודושטשנאָסט

לשון־קודש: קינדערלעך, די וועלט בלייבט טאַקע אַ וועלט, נאָר איך גיי אונטער; וואָס אַ טאָג, וואָס אַ טאָג פאַל איך אַלץ נידעריקער און נידעריקער. מען האָט מיך פאַרגעסן, פאַרביטן אויף אַנדערע; מען דינט היינט נייע עבודה־זרות...

אַחיאסף: איך, באָבעניו, ניט! גאָט איז יודע דעם אמת, ווי איך דין אייך

געטרײַ. איך צי פֿון זיך די קליי, איך בין זיך מפֿקיר פֿאַר אײַערט וועגן! וואָס מיך האָט אָפּגעקאָסט דער „הדור" פֿאַראַיאָרן זאָלן מיר דאָס אַלע דאָ פֿאַרמאָגן... אָט פֿרעגט דעם לוח, פֿרעגט דעם השילוח! וואָס שווײַגט איר?

לוח: אמת, אמת, ווי מיר זענען ייִדן!

השילוח: (שווײַגט, קוים וואָס ער שאָקלט צו מיטן קאָפּ) ע־מהי...

אַחיאסף: איך בין ניט גלײַך צו אַנדערע (קוקט אויף „תּושיה"), אַנדערע באַנוצן זיך מיט אײַער הייליקן נאָמען, באָבעניו, רעכענען זיך פֿאַר אײַערע געטרײַע איניקלעך און גיבן אַרויס ביכלעך אויף עברי־טײַטש, פֿאַרפּלייצן די וועלט מיט בלעטער, מיט „פֿאָלקסצײַטונג", מיט „פֿרויענוועלטן", מיט „פֿרע־מיעס"...

תּושיה: (גייט צו) דאָס מיינט מען מיך? פֿאַרשטאָכענע אויגן! און ווו איז דער „יוד" מיט דער „יודישע פֿאַמיליע" מיט דעם „קליינעם יודעלע" מיט... מיט אַלע איבעריקע ייִדישע ביכלעך וואָס רב אַחיאסף האָט אַרויסגעגעבן?

אַחיאסף: דאָס איז אַלץ געווען אַ מאָל. אויס „יוד", אויס „יודישע פֿאַ־מיליע", — אויס „קליין יודעל"! — מגולגל געוואָרן און... געשטאָרבן.

המליץ: נפֿטר געוואָרן?

הצפֿירה: ברוך דיין אמת!

הצופֿה: כּן יאבדו!

הזמן: כּל אויבי עמך ישׂראל!

זשאַרגאָן: וואָס זאָגן זיי?

פֿאָלקסצײַטונג<br>פֿרײַנד } דאָס קוועלט מען אָן וואָס אַ „יוד" איז געשטאָרבן...

וואָסכאָד<br>בודושטשנאָסט } וו'טשוזשאָם פּירו פּאָכמיעליע

זשאַרגאָן: אַ גדולה אויף דער באָבען! איך האָב געמיינט אַז אַ „יוד" שטאַרבט אָפּ באַדאַרפֿן ייִדן וויינען...

אַחיאסף: געפֿעלט אײַך די דינסטמויד, זי איז דאָך גאָר אַ גאַנצער פֿילאָסאָף!

תּושיה: ווי לאַנג האָט איר אַליין געחנפֿעט די דאָזיקע דינסטמויד, געווען מיט איר קוצעניו־מוצעניו, טויזנט קאָמפּלימענטן? און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ נאָמען „דינסטמויד"?

אַחיאסף: וואָס איז די מעשׂה, וואָס איר נעמט זיך אָן די קריוודע פֿון דער דינסטמויד? זי קאָן דען אַליין ניט באַשטיין איר שטעטל?

זשאַרגאָן: וועמען מיינט מען דאָס די „דינסטמויד”?

המליץ
הצפירה } (צעלאַכן זיך) כאַ־כאַ־כאַ!

הצופה
הזמן } (העלפֿן לאַכן) כי־כי־כי!

זשאַרגאָן: געפֿעלט אײַך אַ ביסל אַ געלעכטער? אַ געלעכטער זאָל אײַך אויסוואַקסן אויפֿן פּופּיק!

המליץ
הצפירה } (לאַכן נאָך שטאַרקער) כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

הצופה
הזמן } (העלפֿן לאַכן) כי־כי־כי־כי!

זשאַרגאָן: וואָס לאַכן זיי?

פֿאָלקסצײַטונג
פֿרײַנד } זיי קוועלן אָן פֿון דײַן שפּראַך.

אַחיאסף: אַ בלומענשפּראַך פֿונעם פּישמאַרק.

תּושיה: ווי לאַנג האָט איר אַליין עקספּלאָאַטירט די דאָזיקע שפּראַך פֿונעם פּישמאַרק?

אַחיאסף: מיר האָבן אויפֿגעהערט און איר האָט אָנגעהויבן. מיר האָבן זיך מיט דער דאָזיקער דינסטמויד אָפּגעגט און איר האָט זי גענומען. מיר ווינטשן אײַך גליק און אריכת־ימים. גאָט זאָל אײַך העלפֿן איר זאָלט זיך מיט איר עלטערן אין עושר און אין כּבוד...

תּושיה: אַ דאַנק!

אַחיאסף: נישטאָ פֿאַר וואָס!

המליץ
הצפירה } די דאָזיקע צוויי זענען זיך די בעסטע גוטע פֿרײַנד; וואָס זיי ווינטשן זיך איינס דאָס אַנדערע מעג עס פֿאַלן אין ים אַרײַן.

זשאַרגאָן: וועלן אויספּגרן אַלע פּיש.

לשון־קודש: גענוג אײַך שוין, קינדערלעך, זיך איבערוואַרפֿן מיט שטעכווערטלעך. זאָגט בעסער ווער זענט איר, איך זע שוין ניט אַקוראַט אין דער פֿינצטער...

המליץ: איך בין, באָבעניו, דער עלטסטער פֿון אײַערע געטרײַע אייניקלעך, שוין העכער דרײַסיק יאָר, און איך גיי מיר מײַן וועג, דין אײַך געטרײַ, האַלט מלחמה מיט זשאַרגאָן...

לשון־קודש: און וואָס איז דאָס פֿאַר „בלעטלעך״ וואָס שלעפּן זיך דיר נאָך פֿון אונטן?

המליץ: דאָס איז גלאַט אַזוי, מײַנע אייגענע „בלעטער פֿון אַ טאָג־בוך״, וואָס איך אַליין פֿיל זיי אָן פֿון אויבן ביז אַראָפּ, איך אַליין זעץ זיי אויס, איך אַליין דרוק זיי אָפּ...

זשאַרגאָן: און טאָקע ער אַליין, מחילה, לייענט זיי...

אַחיאסף: טאָמער וואָלט מען געבעטן די דינסטמויד, אַז בשעת מען רעדט מיט לשון־קודש זאָל זי שטומען?

לשון־קודש: (צו הצפֿירה) און ווער ביסט דו?

הצפֿירה: איך בין אַ וואַרשעווער חברה־מאַן, דאָס הייסט אַן אייראָפּעער, אַ וועלטלעכער מענטש, ניט קיין בטלן, ניט קיין מלמד, איך באַזיץ אַכט שפּראַכן...

זשאַרגאָן: ער רעדט הייסט עס פֿון פֿײַער און פֿון וואַסער און פֿונעם שלאָף און אויפֿן ווינק און האַלבע ווערטער און צו דער וואַנט און אונטער דער נאָז און אויפֿן רבין...

אַחיאסף: אַ מויל! פּעך און שוועבל!

לשון־קודש: (באַווײַזט אויף הצופֿה און הזמן) און ווער זענען יענע צוויי יונגע־לײַט? עפּעס ניט קענטלעכע, משמעות ניט קיין היגע?

הצופֿה: איר ווילט וויסן, באַבעניו, ווער איך בין? טוט אַ קוק אויף הצפֿירה; דאָס בין איך — ער מיט די ביינער; יענער גייט אַרויס אַלע טאָג, איך גיי אַרויס אַלע טאָג; יענער הייבט זיך אָן מיט אַ ה׳ און מיט אַ צדיק, איך הייב זיך אָן מיט אַ ה׳ און מיט אַ צדיק...

הזמן: און איך גיי אַרויס לעת־עתּה נאָר צוויי מאָל אין דער וואָך...

זשאַרגאָן: און איז צופֿרידן...

לשון־קודש: (באַווײַזט אויף פֿאָלקסצײַטונג און פֿרײַנד) און יענע צוויי?

פֿרײַנד: פּראָסטע ייִדן, בעלי־מלאָכות, לעבן פֿון אייגענער האָרעוואַניע און רעדן פּראָסט ייִדיש. איך בין דער ערשטער צווישן ייִדן, וואָס מען האָט מיר דערלויבט איך זאָל אַרויסגיין אַלע טאָג אין פּעטערסבורג...

פֿאָלקסצײַטונג: און איך גיי נאָך לעת־עתּה ניט אַרויס אַלע טאָג, בסך־הכּל איין מאָל אין וואָך, נאָר דערפֿאַר קאָסט איך אין גאַנצן פֿיר קאַרבונעס אַ יאָר און שענק אַ פּרעמיע אַלע ווערק פֿון שלום־עליכם אין 4

בענד פֿאַר איין קערבל, דאָס הייסט צוזאַמען מיט אַלע ווערק פֿון שלום־עליכם קאָסט איך פֿינף קאַרבן...

אַחיאָסף: איר האָט געהערט די מעשׂה מיטן אָקס? אַ מאָל איז געווען אַ ייִד אַן אָקסן־הענדלער. האָט זיך געטראָפֿן, ער איז פּלוצעם פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן, האָט ער מנדר געווען אַן אָקס אויף אָרעמע־לייַט. אַז גאָט האָט געהאָלפֿן ער איז געזונט געוואָרן, האָט ער זיך באַטראַכט, אַז אַוועקגעבן אַן אָקס איז אַן עבירה — ער קאָסט אַ פֿופֿציקער. וואָס טוט מען? איז ער געפֿאַלן אויף אַן עצה: ער האָט אַרויסגעפֿירט אויפֿן מאַרק אַן אָקס מיט אַ האָן און האָט אַוועקגעשטעלט אַ מקח: פֿופֿציק קאַרבן פֿאַרן האָן, און פֿאַרן אָקס ניט מער ווי פֿופֿציק קאָפּיקעס, נאָר בתּנאַי, אַז דעם אָקס אָן דעם האָן פֿאַרקויפֿט ער ניט...

זשאַרגאָן: אַ משל לעמעשקע.

אַחיאָסף: די דינסטמויד לאָזט גאָר אַ וואָרט ניט אַרויסרעדן! אַן עזות אַ ביסל!

המליץ: שבעה דברים בגולם.

הצפֿירה: חותפע כלפי שמיה מהני.

הצופֿה: ענה כסיל כאולתו.

זשאַרגאָן: וואָס זאָגן זיי?

פֿאָלקסצייַטונג, פֿרייַנד: מען שפּרעכט דיר אָפּ אַ גוט אויג, מען חזרט פּסוקים...

זשאַרגאָן: מען לופּטערט הייסט דאָס די שפּראַך?

וואָסכאָד, בודושטשנאָסט: וועגטילירויוט אימושטשעסטוואָ...

אַחיאָסף: די צוויי בחורים האַלטן פֿון זשאַרגאָן אַן עולם ומלואו; וואָס זשאַרגאָן זאָגט, זעצן זיי באַלד איבער אויף זייער לשון.

לשון־קודש: (הילט זיך אײַן אין שוואַרצן שלייער, לאָזט זיך גיין מיט אַ זיפֿץ) זייַט געזונט, קינדערלעך, קריגט אײַך ניט, לעבט אין פֿרידן, און פֿאַרגעסט ניט אײַער אַלטע, אַלטע באָבע... (אַחיאָסף, תּושיה, לוח, השלוח, המליץ, הצפֿירה, הצופֿה, הזמן, לאָזן זיך זי באַגלייטן, זשאַרגאָן וויל אויך נאָכגיין, לאָזט מען ניט (אַוועק, דינסטמויד!) וואָסכאָד און בודושטשנאָסט גריסן איר פֿון דער ווייַטן).

יאַנואַר 1903

# ל צ נ ו ת

## מײַן לעזער

— הערט איר, כאַ־כאַ, האָבן מיר געלאַכט פֿון אײַערס אַ ביכל, ווי אַזוי הייסט עס דאָרטן? מיר האָבן געלייענט, דאָס הייסט, ניט איך — מײַן ווײַב, וואָרעם ווו האָב איך צײַט צו לייענען מעשׂיות, און נאָך זשאַרגאָן דערצו? דאָס הייסט, לייענען לייען איך, מיינט ניט אַז איך לייען ניט. די „בירזשעוויע" לייען איך, און די „נִיוואַ". און נאָך דאָרטן בלעטער לייען איך. נאָר וואָס דען? מײַן ווײַב האָט מיך געבעטן, טאָמער וועל איך אײַך זען זאָל איך אײַך זאָגן, איר זאָלט מוחל זײַן אונדז הייסן שיקן דאָס בלאַט מיט דער פּרעמיע. געלט וועט איר אַרײַנקומען, וועל איך אײַך נאָך דעם געבן. ווי אַזוי הייסט עס, דאָס דאָזיקע בלאַט? מײַן ווײַב האָט מיר אַפֿילו געזאָגט דעם נאָמען, נאָר איך האָב שוין פֿאַרגעסן. האָט איר כאָטש אַ סך אַבאָנענטן? עס דאַרף זײַן ניט קיין שלעכט געשעפֿט דאַרף דאָס זײַן? כאָטש אַפֿילו עס דאַרף זײַן דערבײַ הוצאות, וואָרעם פֿאַרן שרײַבן וואָס איר שרײַבט צאָלט מען אײַך דאָך — וואָס האָט איר דערפֿון? צאָלן זיי אײַך כאָטש ווי עס געהער צו זײַן פֿאַר אײַערע טעלעפֿאָנען? איר ווייסט, איך דאַרף אײַך זאָגן דעם אמת, פֿאַראַיאָרן בין איך געוועזן ניט צופֿרידן פֿון אײַך. ווינציק האָט איר באַשריבן אונדזערע לײַט, זייער זייער ווינציק! אַ מאָל פֿלעגט איר מער באַשרײַבן זיי, און הײַנט פֿאַלשעוועט איר. אַ פּנים, איר האָט מורא פֿאַר פּעטש? שעמט זיך ניט, זאָגט דעם אמת — אַיאָ, איר האָט מורא פֿאַר פּעטש?... אַנומלט האָט מען מיר געזאָגט, אַז איר האָט מיך אויך אַרײַנגעשטעלט אין צעטל. האָב איך געזוכט און געזוכט און ניט געקאָנט געפֿינען. אײַער גליק, וואָס איך האָב ניט געפֿונען, וואָרעם ווען איך געפֿין מיך דאָרטן בײַ אײַך אין אײַערן אַ טעלעפֿאָן, מעגט איר שוין זײַן זיכער... איר דאַרפֿט וויסן, אַז איך בין ניט גלײַך צו זיי, ווי אַזוי רופֿט איר זיי דאָרטן? כאַ־כאַ, אויסגעצייכנט, ווי איך בין אַ ייִד! איר וואָלט זיי געמעגט נאָך אַ מאָל, כ׳לעבן, באַשרײַבן! איר זאָלט מיך פֿאָלגן, וואָלט איר זיך גענומען צו זיי גאָר איבער אַ נײַס! וואָס כאַפּט איר זיך אַזוי? איר האָט קיין צײַט ניט? שטייט אַ ווײַלע, וועל איך אײַך געבן שטאָף, וועט איר האָבן אויף דרײַ טעלעפֿאָנען, כאַ־כאַ! מאַטעריאַל אַז איר דאַרפֿט, זאָלט איר קומען צו מיר! איך וועל אײַך אויסרעכענען אַ צעטל, הערט איר, וועט איר לעקן די

פינגער, וואָרעם איך קען זיי, הערט איר, אַלעמען אויסגעבונדן. צום אַלעם ערשטן וואָלט איר באַדאַרפט נעמען — ווייסט איר וועמען ?.. וואָס ? איר גייט טאַקע אַוועקעט ? שיקט זשע מיר אַרײַן דאָס בלאַט. געלט וועט איר אַרײַנקומען, וועט מען אײַך נאָך דעם געבן אויף אַ האַלב יאָר מיט דער פּרעמיע. געדענקט זשע, למען־השם מיט דער פּרעמיע, מחמת איך וויל, דאָס הייסט, ניט איך, וואָרעם, ערשטנס, ווען האָב איך צײַט צו לייענען, און נאָך זשאַרגאָן דערצו ? דאָס הייסט, לייענען לייען איך. די „בירזשעוויע״ שרײַב איך אויס און די „ניוואַ״ און נאָך דאָרטן אַנדערע בלעטער. נאָר מײַן ווײַב האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל אײַך זאָגן, איר זאָלט זאָגן, מען זאָל אונדז אַרײַנשיקן דאָס בלאַט מיט דער פּרעמיע. געלט וועט איר אַרײַנקומען, וועט מען אײַך נאָך דעם געבן...

## מײַן חסיד

איין מאָל, אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן, עפֿנט זיך בײַ מיר די טיר און עס קומט אַרײַן אַ מענטש, אויפֿן אויסזען זייער אַ פֿײַנער, אַ לײַטישער און אַן איידעלער, אַ קליינשטעטלדיקער אינטעליגענט, טוט אויס דעם אייבערראָק, הענגט אים אויף אויפֿן פֿלעקל, זוכט אַ ריין אָרט פֿאַרן קאַפּעליוש און קאָן ניט געפֿינען, מחמת ס'איז בײַ מיר, פֿאַרשטייט איר, אָנגעוואָרפֿן מיט פּאַפּירן, ביכער און גאַזעטן, און דעריבער דרייט ער זיך אַ ביסל אַרום איבערן שטוב, ביז ער געפֿינט אַן אָרט אויף דעם קאַרניז פֿון דער הרובע. נאָר מחמת דער קאַרניז איז אַ שמאָלער קאַרניז, וויל דאָרט דער קאַפּעליוש ניט ליגן, שפּרינגט ער אַראָפּ ווי אַן עזות־פּנים און קײַקלט זיך אויף דער ערד, און מײַן גאַסט האָט אַן אַרבעט: נאָכיאָגן זיך נאָכן עזות־פּנים און געפֿינען פֿון זײַנט וועגן אַ בעסער אָרט.

— פֿאַרדאָן! זאָגט ער צו מיר, האָט קיין פֿאַראיבל ניט, איך שטער אײַך אפֿשר פֿון דער אַרבעט ? איך בין אַליין פֿון ווײַט (ער רופֿט מיר אָן די שטאָט פֿון וואַנען ער איז. דאָס פּנים בשעת־מעשׂה איז אים רויט און סע שוויצט). אַליין בין איך אַ סוחר, האַנדל מיט האָלץ, מיט וואַלד, אַ ייִד פֿון וואַלד, ווי אַזוי הייסט דאָס בײַ אײַך ? אַ האַק אַ בוים, אַ פּליוך אין וואַסער, כי־כי־כי ! (און ער פֿאַר־שטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און עס פּאַלט אָן אויף אים אַ מוראַדיקער געלעכטער, און וואָס מער ער וויל זיך אײַנהאַלטן, אַזוי מער לאַכט ער).

— וואָס זשע אייגנטלעך האָט איר געוואָלט זאָגן און מיט וואָס קאָן איך אײַך דינען ?

— גאַרניט! גאָלע גאַרניט! — זאָגט ער — איך בין אַרײַנגעגאַנגען צו אײַך אָן אַ שום געשעפֿט, נאָר גלאַט אַזוי זיך מיט אײַך באַקענען, כאָטש אָנקוקן אײַך, װאָרעם איך בין אײַערער אַ חסיד, זאָלט איר װיסן, אַ הייסער חסיד! אָבער גאָר אַ הייסער חסיד! נאָך אַז איך בין אַרויסגעפֿאָרן פֿון דער היים האָב איך מיר געזאָגט: עס זאָל מיך קאָסטן מי יודע װיפֿל, מוז איך אײַך זען! װאָרעם װאָס הייסט, איך װעל זײַן אין יעהופּעץ און װעל אײַך ניט זען? איך האָב אַװעק־געװאָרפֿן אַלע געשעפֿטן און בין געגאַנגען אַהער, ס'איז עפּעס אַ תּירוץ? און אַז איך זאָל װיסן אַז דאָס גאַנצע געשעפֿט גייט צו גרונד, װעל איך זיך דען אָפּ־שטעלן? װאָרעם בײַ אונדז אין דער היים לייענען מיר אײַך כּסדר, מיר לאָזן אײַך ניט אַרויס פֿונעם מויל. איר זענט בײַ אונדז איטלעכן טײַער, מעגט איר מיר גלייבן, ממש אײַנגעבאַקן אין האַרצן װי עפּעס אַן אייגענער. אַז ס'מאַכט זיך, עס גייט אַװעק אַ שטיקל צײַט און איר זענט ניטאָ אויפֿן בלאַט, בענקען מיר נאָך אײַך, גייען אַרום אָן קעפּ. װאָרעם קיינער פֿאַרשטייט אײַך ניט אַזוי, װי מיר פֿאַרשטייען אײַך, און איבערהויפּט איך. איר זאָלט מיך האָרכן, גלייבט מיר, װי איך לייען אײַערע מעשׂיות, װאָלט איר אַליין געזאָגט, אַז נאָך אַזאַ חסיד װי איך האָט איר ניט געהאַט און װעט ניט האָבן!

איך קוק בשעת־מעשׂה אויף מײַן חסיד און זע װי דאָס פּנים בײַ אים לויכט און די אויגן ברענען — איך בין זיך מודה פֿאַר אײַך — עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט און איך לאָז אים רעדן װײַטער.

— אַלץ הייסט אַ חסיד. אַ חסיד צו אַ חסיד איז ניט גלײַך. איר האָט חסי־דים געװנוג, װאָס גאַרניט, מהיכי־תּיתי, זיי קװעלן אַװדאי אָן פֿון אײַך, נאָר אַזעלכע װאָס זאָלן זיך מפֿקיר זײַן, ממש מפֿקיר זײַן, װי אַ חסיד פֿאַרן רבין — האָט איר נאָר איינעם: און דער איינער דאָס בין איך! (ער טוט זיך אַ זעץ אין האַרצן). אַ קלייניקייט שלום־עליכם! אַ שטייגער, איר זאָלט מיר זאָגן איך זאָל גיין צוליב אײַך צען װערסט צו פֿוס, איז פֿאַר מיר ניט שװער, אַבי איך זאָל אײַך זען איז גאָר קיין תּירוץ ניט! פֿון געלט שמועסט מען ניט! איך בין ברוך־השם אַזאַ ייִד, װאָס געלט שפּילט בײַ מיר די לעצטע ראָלע. װאָרעם װאָס איז געלט? געלט איז בלאָטע, װער קוקט אויף געלט? און בפֿרט דאָרט װוּ עס געהערט זיך אָן צו דער ליטעראַטור, איז בײַ מיר... (בשעת־מעשׂה טוט ער אַ מאַך מיט דער האַנט הין און צוריק, װי אַ מענטש װאָס װאַרפֿט מיט טויזנטער, צענער טויזנטער קערבֿ־לעך), װאָרעם איך האָב קיין עין־הרע גוטע געשעפֿטן און פֿאַרדין קיין עין־הרע אַ סך געלט און עס גייט אַװעק בײַ מיר אַ סך געלט, און איך צעטייל אַ סך געלט,

און די קינדער לערנען קאָסט מיר אַ סך געלט. און קינדער האָב איך אַזעלכע, וואָס ס'איז ניט שייך צו זאָגן, ניט מחמת ס'איז מײַנע קינדער...

און ער רעכנט מיר אויס די מעלות פֿון זײַנע קינדער, ווי שיין און קלוג און פֿײַן זיי זענען, ווי גוט זיי לערנען, און פֿאַרגעסט זיך עטלעכע מאָל, אַז ניט ווײַל ס'איז זײַנע קינדער לויבט ער זיי אַזוי. „אַלע וועלן דאָס מיר זאָגן". וואָרעם זײַנע קינדער האָבן אַ שם אויף דער וועלט, אַזעלכע קינדער ווי בײַ אים איז ניטאָ בײַ קיינעם, וואָרעם ער האָט ניט געזשאַלעוועט אויף זיי קיין געלט, וואָרעם וואָס איז געלט? געלט איז בײַ אים, זאָגט ער, בלאָטע! ווער קוקט אויף געלט? און אַלע מאָל, אַז עס קומט צום וואָרט געלט, זעט מען, אַז דאָס איז אַ מענטש וואָס וואָרפֿט מיט געלט! און איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס האָט זיך געטראָפֿן, נאָר פּלוצלונג פֿאַלט מיר אײַן אַ מחשבה אין קאָפּ, אַ גליקלעכע אידעע, איינע פֿון די אידעען, וואָס קומען איין מאָל אין צוואַנציק יאָר. דהײַנו: אַזוי ווי איך האָלט איצט בײַ אַרויסגעבן אַלע מײַנע ווערק, וויל איך מיך האַלטן מיט אים אַן עצה, און איך דערצייל אים פֿונעם פּלאַן, געוויינטלעך, פֿריִער מיט אַ הקדמה, און מאַך אַ חשבון וואָס עס באַדאַרף קאָסטן און וואָס קאָן מען דערפֿון האָבן, אויב עס וועלן זיך געפֿינען אויף מײַנע ווערק עפּעס בעלנים...

די גאַנצע צײַט בשעת איך האָב גערעדט פֿונעם פּלאַן מיטן חשבון איז מײַן פֿאַרשוין געזעסן און געקוקט אויף מיר, וואָס זאָג איך געקוקט? ער האָט מיך געגעסן מיט די אויגן — אָט אָט שפּרינגט ער מיר אַרײַן אין מויל אַרײַן, און אַז איך האָב אויסגערעדט די ווערטער „אויב עס וועלן זיך געפֿינען אויף מײַנע ביכער עפּעס בעלנים" האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט ווי אַן אָפּגעבריטער און איז אָנגעפֿאַלן אויף מיר מיט ביידע קולאַקעס:

— בעלנים? וואָס רעדט איר? וואָס רעדט איר? מען וועט זיי פֿאַרצוקערן! טויזנט, הונדערט טויזנט, וואָס זאָג איך הונדערט טויזנט? פֿאַר אַ מיליאָן בין איך אײַך ערב! איך בין אײַך ערב פֿאַר צוויי מיליאָן!!

— טיע־טיע־טיע! — מאַך איך צו אים און בעט אים, ער זאָל זיך צוריק אַנידערזעצן און באַרויִקן און גיב אים צו פֿאַרשטיין פּאַוואָלינקע, אַז ס'איז ניט אַזוי די מעשׂה ווי ער מיינט, ער איז ניט קלאָר אינעם ענין פֿון ספֿרים, מהיכי־תּיתי, אַ געשעפֿט קאָן עס זײַן, נאָר ניט פֿון מיליאָנען, און דריי מיך אַזוי לאַנג ביז איך קאַטשע מיך אַרויף גלײַך אויף יענעם ענין, וואָס מיר איז נוגע צום געשעפֿט, דאָס הייסט, אַז אויף אַרויסגעבן די ווערק באַדאַרף מען האָבן געלט, און אַזוי ווי ער איז אַזאַ ליבהאָבער פֿון דער ליטעראַטור, און דאָס געשעפֿט איז

דאָך אַ גוט געשעפֿט, און געלט איז בײַ אים בלאָטע, טאָמער װאָלט געװען אַ סברה... איר פֿאַרשטייט?

בשעת רעדן קוק איך מיר אויף די נעגל, און אַז איך הייב אויף די אויגן און װיל אַ קוק טאָן אויף מײַן פֿאַרשוין, מײַן חסיד, װאָס פֿאַר אַן אײַנדרוק עס האָבן געמאַכט אויף אים מײַנע װערטער, — והילד איננו, ניטאָ ער אויפֿן בענקל! דאָס הייסט, אויפֿן בענקל זיצט עפּעס אַ פֿאַרשוין, נאָר ניט דער פֿאַרשוין װאָס פֿריִער, אַן אַנדערער זיצט אויף זײַן אָרט, מיט אַן אַנדער פּנים גאָר; די נאָז האָט זיך בײַ אים עפּעס װי אויסגעצויגן, געװאָרן לענגער, און די אויגן האָבן בײַ אים מיט אַ מאָל אָנגעװוירן דעם גלאַנץ, און דאָס לשון איז בײַ אים געװאָרן גאָר אַן אַנדער לשון, דאָס קול אַפֿילו האָט זיך בײַ אים איבערגעביטן. עפּעס האָט ער געשטאַמלט מיט די ליפּן. געפּלאָנטערט מיט דער צונג, ניט גערעדט, נאָר געבעבעט עפּעס מאָדנע װערטער, „אָסיען־צײַט... פּלאָטן... דניעפּער... ספּלאַװ... ראַספּלאַט... ראַבאָטשעס... װעקסלען... סראָקן"...

דאָס געזעגענען זיך איז פֿאַר אונדז בײדע געװען אַ גיהנום; אַ גרוב װאָלט זיך עפֿענען, װאָלטן מיר דאַכט זיך בײדע אַראָפּגעפֿאַלן... װי פֿון אַ שטאַרק אָנגע־הייצטער שװיצבאָד איז אַרויסגעשפּרונגען מײַן פֿאַרשוין, מײַן הייסער חסיד, און אַ גאַנצער באַרג איז פֿון מיר אַראָפּ, אַז איך האָב דערהערט אַז ער לויפֿט פֿון די טרעפּ אַראָפּ פֿון יענער זײַט טיר.

## מײַן אינטערװיוּירער

אַ נײַ װאָרט, גאָר אַ מאָדנע. דער װאָס לייענט צײַטונגען װייסט שוין, װאָס באַדײַט אַן אינטערװיוּירער. דאָס איז אַזאַ מין פֿאַרשוין, װאָס קומט דעמאָלט װען מען דאַרף ניט, עסט זיך אײַן אין די גרגרת, קריכט אַרײַן מיט די שטיװול און מיט די קאַלאָשן אין האַרצן אַרײַן און אַרויסטרײַבן קאָן מען אים ניט. אַלע גרויסע מענטשן, פּאָליטיקער, דיפּלאָמאַטן, מיניסטאָרן, אַרטיסטן, באַרימטע שרײַבערס װייסן דעם טעם פֿון דער דאָזיקער צרה. זעצט מען זיך עסן — קומט אַן אינטער־װיוּירער, װיל מען זיך לייגן שלאָפֿן — קומט אַן אינטערװיוּירער, האַלט מען בײַ געזעגענען זיך, צונויפֿפּאַקן די זאַכן, צערעכענען זיך מיט דער אַכסניה — קומט אַן אינטערװיוּירער. און מען מוז אים אויפֿנעמען, האַלטן קאָפּ, װאָרעם ער פֿאַר־שרײַבט איטלעכעס װאָרט — ס'איז מסוכּן! איך בין זיך מודה, אַז װיפֿל שטעט איך בין ניט דורכגעפֿאָרן און האָב אַרויסגעקוקט טאָמער װעט קומען עמעצער

מיך אינטערוויוירן — ניין, ניט געקומען קיינער! נאָר יענע וואָך בין איך דורכ־געפֿאָרן די שטאָט... איך וועל אײַך ניט זאָגן וואָסער שטאָט: דאָרט איז פֿאַראַן אַ ראַבינער אַ ציוניסט, וואָס האָט אַ ווײַב אַן „אַנטי", און אַ דאָקטאָר אַן „אַנטי", וואָס האָט אַ ווײַב אַ ציוניסטקע, און אַ יוריסט אַ ציוניסט, וואָס האָט אַ ווײַב אַ ציוניסטקע, און אַן אינזשעניר אַן „אַנטי", וואָס האָט אַ ווײַב אויך אַן „אַנטי", — און אויב איר וועט איצטער אויך ניט טרעפֿן וואָסער שטאָט — ווייס איך שוין ניט!

בקיצור, איך בין געקומען צו פֿאָרן אין דער דאָזיקער שטאָט, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אינעם פֿײַנסטן האָטעל, אָוועקגעגעבן דעם פּאַס און געהייסן זיך געבן דעם סאַמאָוואַר. איידער איך האָב צוגעטראָגן דאָס ערשטע לעפֿעלע צום מויל — אַהאַ, עמעצער קלאַפּט: סטוק־סטוק־סטוק! ווער קאָן דאָס גיין צו מיר אַזוי גיך? שוין זשע אַן אינטערוויוירער?

— אַנטרע! — זאָג איך אויף פֿראַנצייזיש און טאַקע באַלד אויף דײַטש:

— הערײַן!

און עס עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן אַ נפֿש, אַ יונגער־מאַן מיט אַ הויכן אָפּגעלייגטן קראַגן, מיט אַ גרויסאַרטיקן שניפּס (בײַ אונדז קאָסט ער אַ רובל פֿינף און זיבעציק), מיט אַ שײַנעם אַנצוג, פּערל־גרין קאָליר, מיט צוויי מאָדנע זײַט־קעשענעס, אויסגעשניטן משופּעדיק, גאָט ווייסט אויף וואָס זיי זענען געמאַכט געוואָרן, און מיט לאַקירטע שטיוולעטן אויף די פֿיס, וואָס זענען באַשאַפֿן געוואָרן צום טאַנצן, און דאָס פּנים בײַ אים שײַנט, ווי בײַ אַ חתן, און די וואָנצעס אויפֿגעדרייט און אויסגעלייגט, ווי בײַ אַ פֿאַרמאַצעווט. „דאָס דאַרף זײַן אַן אינ־טערוויוירער" — טראַכט איך מיר און גיי אים אַקעגן און גיב אים די האַנט. ער שטעלט זיך מיר פֿאָר מיט אַ נאָמען פֿון דער הגדה — איינער פֿון די נעמען, וואָס אָט האָט מען אײַך געזאָגט און אָט האָט איר פֿאַרגעסן.

„געוויס אַן אינטערוויוירער", — טראַכט איך מיר און בעט אים זיצן און גיב אים אַ גלאָז טיי און וואַרט, ער זאָל מיך אָנהויבן פֿרעגן.

נאָך די ערשטע עטלעכע געוויינלעכע פֿראַזן: צי בין איך דאָ דאָס ערשטע מאָל און צי אויף לאַנג בין איך געקומען, און ווי געפֿעלט מיר די שטאָט, — גייט ער אַריבער גלײַך צום רעכטן ענין און טוט מיך אַ פֿרעג: וואָס פֿאַר אַ מיינונג האָב איך וועגן ציוניזם און צי האַלט איך פֿון אוגאַנדאַ? „ע! — טראַכט איך מיר — ביסט דאָך עפּעס גאָר אַ פֿײַער!"... אוגאַנדאַ — דאָס איז אַזאַ ענין, וואָס מען דאַרף מיט דעם זײַן געהיט מיט אַ וואָרט; די חברה אינטערוויוירערס קאָנען נאָכדעם אויספּויקן אויף די בלעטער... היט איך מיך, דריי מיך בריהש,

ער זאָל מיך ניט כאַפּן און זאָל מכּות וויסן, צי בין איך פֿון געל; נאָר צוריק בין איך מיך מישב, די „יאָ־זאָגערס", צי פֿון די „ניין־זאָגערס", שלייף מיר בשעת־מעשׂה די צונג, לייען אים אַ גאַנצע לעקציע פֿון נאַציאָנאַליזם און פֿאַרקאַטשע מיך גאָר אויף אַן אַנדער אופֿן. נאָר סאַמע אין מיטן האַקט ער מיך איבער און טוט מיך אַ כאַפּ, וואָס קלער איך מכּות מלחמה? „ע! — טראַכט איך מיר — דער חברה־מאַן וויל מיך פֿאַרהערן אין פּאָליטיקע!" — און איך באַווייַז אים, אַז איך בין ניט פֿרעמד אין פּאָליטיקע אויך: לאָז מען ניט מיינען, אַז אַ יידישער שרייַבער מוז זייַן אַ מלמד... נאָר סאַמע אין רעכטן פֿייַער האַקט ער מיך ווידער איבער און טוט מיך אַ פֿרעג, וואָס האָב איך פֿון מייַן שרייַבן, וויפֿל צאָלט מען מיר און ווי אַזוי? „ער פֿאַרקריכט שוין — טראַכט איך מיר — אין מייַנע היימישע אייגענע עסקים!" — און איך וויל אים אָפּהאַקן די פּלי — וואָס אַרט דאָס מיך, אַז איך וועל אים זאָגן? און פֿאַר וואָס זאָל איך אים ניט זאָגן מער ווי עס איז? עס קאָסט מיר געלט?... פּלוצעם הייבט זיך אויף מייַן חברה־מאַן, נעמט זיך צום זייגער.

— זאָגט זשע מיר — מאַך איך צו אים — אין וואָסער בלאַט שרייַבט איר?

— וואָס הייסט — זאָגט ער — אין וואָסער בלאַט?

— איר זענט דאָך — זאָג איך — אַ קאָרעספּאָנדענט פֿון אַ בלאַט?

— איך? אַ קאָרעספּאָנדענט פֿון אַ בלאַט? לאָז מיך גאָט היטן!

— וואָס דען זענט איר?

— אַן איַנקאַסאַטאָר.

— אַן אינקאַסאַטאָר? וואָס הייסט דאָס אַן אינקאַסאַטאָר?

— איך מאַן אייַן געלט אויף קוויטלעך, קויף צונויף אַלטע קוויטלעך, פּראָטעסטירטע וועקסלען... איך האָב אייַער אַ קוויטל...

1903

# אַן אַסיפֿה פֿון ייִקאַ אין פּאַריז

## אַ קאַטאַוועס אין איין אַקט

די פּאַרשוינען:

| | | |
|---|---|---|
| אביםלך | — | פּרעזידענט |
| פּיכל | — | וויצע־פּרעזידענט |
| מהומן | | |
| בזתא | | |
| חרבונא | | |
| בגתא | — | מיטגלידער |
| אבגתא | | |
| זתר | | |
| כרכס | | |
| הגי | — | סעקרעטאַר |

די געשיכטע קומט פֿאָר ענדע אָקטאָבער הײַנטיקס יאָר, אין דעם קאָמיטעט פֿון דער ייִק״אַ אין פּאַריז. (אַ רײַכער זאַל. אַ גרויסער טיש, מיט רויט געוואַנט באַצויגן, מיט גילדענע קאַטעסן. הויכע שטולן אַרום טיש. דער עולם האָט זיך אײַנגעטיילט אין פּאָרלעך, מען שטייט און מען רעדט).

**אַבימלך:** (קוקט זיך אַרום) ניטאָ נאָך אונדזער סעקרעטאַר?

**פּיכל:** אונדזער סעקרעטאַר איז הײַנט באַשעפֿטיקט; איך ווייס אַפֿילו ווו.

**אַבימלך:** ווו?

**פּיכל:** אונדזער סעקרעטאַר האָט הײַנט אַ ראַנדעוווּ; איך ווייס אַפֿילו מיט וועמען.

**אַבימלך:** מיט וועמען? (בייגט אָן צו אים אַן אויער, פּיכל ראַמט אים אײַן אַ סוד, ביידע לאַכן).

**מהומן:** וואָס סודען זיי זיך דאָרטן?

**בגתא:** ווער?

מהומן: אונדזער פּרעזידענט מיטן וויצע־פּרעזידענט.

חרבונא: מסתּמא וועגן היינטיקער זיצונג.

בגתא: אַוודאי יאָ.

אבגתא: זיי האָבן מער ניט וואָס צו טאָן?

חרבונא: (צו בגתא ואבגתא) שטילער! רעדט נאָר ניט קיין לשון־הרע!

זתר: (צו כרכסן) ווען קומט איר אָן פון ווין?

כרכס: היינט פרי.

זתר: אויף לאַנג?

כרכס: איך רעכן היינט נאָך מיטן בליצצוג צוריק. איך דאַרף נאָך זיין אין אַ פּאָר ערטלעך.

זתר: גאָט ווייסט ווען די זיצונג וועט זיך ענדיקן! איך האָב אויף זיך אַ קאָמיסיע פון מיין ווייב, אַז אַך און ווי איז מיר.

כרכס: און איך האָב דריי קאָמיסיעס: פונעם ווייב, פון דער שוויגער און פון דער שוועגערין.

זתר: איז אייך דריי מאָל אַז אַך און ווי! אָט גייט הגי, אונדזער סעקרעטאַר. ער זאָל אונדז כאָטש ניט האַלטן לאַנג.

כרכס: נישקשה, ער וועט אַליין ניט האַלטן לאַנג: מיר האָבן אַ ווילן סעקרעטאַר.

(עס קומט אַריין הגי דער סעקרעטאַר מיט אַ גאַנץ גרויסן פּאַרט־פעל אונטער דער האַנט).

אַבימלך: (זעצט זיך צום טיש, נעמט זיך צום גלעקל) רבותי! איך דערקלער די זיצונג איז אָפן. הער סעקרעטאַר! (ער טוט אַ מאַך צום סעקרעטאַר מיט דער האַנט. יענער עפנט אויף דעם פּאַרטפעל, ציט אַרויס אַ פּאַפּיר און לייענט).

הגי: מיינע הערן! אויף דער פריערדיקער זיצונג האָבן מיר באַשלאָסן צו קאָלאָניזירן דאָס גאַנצע לאַנד פון הודו ביז כוש, באַזעצן דאָס מיט די רויטע יידלעך וואָס פון יענער זייט טייך סמבטיון; נאָר מחמת דאָס לאַנד איז נאָך ניט רעכט אויסגעפאָרשט — האָבן מיר דערווייל אַסיגנירט דריטהאַלבן מיליאָן פראַנק אויף צו שיקן אַן עקספּעדיציע פון אונדזערע מיטגלידער...

אַבימלך: (בייגט זיך אָן צו פיכלען אויפן אויער) ווו עסן מיר היינט מיטאָג, באַראָן?

פיכל: דאָרט ווו אַלע מאָל...

מהומן: (צו ביזתאן) וואָס סודען זיי זיך דאָרטן?
בזתא: ווער?
מהומן: אונדזער פּרעזידענט מיטן וויצע־פּרעזידענט.
חרבונא: לאָז זײַן שטילער, מען הערט ניט וואָס מען לייענט.
בגתא: (צו אבגתאן) וואָס דערציילט ער אונדז נאָך אַ מאָל די מעשׂה פֿון הודו ביז כּוש? מען האָט דאָך שוין איין מאָל גערעדט, מען זאָל אַסיגנירן דריטהאַלבן מיליאָן אויף דער עקספּעדיציע. וואָס וויל ער ווײַטער?
אבגתא: וואָס אַרט דאָס דיך, אַז ער לייענט? דערויף איז ער סעקרעטאַר און באַקומט אַזאַ געהאַלט...
חרבונא: לאָז זײַן שטיל!
זתר: (צו כרכסן) געפֿעלט אײַך הײַנטיקע „פֿיגאַראָ"?
כרכס: וואָס מיר „פֿיגאַראָ", שמיגאַראָ! איך האָב מיר מײַנס אין זינען! מײַנע דרײַ קאָמיסיעס! (קוקט אויפֿן סעקרעטאַר) וואָס לייענט ער דאָרט?
זתר: זאָלן מיר וויסן בײַז מיט אײַך אין איינעם!
כרכס: דרײַ קאָמיסיעס... איך זאָל כאָטש ניט פֿאַרגעסן!..
אַבימלך: (קלינגט) אַלזאָ, מײַנע הערן, איז געבליבן בײַ אונדז, אַז מיר באַשטעטיקן די צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן אויף דער עקספּעדיציע פֿון הודו ביז כּוש?
אַלע: מיר באַשטעטיקן, באַשטעטיקן!
הגי: (נעמט אַרויס אַ פּריש פּאַפּיר און לייענט ווײַטער) דער פּראָיעקט פֿון דורכפֿירן אַ באַן פֿון דתן קיין גושן איבער קדש ברנע. די באַן איז זייער נוצלעך פֿאַר דער אויבנדערמאָנטער קאָלאָניזאַציע וואָס פֿון הודו ביז כּוש; און הגם עס דאַרף קאָסטן אַ סך מיליאָנען, נאָר מחמת דער צוועק פֿון אונדזער חברה איז קאָלאָניזאַציע, לכן טאָרן מיר זיך ניט אָפּזאָגן פֿונעם דאָזיקן וויכטיקן פּלאַן. איין שטיקל איבערשלאָג איז פֿאַראַן — דער טײַך סמבטיון; נאָר דערבײַ איז אויך דאָ אַ שטיקל עצה: מען באַדאַרף נאָר איבערציִען אַ בריק איבערן טײַך סמבטיון, וועט שוין אַלצדינג זײַן רעכט...
אַבימלך: (צו פֿיכלען אויפֿן אויער) באַראָן, וווּהין גייען מיר הײַנט: אין אָפּערע צי אויף באַלעט?
פֿיכל: איך קאָן באַשטיין אין אָפּערע און פֿון דאָרטן אויף באַלעט.
מהומן: זיי סודען זיך שוין ווידער.
בזתא: ווער?

מהומן: אונדזער פרעזידענט מיטן וויצע־פרעזידענט.

חרבונא: לאָז זײַן שטיל.

בגתא: (צו אַבגתאן) אַהאַ! ער האַלט שוין בײַם טײַך סמבטיון.

אַבגתא: אונטער די „הרי חושך".

חרבונא: לאָז זײַן שטיל.

זתר: (צו כרכסן) גאָט ווייסט, ווען ער וועט אַריבער דעם סמבטיון אונדזער סעקרעטאַר!

כרכס: האָט קיין יסורים ניט. ער וועט דאָס מאַכן גיך. ער מאַכט דאָס אַלע מאָל גיך... אַ ווילער סעקרעטאַר!

אַבימלך: (קלינגט) רבותי! האָבן מיר הייסט עס אָנגענומען דעם פּראָיעקט אויך?

אַלע: אָנגענומען, אָנגענומען!

אַבימלך: (צום סעקרעטאַר) וואָס האָט איר נאָך? (נעמט זיך צום זייגער, און אויף אים קוקנדיק נעמט זיך אויך דער וויצע־פּרעזידענט צום זייגער, און אויף אים קוקנדיק נעמען זיך אַלע צו די זייגערס).

הגי: אַ געבעטבריוו פֿון די בנות צלפֿחד?

אַבימלך: (צו פֿיכלען) ווער זענען זיי, באַראָן? ניט קענטלעך דער נאָמען...

פֿיכל: איר ווייסט ניט די בנות צלפֿחד? די בנות צלפֿחד ווייסט איר ניט?

אַבימלך: (שטיל) ניין. און אפֿשר האָב איך פֿאַרגעסן? נישקשה פֿון „סחורה" כאָטש?

פֿיכל: אַ! געווען אַ מאָל די ערשטע יפֿיפֿיות. נאָר איצטער זענען זיי שוין אַ ביסל אין די יאָרן... שיינע, נאָר איבערגעוואַקסענע מאַמזעלן...

מהומן: (צו בזתאן) וואָס זאָגט איר, זיי הערן גאָר ניט אויף צו סודען זיך!

בזתא: ווער?

מהומן: אונדזער פּרעזידענט מיטן וויצע־פּרעזידענט.

חרבונא: לאָז זײַן שטיל.

בגתא: (צו אבגתאן) טו נאָר אַ קוק אויפֿן פּרעזידענט — ער האָט גאָר אַן אַנדער פּנים באַקומען. ס'איז אים אַרײַן די פֿאַרב אין פּנים.

אַבגתא: הערסט דו! אונדזער פּרעזידענט, אַז ער דערהערט דעם נאָמען „דאַמען", ווערט ער גאָר אַן אַנדער מענטש!

חרבונא: אָבער לאָז זײַן שטיל! מען הערט ניט קיין וואָרט!

זתר: (צו כרכסן) וואָס ווילן די בנות צלפֿחד?

כרכס: אַ רעשטל צו די צרות! קאַרג אויף מיר דאָס ווײַב, די שוויגער מיט דער שוועגערין — דאַרף איך נאָך האָבן אויף זיך די בנות צלפחד!

אַבימלך: (קלינגט) אַלזאָ, רבותי, די בנות צלפחד בעטן שטיצונג אויף דעם אינסטיטוט פון המ... איבערגעוואַקסענע מאַמזעלן... המ... מסתמא זענט איר אײַנפאַרשטאַנדן?

אַלע: אײַנפאַרשטאַנדן. אײַנפאַרשטאַנדן!

אַבימלך: (צום סעקרעטאַר) קאָנען מיר, הייסט דאָס, שליסן די זיצונג? (נעמט זיך צום זייגער, און וויל אויפשטיין: אויף אים קוקנדיק נעמען זיך אַלע צו די זייגערס און ווילן אויפשטיין).

הגי: פאַרדאָן! פאַראַן נאָך איין פּאַפּיר. (אַלע זעצן זיך אויף די ערטער, ער ציט אַרויס אַ פּאַפּיר און בשעת־מעשה לאָזט ער אַראָפּ אויף דער ערד אַ בריוול. דאָס בריוול הייבט אויף מהומן, קוקט דאָס דורך און גיט דאָס איבער בזתאן, בזתא — חרבונאן, חרבונא — בגתאן, בגתא — אַבגתאן, אבגתא — זתרן, זתר — כרכסן! אַלע לייענען דאָס בריוול און לאַכן, האַלטן זיך בײַ די זײַטן פאַר גע־לעכטער און דער סעקרעטאַר לייענט דאָס פּאַפּיר). אַ געבעטבריוו פון אונדזער פּעטערבורגער קאָמיטעט צו אונדז, אין פּאַריז. דער פּעטערבורגער קאָמיטעט פּראָיעקטירט צו גרינדן אַ ביוראָ פאַר די יידישע עמיגראַנטן וואָס פאַרלאָזן זייערע נעסטן אַלע יאָר אין די טויזנטער און צענער־טויזנטער, פאַרקויפן וואָס זיי האָבן, ווערן בדיל־הדל און לאָזן זיך אַוועק אויף גאַטס באַראָט וווהין די אויגן טראָגן, צום מיינסטן קיין אַמעריקע, אָן אַ שום מאַרשרוט, אָן אַ שום וויסן, ניט דאָס לאַנד, ניט די מענטשן, ניט די שפּראַך, און דערפון קומען אַרויס אָפּט מאָל גרויסע אומגליקן; אַ סך ברענגען זיך אויס אומזיסט און אומגישט, מוזן פאָרן נאָכדעם צוריק מיט אַ צעבראָכן האַרץ, צעבראָכן, צעהרגעט, צעברעקלט אויף שטיקלעך...

אַבימלך: (צו פּיכלען) באַראָן! וואָס לאַכן עפּעס אַזוי געשמאַק אונדזערע חברה־לײַט?

פּיכל: זיי האָבן אויפגעהויבן עפּעס אַ בריוול, וואָס אונדזער סעקרעטאַר האָט פאַרלוירן און קאַטשן זיך פאַר געלעכטער.

אַבימלך: (אויפגעלעבט) מען באַדאַרף זיי בעטן, זיי זאָלן דאָס אונדז באַווײַזן.

פּיכל: אָט באַלד. (ער שרײַבט אָן אויף דער גיך עטלעכע ווערטער אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, קאַטשעט דאָס צונויף אין אַ טרײַבל און טוט דאָס אַ וואָרף צו דעם לעצטן פון די מיטגלידער, צו כרכסן. כרכס דרייט אויף דאָס טרײַבל,

לייענט איבער דאָס קוויטעלע און גיט איבער דאָס געפֿונענע בריוול זתרן; זתר — אבגתאן, אַבגתא — בגתאן, בגתא — חרבנאן, חרבונא — בזתאן, בזתא — מהומנען, מהומן — פֿיכלען, און פֿיכל לייענט דאָס איבער און גיט דאָס אָפּ אַבימלכן; דער פּרעזידענט מיטן וויצע־פּרעזידענט ווערן שיִער ניט צעפּלאַצט פֿאַר געלעכטער און אויף זיי קוקנדיק לאַכט דער גאַנצער עולם... נאָר דער סעקרעטאַר הערט ניט אויף צו לייענען).

אַבימלך: (נעמט זיך צום זייגער) הער סעקרעטאַר! מאַכט דאָס בקיצור!

אַלע: בקיצור! בקיצור!

הגי: (לייענט) דאָס ציל פֿונעם ביוראָ איז: צו געבן פֿאַרשידענע נוצלעכע ידיעות פֿאַר די אָרעמע עמיגראַנטן, וואָס פֿאָרן אַריבער מאַסנווייַז אין אַנדערע לענדער, זיי אויפֿצוקלערן ווי אַזוי מען זאָל פֿאָרן, ווהין זיך קערן און ווענדן: זיי זאָלן ניט אַרומבלאָנדזשען ווי אומגליקלעכע שאָף...

אַבימלך: (האַלט דעם זייגער) דאָס האָבן מיר שוין געהערט. זאָגט אונדז דעם היוצא לנו מזה, דעם שפּיץ!

אַלע: (האַלטן זיך בייַ די זייגערס) דעם שפּיץ! דעם שפּיץ!

הגי: דער פּעטערבורגער קאָמיטעט האָט אויסגערעכנט, אַז עס באַדאַרף קאָסטן אויסהאַלטן אַזאַ ביוראָ, שוין מיט אַלע קאָרעספּאָנדענטן אין אַלע גרויסע שטעט, סך־הכל אַן ערך פֿון צוואַנציק טויזנט פֿראַנק, און אַזוי ווי מיר זענען אַ קאָלאָניזאַציאָנס־חברה ליגט אויף אונדז אַ חוב מיר זאָלן כאָטש דערמיט אויסהאַלטן די אָרעמע עמיגראַנטן, די רוסישע ייִדן, וואָס עמיגרירן אַלע יאָר פֿון רוסלאַנד, און אַזוי ווי מיר...

אַבימלך: (צו פֿיכלען) באַראָן, איך האָב מורא מיר וועלן פֿאַרשפּעטיקן דעם מיטאָג... (צום גאַנצן עולם) רבותי! איך מיין, אַז דער דאָזיקער פּראָיעקט איז לחלוטין איבעריק, ווי אַלע פּראָיעקטן פֿון די רוסישע ייִדן.

פֿיכל: די רוסישע שנאָרערס!

אַלע: רוסישע שנאָרערס!.. ציוניסטן... זאַנגוויל!..

אַבימלך: (נעמט זיך צום צילינדער) אַלזאָ, אָפּזאָגן!

אַלע: (מיט די צילינדערס אין די הענט) אָפּזאָגן! אָפּזאָגן!

חרבונא: פּאַרדאָן! דער פּראָיעקט איז נאָך ניט געענדיקט... לאָזט אים כאָטש דערלייענען ביז צום סוף...

אֲבימלך: ניין, ניין; איר הערט דאָך, אַז דער פּראָיעקט איז מיט רוב דעות ניט אָנגענומען געוואָרן... רבותי! איך דערקלער די זיצונג פֿאַר געשלאָסן. אינעם נאָמען פֿון אונדזער חברל ייִק״אַ האָב איך די ערע אָפּצודאַנקען אַלע מיטגלידער פֿונעם קאָמיטעט לטובה אונדזער הייליקן צוועק און די הויכע פּרינציפּן פֿון אונדזער חברה. אַדיע!

(פֿאָרהאַנג)

1903

# אַ קאָנסיליום פֿון דאָקטוירים

## אַ טראַגיקאָמעדיע אין צוויי אַקטן

די פּאַרשוינען:

| | |
|---|---|
| דאָקטאָר הערצל | — פּראָפֿעסאָרן |
| דאָקטאָר נאָרדוי | |
| דאָקטאָר מאַנדעלשטאַם | |
| אחד־העם | — קאָנסולטאַנטן |
| דובנאָוו | |
| אוסישקין | |
| סוזואָרין | — אַ פֿעלדשער |
| רב עקיבא | — אַ רב פֿון פּאַלטאַווע, אַ מומחה אויף אָפּשפּרעכן אַ גוט אויג |
| קרושעוואַן | — אַ מאַסאַזשיסט |
| ישׂראָליק | — אַ חולה מסוכּן |
| ייִק"אַ | — ישׂראָליקס אַ ווײַטע נאָר אַ רײַכע קרובה |
| פּרעסע | — אַ דינסטמויד |

ייִדן און ווײַבער, בחורים און מיידלעך, ישׂראָליקס משפּחה.

### ערשטער אַקט

ישׂראָליק דער חולה ליגט אויף אַ בעטל אײַנגעהילט אין שמאַטעס; דאָס פּנים איז בלאָס; די באַקן אײַנגעפֿאַלן; צוויי דאַרע טרוקענע הענט ליגן אויסגעצויגן ווי בײַ אַ מת, און נאָר די גרויסע שוואַרצע גלאַנצנדיקע אויגן זאָגן עדות אַז ער לעבט נאָך. — בײַם בעטל זיצן אַלע דרײַ פּראָפֿעסאָרן שטאַרק פֿאַרטיפֿט אין מחשבות. — אַ ביסעלע ווײַטער זיצן די דרײַ קאָנסולטאַנטן. — נאָך ווײַטער — דער פֿעלדשער מיטן מאַסאַזשיסט, מיטן גוטן פֿרײַנד. — בײַ דער זײַט, אין איינע צרות, שטייט דאָס גאַנצע געזינדל, די משפּחה פֿונעם קראַנקן ישׂראָליק, און גאַנץ אויבן־אָן די רײַכע קרובה.

דאָקטאָר הערצל: געערטע קאָלעגן! איך האָב אײַך צונויפגערופן אַהער אויף דעם קאָנסוליום צום דאָזיקן חולה מסוכן, בכדי מיר זאָלן אַלע צוזאַמען באַטראַכטן דאָס חולאת און צוקלערן עפּעס אַ מיטל אויף צו ראַטעווען נעבעך דעם קראַנקן, געפּערלעך קראַנקן ישׂראָליק. מײַן קאָלעגע פּראָפעסאָר נאָרדוי וועט אײַך באַקענען מיטן „קורריקולום מאָרבי״, מיט דער ביאָגראַפיע פונעם חולה, און ער וועט אײַך קלאָר מאַכן, אויסמאָלן די לאַגע. אין קורצן קאָן איך אײַך נאָר זאָגן אויף אונדזער לשון פון דאָקטוירים: „פּראָגנאָזיס מאַלאַ״, דאָס הייסט די לאַגע איז ביטער, די לאַגע איז טרויעריק!

דאָקטאָר נאָרדוי: מײַן קאָלעגע הערצל האָט געזאָגט: „פּראָגנאָזיס מאַלאַ״ די לאַגע איז טרויעריק; איך וועל זאָגן: „פּראָגנאָזיס פּעסימאַ״ — די לאַגע איז שרעקלעך! אַן אַלטע, אַ פאַרלאָזטע קרענק! וואָס ווײַטער אַלץ ערגער! איר באַטראַכט נאָר דעם חולה וואָס ליגט פאַר אונדז. קוקט אָן אַ „האַביטוס״, אַ סנאָסט פון אַ מענטשן — הויט און ביינער! קיין איינציקער אֵבר אַ גאַנצער! קיין שטיקל אָרט, וואָס זאָל זײַן געזונט! איין גאָט ווייסט אויף וואָס די נשמה האַלט זיך! אַ האַלבער מת!

ישׂראָליק: (ציט אויס אַ לאַנגן קרעכץ) אוי־וי־וי־וי!

די משפּחה: (ברעכט די הענט) אנא ה׳ הושיעה נאָ — גאָט זאָל אים העלפן!

דאָקטאָר נאָרדוי: איך בין ברוך־השם דאָקטאָר ניט דאָס ערשטע יאָר, איך האָב שוין איבערגעזען אויף מײַן לעבן אַלערליי פּאַציענטן מיט פאַרשידענע שלאַפקייטן, — אַזאַ מין חולה האָב איך נאָך ניט געזען, און איך האָב מורא, אַז אויך איר האָט צו טאָן מיט אַ בר־מינן, מיט אַ מת, נאָר אַז איר נעמט אים רעכט באַטראַכטן, זעט איר אַז דאָס איז אַ לעבעדיקער קערפּער מיט אַלע סימנים, נאָר שטאַרק אויסגעמוטשעט, מוראדיק אָפּגעשוואַכט און שרעקלעך פאַרדאָרבן. עס איז באמת צו באַוווּנדערן די חידושים פון דער נאַטור, פון וואַנען לעבט אָט אַזאַ מין נפש? און וואָס פאַר אַ כוח האַלט אים אויף דער ערד? עפּעס טאַקע נאָר זכות־אָבות מידן זיך פאַר אים, בכדי ער זאָל לעבן אויף דער וועלט, אַז אַך און אַז וויי איז צו זײַן לעבן! (די משפּחה איז אויסער זיך, האַלט זיך שטאָלץ מיט דעם, וואָס אַזאַ באַרימטער פּראָפעסאָר ווי נאָרדוי לויבט דעם קראַנקן; דער קראַנקער קרעכצט).

דאָקטאָר מאַנדעלשטאַם: זײַן לעבן? פרעגט מיך, איך בין באַקאַנט מיט אים אַ סך פריִער פון מײַנע קאָלעגן, איך קען אים פון דער היים. אויף אַלע אונדזערע שׂונאים געזאָגט געוואָרן אַזאַ לעבן! דאָס וואָס ער האַלט זיך נאָך —

האָט ער צו פֿאַרדאַנקען ניט אַזוי דעם קערפּער זײַנעם, ווי דעם גײַסט, ער האָט בירושה פֿאַרשטייט איר מיך, זייער אַ געזונטן, אַ רײַכן גײַסט; און דאָס וואָס אונדזער לאַטייניש שפּריכוואָרט זאָגט „מענס סאַנאַ אין קאָרפּאָרע סאַנאַ", דאָס הייסט אַז אַ געזונטע נשמה קאָן זײַן נאָר אין אַ געזונטן גוף, האָט זיך אַ פּנים געגומען דער דאָזיקער קראַנקער ישׂראָליק אַפּלייקענען. איר חידושט זיך וואָס ער זעט אַזוי שלעכט אויס? פֿון ווינציק לופֿט, מײַנע קאָלעגן, פֿון שלעכט געגעסן, פֿון שטענדיק זיצן אויף איין אָרט, אין ענגשאַפֿט, אין שמוץ, אָן אַ שום באַוועגונג. עפֿנט דאָס פֿענצטער! לאָזט אים כאַפּן דעם אָטעם! גיט אים עסן! שטאַרקט אים! קרעפֿטיקט אים!

ישׂראָליק: (ציט אויס אַ לאַנגן קרעכץ) אוי־וי־וי־וי!

די משפּחה: (ברעכט די הענט) אנא ה' הושיעה נא — גאָט זאָל אים העלפֿן!

דאָקטאָר הערצל: אַלזאָ, האָב איך מיך באַקענט מיט די אַלע מיטלען און רפֿואות, וואָס מען האָט אים געגעבן ביז אַהער, איך האָב דורכגעקוקט אַלע רעצעפּטן, וואָס פֿאַרשידענע דאָקטוירים האָבן אים פֿאַרשריבן אין דער גאַנצער צײַט פֿון זײַן לאַנגער קרענק און מוז אײַך זאָגן, מײַנע קאָלעגן, אַז די אַלע מעדיקאַמענטן זענען אַרויסגעוואָרפֿן. צווישן די רפֿואות האָב איך געפֿונען אַ היבשע דאָזע „הערבע אַרגענטיצע", אַזאַ מין גראָז פֿון אַרגענטינע. „אַצידי בראַזיליצי", אַ מין זויערשטאָף פֿון בראַזיליע און „אונגווענטי אַססימיליאַטיצי", אַ שמירעכץ פֿון אַסימילאַציע... די אַלע מיטלען זענען שוין לאַנג אָבער אַרויס פֿון דער מאָדע, איך האָב געזוכט און האָב מיט גאָטס הילף געפֿונען דאָס רעכטע מיטל. „אַלט־נײַלאַנד" האָב איך דאָס אַ נאָמען געגעבן, און אין דער מעדיצין איז דאָס באַוווסט מיטן נאָמען „אַ. אַלעאום ציוניסטיקום", איבערזעצן דאָס אויף פּראָסט, ווי מען רעדט, הייסט דאָס „ציוניזמוס". עס ווערט צווישן עולם אַ גערודער — עס לאָזן זיך הערן די ווערטער: „ציוניזמוס"! „ציוניזם"! „ציון"! „ציון"! די משפּחה איז אויסער זיך פֿון התפּעלות).

אחד־העם: ציוניזם? ציון?.. האָט קיין פֿאַראיבל ניט, מײַנע הערן, וואָס איך מיש מיך אַרײַן צווישן אַזעלכע גרויסע און באַרימטע פּראָפֿעסאָרן. דער אמת אָבער איז נאָך גרעסער פֿון אַלץ, איך זע דער עולם איז דאָ שטאַרק נתפּעל געוואָרן. טאָמער ווייסט איר וואָס פֿאַר אַ נײַעס האָט דאָ אויפֿגעטאָן דער פּראָפֿעסאָר הערצל? מיר דאַכט, אַז דאָס זעלבע מיטל האָט רעקאָמענדירט נאָך מיט אַכצן יאָר צוריק דער פּראָפֿעסאָר פּינסקער עליו־השלום. דעמאָלט האָט דאָס נאָר געהאָט אַן אַנדער נאָמען: „פּאַלעסטינאַ", „ארץ־ישׂראל", היינט האָט מען דאָס געבענטשט מיט אַ

נײַעם נאָמען „ציוניזם". איך מיין אָבער, אַז ניט דער נאָמען איז דער עיקר. אַלזאָ האָט אונדז דער געערטער הער פּראָפעסאָר קיין נײַע אַמעריקע ניט אַנטדעקט.

(אַ גערודער אין קאָנסיליום).

דאָקטאָר מאַנדעלשטאַם: ניטאָ קיין גרינגערע זאַך ווי צו קריטיקירן יענעמס מיינונג; זאָגן מבינות, יענעמס איבערשפּאָרן — דאָס איז אַ ייִדישע קרענק. איר זאָגט ציוניזם טויג ניט, ציוניזם איז ניט קיין רפואה. אַלזאָ, לאָמיר האָרכן פֿון אײַך אײַער רפואה.

אחד־העם: פּאַרדאָן! איך האָב ניט געזאָגט, אַז ציוניזם טויג ניט, אַז ציוניזם איז ניט קיין רפואה. איך האָב נאָר געזאָגט, אַז דער פּראָפעסאָר הערצל האָט, נאָך מײַן מיינונג, ניט אויפגעטאָן גאָרניט, דען ציוניזם איז אַן אַלט, זייער אַן אַלט מיטל, כּמעט אין איינע יאָרן מיטן חולה אַליין. ציוניזם איז באַוווּסט אין דער מעדיצין שוין פֿון כּמה וכּמה יאָרן אונטער פֿאַרשידענע נעמען. מען האָט דעם חולה געקורירט דערמיט שוין וויפֿל מאָל, נאָר עס גיט ניט קיין רעזולטאַטן דערפֿאַר, ווײַל דאָס חולאת איז זייער פֿאַרלאָזט און דער קערפּער פֿון דעם קראַנקן ישׂראליק איז דערצו נאָך ניט מסוגל. דאָס וואָס פּראָפעסאָר הערצל זאָגט, אַז ציוניזם און נאָר ציוניזם איז דאָס איינציקע מיטל, טוט ער דערמיט דעם קראַנקן אַ קליינע טובה. בכדי דער רעצעפּט ציוניזם זאָל האָבן אַ גוטע ווירקונג, מוז מען פֿריִער צוגרייטן דעם חולה, אײַנגעבן אים אַ היבשע דאָזע „נאַציאָנאַליזם" און האָדעווען אים רעכט מיט „קולטורא".

די פּראָפעסאָרן: (קנייטשן מיט די פּלייצעס) קולטורא? דאַכט זיך מען האָט דעם דאָזיקן קראַנקן גענוג געהאָדעוועט מיט קולטורא אויב ניט מער נאָך ווי מען דאַרף.

דובנאָוו: מײַן קאָלעגע אחד־העם גייט מיט דעם גאַנג, אַז טרוקענער ציוניזם וועט דעם חולה ניט קענען ברענגען קיין שום נוצן; מען דאַרף אים היילן מיט גײַסטיקן ציוניזם, דען אויף וויפֿל ישׂראליק איז קראַנק אויפֿן גוף, איז ער נאָך מער קראַנק אויף דער נשמה. לכן, איז אונדזער חוב מיר זאָלן אים היילן די נשמה, שטאַרקן דעם גייסט בכדי ער זאָל אַריבערטראָגן די ווונדן פֿונעם גוף, ווי ס'איז אונדז באַוווּסט פֿון דער היסטאָריע פֿונעם קראַנקן ישׂראליק נאָך פֿון פֿאַרצײַטן.

(אַ גערודער אין קאָנסיליום, די משפּחה איז צופֿרידן).

אוסישקין: (רעדט קורץ און שאַרף) ניין! ווי באַלד אונדזער קאָנסיליום האָט פֿאַרשריבן ציוניזם, זאָל זײַן ציוניזם, רייִנער ציוניזם, דאָס וואָס ווערט אָנגערופֿן אין דער מעדיצין „ציוניזמוס פּאָליטיקוס" אָן חכמות, אָן גײַסטיקייט, נאָר

פשוט „אַערַא פּאַלעסטיניקאַ”, דאָס הייסט פּאַלעסטינע־לופט! „טעררא רעגיאָניס איזראעליטיצי”, דאָס הייסט ארץ־ישׂראל־ערד!

רב עקיבא: (מישט זיך אַרייַן) דאָ האָט מען גערעדט פון גייסטיקייט, מיר ראַכט, אַז אין דעם ענין פון גייַסטיקייט זענען מיר, רבנים, מער בקי ווי די גרעסטע פּראָפעסאָרן. לכן, איז עצתי מען זאָל צונויפרופן אַ פאַרזאַמלונג פון סאַמע רבנים, וואָס זאָלן זיך פאַרנעמען מיט דער דאָזיקער וויכטיקער שאלה פון ישׂראַ־ליקס גייַסטיקייט (אַ געלעכטער אין קאָנסיליום, די משפּחה איז צופרידן).

סווואָרין: אויסגעהערט די אַלע מיינונגען פון אייַערע אייגענע דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן, מיין איך אַז ס'איז נוצלעך אויך אויסהערן די מיינונג פון אַ פרעמדן. איך און מייַן קאָלעגע קרושעוואַן גייען מיט דעם גאַנג, אַז אַלע אייַערע וויכוחים, דיספּוטן און טענות זענען אַרויסגעוואָרפן, וואָרעם איר בלאָנדזשעט אין דער פינצטער, איר האָט ניט געטראָפן דאָס שלאָפקייט. איך קאָן אייַך ניט זאָגן ווי אַזוי עס ווערט אָנגערופן אין דער מעדיצין אויף לאַטיין, נאָר אויף אונדזער לשון הייסט עס פּשוט „זשידאָווסקי עקספּלאָאַטאַציע”, דאָס הייסט דער קראַנקער איז גאָר ניט אַזוי קראַנק ווי ער מאַכט דעם אָנשטעל. אמת, ער איז אַ ביסל ניט געזונט, אַ ביסל טוען אים וויי הענט און פיס, אויסגעבויגן דער רוקן, האָט אַ קראַנקן מאָגן, און די לונג אַ ביסל גערירט, הייַנט האָט ער געלזוכט אין פּנים — נו וואָס זשע איז? מה רעש? אמת, דאָס איז אַלץ אַזעלכע זאַכן וואָס מען זעט דאָס אַרויס, אָבער ניט אויף אַזוי פיל, אַז ער זאָל דאַרפן ליגן און זאָל שוין גאָר ניט קאָנען אויפשטיין. מען דאַרף אים זאָגן מיט דעם לשון, ווי מען האָט אייַך געזאָגט אַ מאָל נאָך אין מצרים: נרפּים אתם נרפּים — איר פוילט זיך, ישׂראליקל, איר פוילט זיך! ווען מען זאָל מיך פאָלגן, האָב איך אַ בעסער מיטל פון אַלע אייַערע ציוניזמען; מייַן מיטל איז שלאָגן צו דער אָדער, לאָזן בלוט, — אַפילו אַן אַלטע, אַ באַבסקע רפואה, נאָר אַ רפואה איז דאָס — אויף מיר אַזאַ יאָר!

קרושעוואַן: אָמן. און איך זאָג: מאַסאַזש. הייַנט היילט מען אומעטום אַלע שלאָפקייטן מיט מאַסאַזש. ניטאָ קיין בעסער מיטל ווי מאַסאַזש. אַז מען שלאָגט רעכט דורך, פאַרשטייט איר מיך, די ביינער, ווערט מען דאָך אַן אַנדער מענטש!

ישׂראליק: (ציט אויס אַ לאַנגן קרעכץ) אוי־וי־וי־וי!

די משפּחה: (ברעכט די הענט) אנא ה' הושיעה נא — גאָט זאָל אים העלפן!

דאָקטאָר הערצל: איך האָרך דאָ פאַרשידענע קולות, פּראָטעסטן, קריטיק. מהכי־תיתי, איך האָב ליב פּראָטעסטן; קריטיק איז אין דער מעדיצין אַ נייטיקע זאַך, איך שטיי אָבער פעסט אין מייַן מיינונג, אַז ציוניזם און נאָר דער ריינער

פּאָליטישער ציוניזם, ווי איך פֿאַרשטיי אים, קאָן דערהאַלטן ביים לעבן דעם דאָזיקן אומגליקלעכן חולה. קיין שום אַנדער ציוניזם, קיין שום גייסטיקייט פֿאַר־שטיי איך ניט און נעם ניט אָן. אַלזאָ, קאָלעגן, לאָמיר ניט פֿאַרציִען אין דער לאַנגער באַנק (ער פֿאַרשרייבט אַ רעצעפּט). לאָז מען באַלד שיקן אין אַפּטייק און לאָז מען ברענגען אַ פּאָרציע ציוניזמוס. (גיט איבער דאָס רעצעפּטל דעם דאָקטאָר נאָרדוי).

דאָקטאָר נאָרדוי: (חתמעט זיך) אַלע צוויי שעה איין עסלעפֿל. (גיט איבער דאָס רעצעפּטל דעם דאָקטאָר מאַנדעלשטאַם).

דאָקטאָר מאַנדעלשטאַם: (חתמעט זיך) מען באַדאַרף צושרייבן דאָס וואָרט „סטאַטיס״, בכדי מען זאָל דאָס באַלד אַרויסגעבן. (גיט איבער דאָס רע־צעפּטל צו אחד־העם).

אחד־העם: (וויל ניט חתמענען זיך) אַ רעצעפּט וואָס איז ניט לפּי רוחי קאָן איך ניט חתמענען (גיט איבער דאָס רעצעפּטל דובנאָוון).

דובנאָוו: (וויל ניט חתמענען) לאָז מען צושטעלן איין וואָרט „גייסטלעך״, חתמע איך מיך מיטביידע הענט (גיט דאָס איבער אוסישקינען).

אוסישקין: (חתמעט זיך) איך וואָלט פֿאַרשריבן נאָך אַ גרעסערע דאָזע: אַלע שעה צוויי עסלעפֿל (גיט איבער דאָס רעצעפּטל דעם דאָקטאָר הערצל, דער דאָקטאָר הערצל רופֿט צו די דינסטמויד פּרעסע, גיט איר דאָס רעצעפּטל און זאָגט איר, אַז זי זאָל באַלד גיין אין דער אַפּטייק אַריין).

פּרעסע: נו, און געלט? (דרייט זיך אַרום צווישן דער משפּחה פֿון איינעם צום אַנדערן).

די משפּחה: געלט? (מען קוקט אויף דער רייכער קרובה. די רייכע קרובה מאַכט זיך אַוועק; די אָרעמע קרובים קראַצן זיך אין אַלע קעשענעס, לייגן זיך צונויף, ווער אַ גראָשן ווער צוויי, עס ווערט עטלעכע קערבלעך און פּרעסע לויפֿט אַוועק נאָך דער רפֿואה. — די דאָקטוירים צעפֿאָרן זיך, די משפּחה צעגייט זיך, דער חולה בלייבט אַליין. —)

## צווייטער אַקט

אין עטלעכע טעג אַרום. די זעלביקע דעקאָראַציע מיט די זעלביקע פֿאַרשוינען וואָס אינעם ערשטן אַקט. ניט געמינערט אַ האָר.

דאָקטאָר הערצל: (צו די איבעריקע דאָקטוירים און פּראָפֿעסאָרן) מײַנע הערן! איך האָב אײַך צונויפֿגערופֿן אַהער נאָך אַ מאָל אויף אַ קאָנסיליום, בכדי מיר זאָלן באַקלערן דערווײַלע אַן אַנדער מיטל אויף צו ראַטעווען דעם קראַנקן פּאַציענט נעבעך, וואָס ס'איז אים איצט נאָך ערגער ווי פֿריִער. צו אונדזער גרויסן באַדויערן באַדאַרף איך אײַך אָנזאָגן ניט קיין גוטע בשׂורה: מען האָט אין דער אַפּטייק ניט געוואָלט אַרויסגעבן אויף אונדזער רעצעפּט קיין ציוניזמוס, אַפֿילו קיין האַלבן אונץ. איך בין אַליין געווען ניט איין מאָל אין אַפּטייק. גע־רעדט מיטן פּראָוויזאָר, געגעבן אים צו פֿאַרשטיין אַז ציוניזם איז פֿון די אומ־געפֿערלעכסטע מעדיקאַמענטן, עס וועט דאָ קיינעם ניט שאַטן. אַדרבה, עס וועט נאָך ברענגען פֿיל נוצן סײַ דעם חולה, סײַ דעם בעל־הבית פֿון דער אַפּטייק. מײַנע אַלע רייד זענען אָבער לײדער געווען אומזיסט, וואָרעם סך־הכּל איז ער ניט מער ווי אַ פּראָוויזאָר און האָט אַ קליינע דעה אין אַפּטייק... הקיצור, אַלע מײַנע רייד און בקשות האָבן גאָרניט געהאָלפֿן. נאָר מיינט ניט חלילה אַז ס'איז פֿאַרפֿאַלן די האָפֿענונג אויף אייביק. מיר האָפֿן — און עס וועט מיט גאָטס הילף געוויס אַזוי זײַן — אַז ניט הײַנט איז מאָרגן, מען וועט אונדז די אַפּטייק עפֿענען און מיר וועלן קויפֿן ציוניזמוס וויפֿל מען וועט באַדאַרפֿן. די גאַנצע זאָרג איז נאָר: וואָס טוט מען דערווײַלע מיטן קראַנקן ישׂראָליק? דערויף האָב איך די עטלעכע טעג געטראַכט און געפֿונען זייער אַ טײַער מיטל, געוויינטלעך ניט אויף שטענדיק, נאָר פֿאַרלייפֿיק, לפֿי שעה. דאָס מיטל דאָס איז אַזאַ מין געטראַנק, כּמעט דאָס זעלבע וואָס ציוניזמוס. גע־נומען האָב איך עס פֿון אַ באַרימטן ענגלישן פּראָפֿעסאָר טשעמבערליין, און הייסן הייסט עס בײַ אונדז אין דער מעדיצין „אוגאַנדאַ אַפֿריקאַניקאַ".

אַלע: אוגאַנדאַ? אוגאַנדאַ? אָסט־אַפֿריקאַ?

עס ווערט אַ טומל, אַ מהומה, אַלע שרײַען. דער זאָגט ס'איז גוט, דער פּראָטעסטירט. די משפּחה וויגט זיך, ביז עס שטייט אויף דער דאָקטאָר נאָרדוי.

דאָקטאָר נאָרדוי: מײַנע געערטע קאָלעגן! עס וווּנדערט מיך זייער, וואָס איז דער רעש אַזוי גרויס? איר ווילט ניט מען זאָל פֿאַרשרײַבן דעם חולה אוגאַנדאַ? פֿאַר וואָס? איר ווייסט דען וואָס דאָס איז? איר האָט עס שוין אַ מאָל אויף אײַער פּראַקטיק עמעצן פֿאַרשריבן? איר ווילט דווקא מען זאָל אים קורירן מיט ציוניזם? ווו זאָלן מיר נעמען, אַז מען גיט ניט? אפֿשר וועט איר הייסן אַז דער קראַנקער ישׂראֵליק זאָל גיין מלחמה האַלטן מיטן פּראָוויזאָר? און וואָס זאָל ער טאָן דערווײַלע נעבעך? זאָל ער אויסגיין אַזוי פֿאַר אונדזערע אויגן?

ישׂראֵליק: (ציט אויס אַ לאַנגן קרעכץ) אוי־וי־וי־וי!

די משפּחה: (ברעכט די הענט) אנא ה׳ הושיעה נא — גאָט זאָל אים העלפֿן!

דאָקטאָר נאָרדוי: ברידער! באַרעכנט נאָר אַקוראַט די לאַגע פֿונעם קראַנקן ישׂראֵליק, ניט פֿאַרגעסט, אַז דעם רעצעפּט וואָס מיר פֿאַרשרײַבן אים איצט, אַט דאָס אוגאַנדאַ, איז ניט מער ווי אַ מיטל אויף אַ ווײַלע, לפֿי שעה, ביז גאָט וועט אַרײַנגעבן דעם אַפּטייקער אַ שׂכל און באַשאַפֿן אים אַ גוט האַרץ און מען וועט אונדז אַרויסגעבן דאָס רעכטע מיטל, דעם ציוניזמוס. אַ מענטש אַז ער טרינקט זיך, כאַפּט ער זיך אָן אין אַ שפּיץ פֿון אַ פֿינגער, אין אַ שאַרף פֿון אַ שווערד. (נעמט דאָס רעצעפּטל פֿון הערצלס הענט, חתמעט דאָס און גיט עס איבער ווײַטער).

אחד־העם: האָט קיין פֿאַראיבל ניט, מײַנע הערן, וואָס איך וועל אײַך זאָגן עטלעכע קלאָרע ווערטער, אַ ביסל באַקעטן אמת, אַ ביסל ריינע וואַרהייט. עס וווּנדערט מיך ניט אויפֿן פּראָפֿעסאָר הערצל, וואָס ס׳איז אַזוי גיך פֿאַרטיק געוואָרן בײַ אים אין מוח אַ נײַער מין רעצעפּט. דער פּראָפֿעסאָר הערצל איז דערויף אַ גרויסער בריה, מען קאָן זאָגן — אַ מומחה אויף רעצעפּטן. עס וווּנ־דערט מיך ניט אויף דעם פּראָפֿעסאָר נאָרדוי מיט זײַן גיכטקייט, ווי ער שרײַבט זיך אונטער אַלע מאָל אונטער הערצלס רעצעפּטן. דער וואָס האָט אַזוי גרינג אָנגענומען די פֿריִערדיקע רפֿואה, דעם טרוקענעם ציוניזם, דער מוז אויך לײַכט חתמענען זיך אויף דעם נײַעם מיקסטורל „אוגאַנדאַ״. אַ חידוש איז מיר נאָר דאָס, וואָס עס האָבן זיך דאָ געפֿונען שוין אַזוי גיך קולות פֿאַר דעם נײַעם מיטל „אוגאַנדאַ״ און קולות קעגן דעם נײַעם מיטל „אוגאַנדאַ״, וואָס קער זיך אַזוי אָן מיט ציוניזם, אַזוי ווי איך למשל קער זיך אָן מיט מצרים. ווער קאָן זאָגן דערויף, צי ס׳איז גוט און ווער קאָן זאָגן אַז ס׳איז שלעכט? מיט וואָס פֿאַר אַ צוטרוי דער חולה וועט איצט קוקן אויף דעם נײַעם מיקסטורל „אוגאַנדאַ״, נאָך דעם

ווי דער פּראָפעסאָר הערצל האָט אים פּריִער אַזוי אָפּגעלויבט דעם ציוניזם — דאָס פאַרשטייט איר שוין אַליין. איך שטעל מיך ניט אַרויס פאַר קיין נביא און אַפילו ניט פאַר קיין האַלבן נאַר — איך האָב דעריבער דעמאָלט געזאָגט נאָך, אַז דערמיט וואָס מען לויבט אַזוי אָפּ די רפואה ציוניזם און מען זאָגט אַז נאָר ציוניזם איז דאָס איינציקע ריכטיקע מיטל, טוט מען דעם חולה די גרעסטע רעה. דער פּראָפעסאָר הערצל, זאָל מיר מוחל זײַן, קען ווינציק וואָס אונדזער פּאַציענט. ער מיינט אַז ישׂראליק איז אַ יינגל, וואָס לאָזט זיך אײַנרעדן. וואָס פאַר אַ טעם וועט בײַ אים איצטער האָבן די נײַע רפואה „אוגאַנדאַ", אַז דער פּראָפעסאָר הערצל האָט אַליין ערשט פּריִער מיט עטלעכע טעג געזאָגט: ניטאָ קיין אַנדער רפואה אַחוץ ציוניזמוס? (עס ווערט אַ טומל, אַ געפּילדער, אַלע רעדן. אייניקע האַלטן מיט אחד־העם, אייניקע פּראָטעסטירן קעגן אים. די משפחה קאָכט).

די משפחה: ווי האָט דאָס אַ העזה אַ ייִד, אַ געוויינטלעכער דאָקטאָר, רעדן אַזעלכע ווערטער קעגן אַ וועלט־באַרימטן פּראָפעסאָר?!

אוסישקין: וואָס טויג מיר שיינע ווערטער! הויכע מליצות? איך פּראָטעסטיר גאַנץ ענטשלאָסן קעגן דעם דאָקטאָר הערצל מיט זײַן רפואה „אוגאַנדאַ"! מיר ווייסן נאָר איין מיטל: ציוניזם, און קיין שום אַנדער מיטל ווילן מיר ניט הערן! דער פּראָפעסאָר הערצל האָט איין מאָל געחתמעט ציוניזם, באַדאַרף זײַן ציוניזם! וואָס איז דאָס פאַר אַ בײַטן אַלע טאָג דעם דיאַגנאָז?!

דאָקטאָר הערצל: מיר וועלן בעטן אונדזער קאָלעגע אוסישקין ער זאָל אונדז לאָזן פרײַ. דען ער איז קעגן אונדזער קאָנסיליום און האָט קיין רחמנות ניט אויפן קראַנקן!

אוסישקין: איך ווייס ניט ווער ס'איז קעגן אונדזער קאָנסיליום: צי דער וואָס בײַט אַלע דרײַ־פיר טעג די רעצעפּטן, צי דער וואָס האַלט זיך בײַ איינעם שוין אַזוי פיל צײַט? און וועגן געטרײַשאַפט צום קראַנקן איז נאָך אַ פראַגע, ווער פון אונדזביידע איז מער געטרײַ? מײַן דעוויז איז אײַך באַקאַנט? איך פאַר קיין ארץ־ישׂראל! איך פּראָטעסטיר!

דאָקטאָר הערצל: (אויסער זיך, נאָר האַלט אײַן דעם כעס) פון אונדזער פּאַלעמיקע וועט דעם קראַנקן דערוויילע גרינגער ניט ווערן. לאָמיר אַקאָרשט פרעגן בײַ דער משפחה אַליין, צי ווילן זיי מען זאָל געבן דעם חולה לעת־עתה דעם רעצעפּט אוגאַנדאַ, צי ניין?

די משפחה: (אַלע אין איינעם) יאָ! ניין! ניין! יאָ! ניין! ניין! יאָ! יאָ! ניין!

**דאָקטאָר הערצל:** איינציקוויַיז! איינציקוויַיז! איטלעכער באַזונדער!

> די משפּחה ליאַרעמט. מען שריַיט, מען קריגט זיך, מען ברעכט די הענט, מען וויינט; וויַיבער פאַלן חלשות...

**דאָקטאָר נאָרדוי:** (ציילט עטלעכע מאָל, וויפל ס'האָבן געזאָגט „יאָ" און וויפל עס האָבן געזאָגט „ניין":) איינס, צוויי, דריַי, פיר, פינף, זעקס, זיבן, אַכט... 375 „יאָ־זאָגערס"!...

איינס, צוויי, דריַי, פיר, פינף, זעקס, זיבן, אַכט... 296 „ניין־זאָגערס". אַלזאָ זענען די „יאָ"־זאָגערס אַ סך מער פון די „ניין"־זאָגערס. נמצא אַז מען דאַרף שיקן אין דער אַפּטייק נאָך „אוגאַנדאַ".

> ער גיט איבער דאָס רעצעפּטל דער דינסטמויד פּרעסע, זי זאָל לויפן אויף איין פוס אין דער אַפּטייק. דער חולה קרעכצט, די משפּחה לייגט איַין די וועלט; עס לאָזט זיך הערן אַ געוויין מיט אַ כליפּען, מיט אַ שנייַצן פון נעזער, וויַיבער פאַלן חלשות.

**רב עקיבא:** (מאַכט אַ פרום פּנים, ווי בשעת מען שפּרעכט אָפּ אַ גוט אויג, הייבט אויף די הענט, ווי ירמיהו הנביא) ווי איז צום חולה! ווי איז צו אונדזער ישׂראליקן! געפאַלן דער קרוג אויפן שטיין, ווי איז צום קרוג! געפאַלן דער שטיין אויפן קרוג — ווי איז צום קרוג! אַ שיינע חתונה האָבן זיי אָנגעאַרבעט מיט זייערע רפואות! אַ חורבן בית־המיקדש! דער דריטער חורבן! פריַער ציוניזם, הייַנט אוגאַנדאַ! אַ חילול־השם פאַר לייַטן! (ברעכט די הענט, קוקט אויפן פעלדשער און אויפן מאַסאַזשיסט מיט גרויס רעספּעקט) מען דאַרף זען אַן אַסיפה פון רבנים! אַן אַסיפה איז איצטער נייטיק ווי אין לעבן אַרייַן!

**סווואָרין:** שלאָגן צו דער אָדער! לאָזן בלוט!...

**קרושעוואַן:** מאַסאַזש! איַי מאַסאַזש! נאָר מאַסאַזש!

**ישׂראליק:** (לאָזט אַרויס אַ לאַנגן זיפץ) אוי־וי־וי־וי!

**די משפּחה:** (ברעכט די הענט, וויינט און כליפּעט און שנייַצט די נעזער) אנא ה' הושיעה נא — גאָט זאָל אים העלפן!

**אחד־העם:** אַ מערקווערדיקע משפּחה ביַי אונדזער ישׂראליקן! אָט האָבן זיי דאַכט זיך נאָר וואָס אַליין געשריען יאָ! אוגאַנדאַ! אוגאַנדאַ! און איצט וויינט מען און מען כליפּעט און מען פאַלט חלשות! וואָס איז דער געוויין? וואָס וויינט איר, יידן? אַ פּנים ביַי איַיך איז וואָלוול טרערן?

די משפחה: יאָ, גוט איז אײַך צו רעדן! טוט אַ קוק נעבעך אויף דעם קראַנקן ישׂראליק, מי יודע וואָס פֿאַר אַ רפֿואה דאָס איז אָט דאָס „אוגאַנדאַ״? מיט וואָס עסט מען דאָס?

עס הערן זיך קולות: „ציוניזם״! „ציון״! דער רעש ווערט וואָס ווײַטער אַלץ גרעסער.

דאָקטאָר הערצל: (צו דער משפּחה, מיט ווייכע ווערטער) באַרויִקט זיך, ברידער, איך בעט אײַך, זײַט רויִק! איך ווייס אַליין, אַז ציוניזם איז דאָס בעסטע, דאָס איינציקע מיטל; נאָר וואָס קאָן מען טאָן, אַז מען גיט דאָס ניט אַרויס אין דער אַפּטייק? איך שווער אײַך בנאמנות, אַז איך וועל נאָך זײַן דאָרטן, איך וועל נאָך רעדן מיטן אַפּטייקער, איך וועל זיך ניט באַרויִקן ביז איך וועל אײַך ניט אַרויסבאַקומען דאָס דאָזיקע מיטל! איך זאָג אײַך צו, אַז איך וועל דאָס ניט פֿאַרגעסן, זײַט זיכער! אם אשכּחך ירושלים, לאָז פֿאַרגעסן ווערן מײַן רעכטע האַנט, אויב איך וועל דאָס פֿאַרגעסן!

די משפחה באַרויִקט זיך ניט. אַ סך פּליעסקען בראַוואָ, אַ סך פּראָ־טעסטירן, פֿון דרויסן לאָזט זיך הערן אַ באַקאַנט לידל: עו־ו־וד לא עבדה תּקוות־נו...)

דאָקטאָר נאָרדוי: (האַרטלעך) עס וווּנדערט מיך אויף מײַן קאָלעגע הערצל, ווי ער איז זיך אַזוי מפלפל און לאָזט זיך אַרײַן אין חקירות מיטן עולם וועגן אַזאַ מין ענין, וואָס איז קלאָר אַזוי ווי דער טאָג. מיר האָבן איין מאָל געזאָגט, אַז מען קאָן דעם חולה אַזוי ניט לאָזן; מען מוז אים פֿאַרשרײַבן אַ רעצעפּט לפי שעה, אויף צו דערהאַלטן אים די נשמה. האָבן מיר פֿאַרשריבן אוגאַנדאַ, באַדאַרף זײַן אוגאַנדאַ. דערויף איז דאָס אַ קאָנסיליום פֿון דאָקטוירים!..

פּלוצעם הערט זיך אַ שאָס. דאָס האָט איינער פֿון דער משפּחה אויסגעשאָסן גלײַך אויפֿן דאָקטאָר נאָרדוי, נאָר געטראָפֿן האָט דאָס רבי עקיבאָן אין דער רעכטער באַק... סע פֿאַלט אַ פּחד אויפֿן עולם און מען ווערט צעמישט. — די משפּחה פֿאַרענטפֿערט זיך, אַז דאָס איז געווען ניט קיין שאָס פֿון רעוואָלווער חלילה, נאָר אַ פּראָבקע פֿון אַ פֿלעשל זעלצער־וואַסער. — אייניקע גייען צו צום דאָקטאָר נאָרדוי און קוועטשן אים די האַנט. — דער פֿעלדשער מיטן מאַסאַ־

זשיסט סודען זיך צווישן זיך, לאַכן פֿון דער בהלה און מאַכן חוזק פֿונעם גאַנצן עולם. — ר ב ע ק י ב א באַווייַזט דעם פֿעלדשער די רעכטע באַק, ווי איינער רעדט: „נאַט, זעט, פֿאַר וואָס קומט דאָס מיר?“... דער פֿעלדשער שאָקלט כלומרשט מיטן קאָפּ און זאָגט צום מאַסאַזשיסט: „אַ מיצווה! דער הונט איז ווערט דעם שטעקן“. — עס עפֿנט זיך די טיר און עס פֿליט אַרײַן פֿרעסע די דינסטמויד מיט לײדיקע הענט.

ד אָ ק ט אָ ר ה ע ר צ ל: נו?

פ ר ע ס ע: (שיט מיט רייד) ניטאָ, מען גיט ניט, מען וויל ניט געבן פֿון דער אַפּטייק קיין אוגאַנדאַ אויך ניט! אויס! דער פּראָפֿעסאָר טשעמבערל, זאָגן זיי, האָט צוגעשריבן, אַזוי זאָגן זיי, מען זאָל ניט אַרויסגעבן קיין אוגאַנדאַ! פֿאַר וואָס — ווייס איך ניט; נאָר דער פּראָפֿעסאָר טשעמבערל, אַזוי זאָגן זיי, הייסט ניט מען זאָל געבן אוגאַנדאַ, גיט מען ניט!

(אַלע בלײַבן דערשטוינט פֿון דער בשורה; אין פֿאַרשידענע פּאָזעס.—)

י ש ר אָ ל י ק: (לאָזט אַרויס אַ לאַנגן קרעכץ) אוי־וי־וי־וי!

ד י מ ש פ ח ה: (ברעכט די הענט) אנא ה׳ הושיעה נא — גאָט זאָל אים העלפֿן!

(פֿ אָ ר ה אַ נ ג)

1903

# אַפֿאָריזמען

**געדאַנקען, משלים, מוסר און גלאַט קלוגע רייד פֿון גרויסע לײַט פֿון אַ מאָל און אויך פֿון הײַנטיקע צײַטן. פֿרײַ באַאַרבעט, צוגעזעצט און איבערגעאַנדערשט פֿון שלום־עליכם**

1

„ווער איז אַ חכם? — דער וואָס לערנט זיך אָפּ פֿון יעדן איינציקן. ווער איז אַ העלד? — דער וואָס נעמט איַין דעם יצר־הרע. ווער איז אַן עושר? — דער וואָס באַגנוגנט זיך מיט דעם וואָס ער האָט". (אַזוי זאָגן די חז"ל.) און איך זאָג: ווער איז אַ חכם? — דער וואָס האָט געלט. ווער איז אַ העלד? — דער וואָס האָט געלט. ווער איז אַן עושר? דער וואָס האָט געלט.

2

„דער וואָס קען גוט מענטשן, דער אַנטלויפֿט ניט פֿון מענטשן און יאָגט זיך ניט נאָך זיי". (אַזוי זאָגט מאַרק אַורעליוס.) און איך זאָג: דער וואָס קען גוט מענטשן, דער אַנטלויפֿט פֿון מענטשן ווי דער שוואַרצער פֿעפֿער וואַקסט.

3

„אַ מענטש וואָס שטייט אויף די שפּיץ פֿינגער, קאָן לאַנג ניט שטיין". (אַזוי זאָגט לאַאָ־טסע.) און איך זאָג: אַ מענטש וואָס שטייט אײַנגעבויגן, אָדער אויס־געצויגן ווי אַ סטרונע, דער וועט שטיין לאַנג...

4

„אָ, ווי גליקלעך מיר זענען, וואָס מיר האָבן ניט קיין שונאים!" (אַזוי זאָגט בודדאַ.) און איך זאָג: אָ, ווי גליקלעך מיר זענען, וואָס מיר האָבן שונאים!

5

„אַ פֿערד איז ניט דערמיט אויסגעשטעלט, וואָס ער קאָן ניט קרייען ווי אַ האָן, ער איז אומגליקלעך נאָר דעמאָלט ווען ער פֿאַרלירט דעם גאַנג". (אַזוי זאָגט עפּיקטעט.) און איך זאָג: אַן אָקס איז ניט דערמיט אויסגעשטעלט, וואָס ער האָט אַ לאַנגע צונג און קאָן קיין שופֿר ניט בלאָזן; ער איז אומגליקלעך נאָר דעמאָלט, ווען מען פֿירט אים צו דער שחיטה.

6

„אַ לײַטישער מענטש אַז ער טוט אַ גוטע זאַך, באַהאַלט ער זיך פֿאַר מענטשן

און האָט קיין חרטה ניט, טאָמער ווייסט דערפֿון קיינער ניט". (אַזוי זאָגט קאָנפֿוצי.) און איך זאָג: אַ היינטוועלטיקער לייטישער מענטש אַז ער טוט אַן עוולה, באַהאַלט ער זיך ניט פֿאַר קיינעם און האָט קיין חרטה ניט, טאָמער ווייסט דערפֿון די גאַנצע וועלט.

7

„אַקעגן דער גרויסער וועלט איז דער מענטש געגליכן צו אַ קליין שטעקעלע, נאָר אַ קלוגס". (אַזוי זאָגט פּאַסקאַל.) און איך זאָג: אַקעגן דער גרויסער וועלט איז דער מענטש געגליכן צו אַ קליין שטעקעלע, נאָר סע שלאָגט.

8

„אַלץ וואָס גרויס איז — וואַקסט פּאַוואָלינקע". (אַזוי זאָגט סענעקאַ.) און איך זאָג: אַלץ וואָס גרויס איז — וואַקסט פּאַוואָלינקע, אַחוץ פּראָצענט, וואָס וואַקסט משוגענערווייז, אַן רעגן, אַזוי ווי קראָפּעווע.

9

„אַז דו רעדסט, זאָלן דיינע ווערטער זיין בעסער ווי געשוויגן". (אַזוי זאָגט אַן אַראַביש גלייכווערטל.) און איך זאָג: אַז דו שווייגסט, זאָל דיין שווייגן זיין בעסער ווי גערעדט.

10

„לייענען און שרייבן הייסט נאָך ניט קיין בילדונג, אויב זיי פֿירן ניט דעם מענטשן אין דרך־הישר". (אַזוי זאָגט דזשאָן ריעסקין.) און איך זאָג: לייענען און שרייבן הייסט נאָך ניט קיין בילדונג, אַז מען האָט ניט קיין דיפּלאָם.

11

„אַן אָנגעבראָכענער שאַרבן קלינגט ניט; אַן איבערגעבראָכענער אויף צווייען קלינגט ווידער". (אַזוי זאָגט ריכטער.) און איך זאָג: אַן אָנגעבראָכענער שאַרבן טויג אויף כּפּרות! אַן איבערגעבראָכענער אויף צווייען — וואַרפֿט אים אַרויס!

12

„צו אַ גאָרטן זענען געקומען צוויי מענטשן: איינער אַן אויפֿגעקלערטער, דער אַנדערער אַ פֿרומער. האָט זיך דער אויפֿגעקלערטער גענומען ציילן די ביימער, רעכענען די פּירות און מאַכן אַ חשבון, וואָס פֿאַר אַ ווערט קאָן האָבן דער גאָרטן. און דער פֿרומער האָט זיך באַקענט מיטן בעל־הבית, צוגעגאַנגען צו אַ בוים און פֿאַרביסן מיט די פּירות". (אַזוי זאָגט אַ בראַמינער.) און איך זאָג: צו אַ גאָרטן זענען געקומען צוויי מענטשן: איינער אַן עם־האָרץ, דער אַנדערער

אַ רשע. האָט זיך דער עם־האָרץ גענומען באַלד צו די פּירות, און דער רשע איז געגאַנגען פֿריִער הרגענען דעם בעל־הבית.

13

„זאָלסט גיין מיטן אמת אַפֿילו מיט אַ קינד; האָסטו אים עפּעס צוגעזאָגט, זאָלסטו מקיים זײַן, אַניט וועסטו אים געוווינען צו ליגן". (אַזוי זאָגן די חז"ל.) און איך זאָג: זאָלסט גיין מיטן אמת אַפֿילו מיט דײַן ווײַב; האָסטו איר עפּעס צוגעזאָגט, זאָלסטו מקיים זײַן, אַניט וועסטו האָבן אָפּגעשניטענע יאָרן.

14

„האָסטו אין זינען נאָר יענעם, קאָנסטו האָפֿן עס זאָל דיר אַרויסקומען אַ מאָל אַ טובה". (אַזוי זאָגט פּלאַטאָן.) און איך זאָג: האָסטו אין זינען נאָר דיך, קאָנסטו האָפֿן עס זאָל עמעצן אַרויסקומען אַ רעה.

15

„דערנער מאַכן אַ תּל פֿונעם פֿעלד; זינד פֿירן איבער דעם מענטשן, און מעשׂים טובים פֿירן צו אַ גוטן סוף". (אַזוי זאָגט בודדאַ.) און איך זאָג: דערנער מאַכן אַ תּל פֿונעם פֿעלד און וואַקסן אומעטום; זינד פֿירן איבער דעם מענטשן, און פֿון דעסטוועגן זינדיקן אַלע מענטשן און אויף מעשׂים טובים איז ניטאָ קיינער אין דער היים.

16

„דאָס מעכטיקסטע וואָס געוועלטיקט אויף דער וועלט איז דאָס וואָס מען זעט דאָס ניט און מען הערט דאָס ניט און מען קאָן דאָס ניט אַנטאַפּן". (אַזוי זאָגט לאַאָ־טסע.) און איך זאָג: דאָס מעכטיקסטע וואָס געוועלטיקט אויף דער וועלט איז געלט, וואָרעם מען זעט דאָס און מען הערט דאָס און מען קאָן דאָס אַנטאַפּן.

17

„דער גרעסטער סוד צו זײַן שטענדיק אויפֿגעלייגט — ניט צו לאָזן זיך צום האַרצן די הבלי העולם, נאַרישע זאַכן". (אַזוי זאָגט סמאַילס.) און איך זאָג: דער גרעסטער סוד צו זײַן שטענדיק אויפֿגעלייגט — ניט צולאָזן זיך צום האַרצן פֿרעמדע צרות. דעריבער פֿליט אָפּט מאָל דער אָרעמאַן בײַם נגיד פֿון די טר'עפּ, וואָרעם ער קאָן ניט הערן זײַנע צרות.

18

„ניט קיין ימים צעטיילן די פֿעלקער, נאָר דאָס וואָס זיי זענען ניט געביל־דעט". (אַזוי זאָגט דזשאָן ריעסקין.) און איך זאָג: ניט קיין ימים צעטיילן די פֿעלקער, נאָר די פֿעלקער צעטיילן די ימים.

19

„קליינע צרות איז אייגנטלעך אַ גאַנץ גוטע זאַך“. (אַזוי זאָגט איינער אַ בראַמינער.) און איך זאָג: קליינע צרות איז אייגנטלעך אַ גאַנץ גוטע זאַך, נאָר פֿאַר יענעם.

20

„ווער איז אַ העלד? — דער וואָס האָט פֿונעם שונא געמאַכט אַ גוטן פֿרײַנד“. (אַזוי זאָגן די חז״ל.) און איך זאָג: ווער איז אַ העלד? דער וואָס האָט דעם שונא באַגראָבן נײַן איילן אין דער ערד.

21

„אַ מענטש מאַכט זיך גרויס זײַן גליק פּונקט אויף אַזוי פֿיל ווי ער פֿאַר־גרעסערט דאָס יענעם“. (אַזוי זאָגט בענטאַם.) און איך זאָג: אַ מענטש מאַכט זיך גרויס זײַן פֿאַרמעגן פּונקט אויף אַזוי פֿיל ווי ער פֿאַרקלענערט דאָס בײַ יענעם.

22

„מענטשן זענען זיך טועה ניט דערפֿאַר וואָס זיי ווייסן ניט, נאָר דערפֿאַר וואָס זיי מיינען אַז זיי ווייסן“. (אַזוי זאָגט רוססאָ.) און איך זאָג: מענטשן זענען זיך טועה ניט דערפֿאַר וואָס זיי ווייסן ניט, און ניט דערפֿאַר וואָס זיי מיינען אַז זיי ווייסן, נאָר דערפֿאַר וואָס זיי מיינען אַז יענע ווייסן ניט.

23

„דעם ערלעכן טרעפֿט אויך אַ מאָל אַז עס גייט אים ניט“. (אַזוי זאָגט שעקס־פּיר.) און איך זאָג: דעם ערלעכן טרעפֿט אויך אַ מאָל, אַז עס גייט אים.

24

„די וועלט איז אַ שטוב, וואָס באַשטייט אַ סך מער פֿון טרעפּ ווי פֿון חדרים“. (אַזוי זאָגט בערנע.) און איך זאָג: אַ פּנים דערפֿאַר וואַלגערן זיך אַ סך מער אויף די טרעפּ ווי די וואָס זיצן אין שטוב.

25

„דער טויט איז דער ערגסטער קרעדיטאָר“. (אַזוי זאָגט בײַראָן.) און איך זאָג: קרעדיטאָרן — דאָס איז דער ערגסטער טויט.

26

„די וועלט — דאָס איז אַ מחשבה פֿון גאָט“. (אַזוי זאָגט שילער.) און איך זאָג: די וועלט איז אַ מחשבה פֿון גאָט, נאָר אַ שלעכטע מחשבה.

27

„אַ מיצווה קוקט זיך ניט אַרום, מען זאָל ניט מיינען אַז זי זוכט כּבוד“. (אַזוי

זאָגט געטע.) און איך זאָג: אַן עבירה קוקט זיך ניט אַרום — מען זאָל זי ניט פּאַקן.

28

„מיר באַנוצן די האַק אויף צו מאַכן אַ שטעקל צו דער האַק". (אַזוי זאָגט לעוו טאָלסטאָי.) און איך זאָג: מיר באַנוצן די האַק אויף צו האַקן קעפּ.

29

„די ליבע ביי היינטיקע קינדער ליגט ניט אין האַרצן, ניט אין די אויגן". (אַזוי זאָגט שעקספּיר.) און איך זאָג: די ליבע ביי היינטיקע קינדער ליגט ניט אין האַרצן נאָר אין קעשענע.

30

„כל הרודף, ווער עס יאָגט זיך נאָך כבוד, פון דעם אַנטלויפט דער כבוד, און ווער עס אַנטלויפט פון כבוד, דעם יאָגט דער כבוד נאָך. (אַזוי זאָגן די חז"ל.) און איך זאָג: ווער עס יאָגט זיך נאָך כבוד, דער באַקומט דעם כבוד, און ווער עס אַנטלויפט פון כבוד, לאָזט מען אים לויפן.

31

„אַ שונא קומט צו נוץ: ער דערמאָנט אונדז אונדזער חוב צום מענטשן". (אַזוי זאָגט שילער.) און איך זאָג: אַ שונא קומט צו נוץ — מען קאָן זיך מיט אים רעכענען.

32

„פּאַרטרייב איין עבירה, וועלן צען עבירות אַליין אַוועקגיין. (אַזוי זאָגט ראַד.) און איך זאָג: פּאַרטרייב איין עבירה, וועלן אויפשטיין צען אַנדערע.

33

„אַ חכם פּאָדערט אַ סך פון זיך און ווינציק פון יענעם". (אַזוי זאָגט אַ כינע־זער.) און איך זאָג: אַ חכם פּאָדערט אַ סך פון יענעם און ווינציק פון זיך.

34

„אַז דו האָסט ליב, אַז דו טוסט גוטס און האָסט צרות — ביסט דו אַ מענטש". (אַזוי האָט געזאָגט אַן אינדיאַנער.) און איך זאָג: אַז דו האָסט ליב, אַז דו טוסט גוטס און האָסט צרות — ביסט דו אויף צרות.

35

„אַז דער פּאַסטעך ווערט ברוגז אויף די שאָף, גיט ער זיי אַ בלינדן שעפּס פאַר אַ פירער". (אַזוי האָבן געזאָגט אונדזערע חז"ל.) און איך זאָג: אַז דער פּאַסטעך ווערט ברוגז אויף די שאָף, קוילעט ער אַ שעפּס אויף אָנבייסן.

36

„אַז די פֿייל טרעפֿט ניט ווי מען דאַרף, באַשולדיקט דער קלוגער שיסער זיך, ניט די פֿייל״. (אַזוי זאָגט קאָנפֿוציוס.) און איך זאָג: אַז די פֿייל טרעפֿט ניט ווי מען דאַרף, שיסט דער קלוגער שיסער נאָך אַ מאָל.

37

„לעב אַזוי, גלייך ווי דו דאַרפֿסט זיך אָט באַלד געזעגענען מיטן לעבן״. (אַזוי זאָגט מאַרק אַווּרעליוס.) און איך זאָג: לעב אַזוי, גלייך ווי דו ביסט נאָר וואָס געבוירן געוואָרן.

38

„אַז ווייל איז דעם מענטש וואָס האָט זיך איינגעמידט, מיאוס געוועזן צו זוכן דאָס אמתע גליק אויף דער וועלט״. (אַזוי זאָגט פּאַסקאַל.) און איך זאָג: אַז אָך און וויי איז דעם מענטשן וואָס האָט זיך איינגעמידט, מיאוס געוועזן צו זוכן דאָס אמתע גליק אויף דער וועלט.

39

„אונדזערע מעשׂים זענען ניט אַזוי שלעכט ווי אונדזער רצון״. (אַזוי זאָגט וואָווענאַרג.) און איך זאָג: אונדזער רצון איז ניט אַזוי שלעכט ווי אונדזערע מעשׂים.

40

„סיי דאָס וואָס מיר רופֿן אָן גוט, סיי דאָס וואָס מיר רופֿן אָן שלעכט, איז אַלץ איינס נוצלעך פֿאַר אונדז, אויב מיר קוקן דערויף ווי אויף אָן אָפּקומעניש. (אַזוי זאָגט לעוו טאָלסטאָי.) און איך זאָג: סיי דאָס וואָס מיר רופֿן אָן גוט, סיי דאָס וואָס מיר רופֿן אָן שלעכט איז אַלץ איינס נוצלעך פֿאַר אונדז, אויב מיר ווייסן אַז מיר קענען דערפֿון עפּעס האָבן.

41

„וויסן אַז דאָס וואָס דו ווייסט און דאָס וואָס דו ווייסט ניט ווייסטו ניט — אָט דאָס איז די אמתע וויסנשאַפֿט״. (אַזוי האָט געזאָגט אַ כינעזער.) און איך זאָג: וויסן אַז דאָס וואָס דו ווייסט ווייסטו און דאָס וואָס דו ווייסט ניט, מאַכן זיך ניט וויסנדיק — אָט דאָס איז די אמתע וויסנשאַפֿט.

42

„טויזנט וועגן פֿירן צו פֿאַלשקייט, און צום אמת איז פֿאַראַן נאָר איין וועג״. (אַזוי זאָגט זשאַן רוסאָ.) און איך זאָג: דערפֿאַר אַ פּנים גייען מענטשן צו

פֿאַלשקייט, ווײַל ס׳איז פֿאַראַן טויזנט וועגן, און זייער ווינציק גייען צום אמת, ווײַל ס׳איז מער ניט פֿאַראַן ווי איין וועג.

43

„קיינער ווייסט ניט וואָס איז דער טויט; אפֿשר איז ער גאָר אַ גליק״. (אַזוי זאָגט פּלאַטאָן.) און איך זאָג: עס קאָן זײַן, אַז דער טויט איז אַ גליק, נאָר איך בין מוחל דעם גליק.

44

„איטלעכער מענטש קאָן זען זיך אַליין אין יענעמס פּנים, און דערפֿאַר טוען אָפּט מאָל מענטשן דאָס וואָס אַ הונט: אַ הונט אַז ער דערזעט אין שפּיגל זײַן געשטאַלט, מיינט ער אַז דאָרט איז נאָך אַ הונט, הייבט ער אָן צו בילן״. (אַזוי זאָגט שאָפּענהאַוער.) און איך זאָג: אַ מענטש איז קליגער פֿון אַ הונט: ער צעברעכט דעם שפּיגל, בכדי ער זאָל זײַן צורה דאָרט ניט אָנקוקן.

45

„גליקלעך איז דער וואָס גייט זיך ניט צונויף מיט נאַראָנים״. (אַזוי זאָגט בודדאַ.) און איך זאָג: גליקלעך איז דער וואָס גייט זיך ניט צונויף מיט נאַראָנים און דערפֿאַר איז ניטאָ קיין סך גליקלעכע אויף דער וועלט.

46

„מיר קאָנען ניט שטערן די פֿויגלען פֿליִען איבער אונדזערע קעפּ; מיר האָבן אָבער גענוג כּוח, מיר זאָלן זיי ניט לאָזן זיך באַזעצן אונדז אויפֿן קאָפּ״. (אַזוי זאָגט לוטער.) און איך זאָג: מיר קאָנען ניט שטערן די פֿויגלען פֿליִען איבער אונדזערע קעפּ; מיר האָבן אָבער ביקסלעך אויף צו שיסן זיי און מאַכן פֿון זיי נאָכדעם זיסע שפּײַז און די בעסטע מאכלים.

47

„אין יעדן טעות ליגט אַ שטיק אמת, און אין יעדן אמת ליגט אַ שטיק טעות״. (אַזוי זאָגט ריקערט.) און איך זאָג: דערפֿאַר גייען מיר ניט מיטן אמת, בכדי מיר זאָלן ניט האָבן קיין טעות.

48

„האַלט זיך אײַן פֿון צו שפּאָרן זיך — דו וועסט קיינעם ניט איבערשפּאָרן, יענעמס מיינונגען זענען ווי די טשוועקעס; וואָס מער דו קלאַפּסט אויף זיי, מער קריכן זיי אַרײַן״. (אַזוי זאָגט יווועטאַל.) און איך זאָג: מיינונגען זענען טשוועקעס; אָפּט קומען מענטשן מיט זייער האַמער און מיט זייערע טשוועקעס.

49

„דער נסיון באַווײַזט אונדז, אַז אויף קיין זאַך האָט אַ מענטש ניט אַזוי צו שאַפֿן ווי אויף דער צונג". (אַזוי זאָגט ספּינאָזאַ.) און איך זאָג: ניטאָ נאָך אַזאַ געטרײַער דינער ווי די צונג; פֿאָלגט, וווּהין מען שיקט זי.

50

„עס זאָל אַצינד ניט זײַן מער קיין ייִדן אויף דער וועלט, נאָר איינער, וואָלט מען געפֿאָרן פֿאַר הונדערט מײַל אים אָפּגעבן שלום". (אַזוי זאָגט היינע.) און איך זאָג: עס זאָל אַצינד ניט זײַן מער קיין ייִדן אויף דער וועלט, נאָר איינער, וואָלט מען אים אויך אַרויסגעשיקט.

1903

# דאָס ניי־געבוירענע אָדער ראַסל

## אַ סיפּור־המעשׂה

1

אונדזער משפּחה איז אַ גרויסע משפּחה, אַ גרויסע און אַ באַרימטע.

מיט וואָס, ווילט איר וויסן, איז זי באַרימט ?.. „מיט אירע נגידים־קולאַקעס, מיוחסים־פּרומאַקעס, חסידים־צבועקעס, שיכּורים־הוליאַקעס, גנבים־באָסיאַקעס...״

אַזוי האָט געזאָגט אויף איר טאַקע איינער פֿון אונדזער משפּחה, אַ שרײַבער איז ער, אַ לץ, אַ פֿאַרשלעפּטע קרענק און אַ גראַמזאָגער. נאָר ווייס איך וואָס אַ גראַמזאָגער קאָן זאָגן ! איך געדענק, אַז אונדזער שטוב האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ פֿרומע שטוב, אַ כּשרע שטוב, אַן ערלעכע שטוב. מילא פֿון דאַווענען, וואַשן זיך, בענטשן — פֿון דעם שמועסט מען ניט. גאָט זאָל היטן אימיצער זאָל אויסרעדן בײַם טיש אַ הויך וואָרט, אַ לאַך טאָן, גיין ניט אַהין וווּ מען דאַרף, רעדן ניט מיט דעם וואָס מען דאַרף ! מישן זיך אין שטובזאַכן, אַרײַנקוקן אין בעל־הבתישקייט, אַרײַנשמעקן אין קיך אַרײַן — חיות ניט זיכער ! — מיט איין וואָרט, שטרענג און מיט דרך־ארץ און מיט מורא : „וואָס גאָט הייסט, וואָס טאַטע־מאַמע הייסן, וואָס אַלע גוטע פֿרומע לײַט הייסן...

און שטעלט אײַך פֿאָר — אַזאַ אומגליק, אַזאַ בזיון ! — אונדזער ר אָ ס ל, אונדזער שוועסטער ראָסל, מען זאָל באַהיט און באַשירעמט ווערן, אַ מיידל שוין צו לײַטן, אַ שטילע, אַ פֿרומע, אַ כּשרע, איז פּלוצלונג... מען ווייסט ניט פֿון וואַנען און ווי אַזוי, ניט דאָ געדאַכט, ניט פֿאַר אײַך געדאַכט, זי איז פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן... דאָס הייסט, זי איז געווען געזונט און שטאַרק אויף אַלע אברים, נאָר עפּעס אַ מרה־שחורה איז אויף איר אָנגעפֿאַלן, ניט געקענט קיין אָרט געפֿינען, ניט זיצן, ניט ליגן, ניט גיין, ניט שטיין. „וואָס איז דיר ?״ — איך ווייס ניט ! „וואָס טוט דיר ווי ?״ — גאָרניט !..

איז מען אַוועקגעפֿאָרן מיט איר צום גדול הדור, צום בעל־מופֿת, אים אַניִדער־געלייגט אַ פּדיון, דערציילט אים, אַז זי עסט ניט, זי שלאָפֿט ניט, זי רוט ניט — אויס מענטש ! האָט איר דער גדול הדור, — דער בעל־מופֿת, געשענקט אַ שמירה, געגעבן מיטלען, מבטיח אי״ה אַ רפֿואה שלימה.

געקומען אַהיים, געטאָן די מיטלען — עס העלפּט ניט. ראַסל נעבעך, וואָס אַ טאָג, וואָס אַ טאָג ווערט אַלץ ערגער; זי עסט ניט, זי שלאָפט ניט, זי רוט ניט, זי איז אויס מענטש!

אַ חידוש איז נאָר געווען וואָס ראַסל נעבעך, ווען זי עסט ניט און טרינקט ניט, שלאָפט ניט און רוט ניט, וואָלט זי באַדאַרפט איינגיין, ווערן אויסגעדאַרט; צום סוף איז פאַרקערט די מעשה: זי ווערט אַדרבה, וואָס ווייטער אַלץ גרעבער, וואַקסט מישטיינס געזאָגט אין דער ברייט!

האָט מען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער אַנדערער זייט, געשיקט רופן די „זנאַכערקע", באַצאָלט זי זאָל איר אָפּשפּרעכן, טאָמער וועט דאָס זיין אַ רפואה?

געקומען די „זנאַכערקע", געשפּראָכן אַקעגן דער לבנה, געהייסן קאַטשן אין קאַלטע לײַלעכער, בינדן, קרעמפּעווען, ווער? וואָס? אַ נעכטיקער טאָג! ראַסל נעבעך, וואָס אַ טאָג, וואָס אַ טאָג ווערט אַלץ ערגער, ניט זי עסט, ניט זי טרינקט, ניט זי שלאָפט, ניט זי רוט, — אויס מענטש! אויס מענטש!

2

אונדזער משפּחה, ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט פּונעם אָנהייב נאָך, איז אַ גרויסע משפּחה, אַ גרויסע און אַ געטרײַע. טאָמער מאַכט זיך, למשל, אײנער ווערט בײַ אונדז חרוב, קומט מען צו גיין מבקר־חולה זײַן. אַז ראַסל האָט זיך אָוועקגעלייגט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אונדז אַלע פּעטערס, מיט אַלע מומעס, מיט אַלע שוועסטערקינדער, מיט אַלע גליד־שוועסטערקינדער, זיך נאָכגעפרעגט, ניט אַזוי מצד רחמנות, ווי גלאַט אַזוי געוואָלט וויסן וואָס מאַכט עפּעס ראַסל? וואָס זעט מען ניט ראַסלען?..

מער פון אַלע האָבן זיך אינטערעסירט די מומע אַנזי און די מומע פראַנזי. איך פיל, אַז איך דאַרף אײַך באַקאַנט מאַכן מיט די דאָזיקע צוויי מומעס.

די מומע אַנזי, אַ דינע און אַ לאַנגע ווי אַ לולב, איז אַ מומע אַפילו זייער אַ רײַכע, אַן אַריסטאָקראַטקע, נאָר זאָל זי מיר מוחל זײַן, אַ גרויסע צבועטשניצע, אַ פאַרביסענע, „עס מעג איר אָנגיין כאָטש האַלב, — זאָגט די מאַמע, — וואָס זי ווינטשט אונדז!" די מומע אַנזי איז אַ גרויסע גדלנטע, זעלטן, זעלטן וועט זי קומען צו אונדז, סײַדן אונטער אַ יום־טוב. נאָר פון זינט ראַסל איז געוואָרן ניט מיט אַלעמען, איז די מומע אַנזי מיט אַ מאָל געוואָרן אַ „געטרײַע מומע" און אָנגעהויבן קומען אַלע טאָג געוואָר ווערן וואָס מאַכט עפּעס ראַסל? פאַר וואָס זעט מען ניט ראַסלען? וווּ איז ראַסל?

פּונקט דער היפּוך פֿון דער מומע אַנזי איז די מומע פֿראַנזי. די מומע פֿראַנזי איז אַ קליינינטשקע, אַ פֿריילעכע, אַ ביסל שוין צו אַ פֿריילעכע, פֿאַרבט זיך און פּודערט זיך און דרייט זיך, טראָגט אַ גרויסן הוט מיט שיינע פֿעדערן. זי זאָגט, די מומע פֿראַנזי הייסט עס, אַז זי איז אונדזער איינציקער גוטער פֿרײַנד. עס טוט איר ווי, זאָגט זי, דאָס האַרץ אויף אונדזער ראַסל נעבעך. אַזוי זאָגט זי, די מומע פֿראַנזי הייסט עס, און כאַפּט אַלע מאָל אַ קוק בגנבה אויף ראַסלען, און בשעת־מעשׂה שאָקלט זי מיטן קאָפּ און שמייכלט עפּעס מאָדנע.

— זאָלט מיר, זאָגט זי, פֿאָלגן, וואָלט איר זיך מיט איר דורכגעגאַנגען, זאָגט זי, צום דאָקטאָר. איך האָב אַ מאָל, זאָגט זי, אַליין אויך געהאַט דאָס אייגענע חולאות...

— וואָס זשע איז דאָס געווען פֿאַר אַ חולאות? — פֿרעגט זי די מאַמע.

— וואָס ס׳איז שוין געווען, אַבי ס׳איז שוין איבערגעגאַנגען...

אַזוי זאָגט זי, די מומע פֿראַנזי הייסט עס, קוקט אויף ראַסלען, שאָקלט מיטן קאָפּ און שמייכלט בשעת־מעשׂה מיט אַ מאָדנעם שמייכל...

די מומע פֿראַנזי האָט אַזוי לאַנג געקלאַפּט אין קאָפּ אַרײַן דאָקטאָר־דאָקטאָר, ביז די מאַמע איז זיך אַדורכגעגאַנגען מיט ראַסלען צום דאָקטאָר.

געקומען צום דאָקטאָר, האָט דער דאָקטאָר גענומען אויספֿרעגן, וואָס איר איז, וואָס טוט איר ווי? זאָגט זי: ווי טוט איר גאָרניט, נאָר זי עסט ניט, זי טרינקט ניט, זי שלאָפֿט ניט, זי רוט ניט, זי איז אויס מענטש און גענוג... האָט דער דאָקטאָר זי גענומען באַטראַכטן און באַטראַכטן, און אַז ער האָט זי גוט באַטראַכט האָט ער געהייסן זי זאָל אַרויסגיין, ראַסל הייסט עס, און דער מאַמע האָט ער געהייסן זי זאָל בלײַבן, — איר דאַרף ער עפּעס זאָגן, וואָס קיינער דאַרף ניט הערן...

וואָס ער האָט איר געזאָגט — ווייסט מען ניט. נאָר אַז זי איז געקומען אַהיים, די מאַמע הייסט עס, איז זי געווען רויט אַזוי ווי פֿײַער, אַוועקגערופֿן דעם טאַטן, פֿאַרשלאָסן זיך מיט אים אין אַלקער און לאַנג־לאַנג זיך מיט אים געשושקעט, געסודעט... און אַז מען איז אַרויסגעגאַנגען פֿון דאָרטן, איז מען ביידע געווען רויט און אין כּעס און פֿאַר גרויס גרימצאָרן האָט מען אונדז, יונגוואַרג, אָנגעדרייט בײַ די אויערן, געשענקט בדרך־הליכה עטלעכע שיינע פּעטש, קולעקעס מיט סטוסאַקעס, אַז „קינדער זאָלן ניט האָבן קיין טבע זיך פּלאָנטען בײַ די פֿיס״...

און אין דעם זעלביקן אָוונט האָט מען אַרײַנגערופֿן צו זיך דעם מלמד מיטן לערער (בײַ אונדז אין שטוב זענען געווען אַ מלמד מיט אַ לערער) און מען האָט זיך מיט זיי צערעכנט און געגעבן דעם וועג, געבעטן זיי זאָלן מוחל זײַן, אַוועקפֿאָרן פֿון

דאַנען וואָס גיכער און וואָס ווײַטער און זיי זאָלן פאַרגעסן דאָס אָרט, ווו זיי זענען געווען... מיט אַ צעבראָכן געמיט און מיט אַ פאַרוויינט האַרץ האָבן מיר, יונגוואַרג, אַרויסגעבאַגלייט דאָס דאָזיקע פּאָרל, געכאַפּט דערבײַ געוויינטלעך פון די עלטערע אַ פּאָר סטוסאַקעס, „קינדער זאָלן ניט האָבן קיין טבע זיך פּלאָנטען פאַר די פיס...״

3

פון דעמאָלט אָן האָט מען ראַסלען מער ניט אַרויסגעלאָזט פון שטוב, ניט באַוויזן איר די ליכטיקע שײַן, ניט צוגעלאָזט צו איר קיין לעבעדיקן נפש, אַחוץ עפּעס איינע אַן אַלטע, אַ שוואַרצע ווי אַ ציגײַנערין, מיט שוואַרצע ברענענדיקע אייגעלעך, זעט אויס ווי אַ מכשפה.

וואָס האָט געטאָן דאָרטן די דאָזיקע מכשפה — ווייסט מען ניט. מען האָט נאָר געקענט הערן פון דאָרטן משונה ווילדע קולות, קרעכצן און געוויינען...

און וואָס ווײַטער, איז געוואָרן בײַ אונדז אין שטוב אַלץ שטרענגער און שטרענגער. אַלע זענען אַרומגעגאַנגען אויפגעטראָגן, אָנגעבלאָזן, ברוגז. דער טאַטע איז געווען בייז אויף דער מאַמע; די מאַמע אויפן טאַטן, און זייביידע אויף דער גאַנצער וועלט און אויסגעלאָזט דאָס ביטערע האַרץ האָט מען געוויינטלעך אויף אונדז, יונגוואַרג. פאַר אַן איבעריק וואָרט האָט מען אונדז אויסגעריסן, געשלאָגן, געמימתט. „קינדער זאָלן ניט האָבן קיין טבע זיך פּלאָנטען פאַר די פיס״...

שפּעטער, שפּעטער האָט מען ראַסלען נעבעך ניט גערופן צום טיש אויך, ניט אַרויסגעלאָזט זי פונעם חדר און ניט צוגעלאָזט אונדז צו איר, און מען האָט מער ניט דערמאָנט דעם נאָמען אירן אַפילו, גלײַך ווי ס׳איז גאָר קיין מאָל ניט געווען קיין ראַסל אויף דער וועלט, — און — מערקווערדיק! — וואָס מער מען האָט פון אונדז באַהאַלטן ראַסלען האָבן מיר באַקומען אַלץ מער חשק זי זען, זײַן צו איר נאָענט. עס האָט אונדז געצויגן צו איר ווי אַ מאַגנעט. זײַנען מיר געפאַלן אויף אַן עצה און האָבן איר געשריבן אַ בריוול. דאָס בריוול האָט אונדז געשריבן אונדזער קרוב, דער שלימזל דער שרײַבער, געוויינטלעך אין גראַמען, און מיר האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן בריוול עטלעכע טעג מיט עטלעכע נעכט, ניט געוווּסט ווי אַזוי דאָס איבערצוגעבן.

זענען מיר געפאַלן אויף אַן עצה און האָבן זיך געווענדעט צו דער מכשפהטע (קיין אַנדער נאָמען האָט זי בײַ אונדז ניט געהאַט), געזאָגט, אַז מיר האָבן צו איר זייער אַ גרויסע בקשה. האָט אונדז די מכשפהטע אויסגעהערט מיט זייער אַ

פֿרײַנדלעך שמייכעלע און צוגעזאָגט, אַז זי וועט דאָס אונדז טאָן — „אַך! — מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן; קינדער בעטן, מהיכא־תּיתי. פֿאַר וואָס ניט?“ און זי האָט צוגענומען בײַ אונדז דאָס בריוול, צוגעזאָגט איבערגעבן דאָס גאַנץ קאָנספּיראַטיוו, בסוד־סודות הייסט עס, און טאָקע דעם זעלביקן אויף דער נאַכט האָט מען אונדז געבעטן מחילה צום טאָטן אין חדר אַרײַן און מען האָט אונדז אַוועקגעלייגט במחילה און מען האָט אונדז מקיים־פּסק געווען און דווקא גוט און דווקא נאָך דער אַלטער מעטאָדע, און מען האָט אונדז מבטיח געווען, אַז טאָמער וועלן מיר זיך דערוועגן נאָך אַ מאָל שרײַבן אַזעלכע בריוולעך צו ראָסלען, וועלן מיר באַקומען כּהנה וכהנה, דאָס הייסט צווייענדיקע פּאַרציעס.

ס׳פֿאַרשטייט זיך פֿון זיך זעלבער, אַז מיר האָבן דאָס באַלד אָפּגעטראָגן אונדזער אָרעמען קרוב, דעם שלימזל, דעם שרײַבער, איז ער געוואָרן אָנגעצונדן אָט דער שלימזל, און האָט גענומען אַ טינט און פֿעדער מיט אַ בויגן פּאַפּיר און האָט אָנגעשריבן אויף אונדזער משפּחה אַ לידל. דאָס לידל, געדענק איך, האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי:

> געווען איז אַ מאָל אַ משפּחה,
> האָט זיך געטראָפֿן מיט איר אַ מערכה:
> אַ מיידל, אַ געזונטע, אַ שיינע,
> אַ שטילע, אַ כּשרע, אַ ריינע,
> איז געגאַנגען איין מאָל בײַ נאַכט,
> אָן אַ לאַנטערנע פֿאַרטראַכט,
> איינע אַליין, אויף יענער זײַט טײַכל —
> און געקומען צוריק מיט אַ...

וואָס ווײַטער איז געשטאַנען געדענק איך ניט. איך געדענק נאָר, אַז מיר, יונגוואַרג, האָבן דאָס דאָזיקע לידל איבערגעשריבן, געחזרט אויף אויסנווייניק און געהאַלטן זיך בײַ די זײַטן לאַכנדיק. האָבן די עלטערן אָנגעשמעקט, אַז מיר טראָגן זיך אַרום מיט פּאַפּירלעך און לאַכן עפּעס זייער געשמאַק, האָט מען אונדז גענומען באַזוכן, באַטאַפּט אין אַלע קעשענעס און מען האָט אויסגעטרייסלט בײַ אונדז דאָס שיינע לידעלע. האָט מען אונדז קודם־כּל, פֿריִער פֿון אַלע היומס, אַרײַנגעצימבלט, וויפֿל ס׳איז אין אונדז אַרײַן, און ערשט נאָך דעם האָט מען אונדז פֿאַרשלאָסן אין שטעלעכל מיטן קעלבל אויף אַ גאַנצער נאַכט, אָנגעזאָגט, אַז דער טויט וועט אונדז זײַן קאַרג. טאָמער וועט מען זיך דערוויסן, אַז מיר

האָבן אַ מגע־ומשׂא מיטן אָרעמען קרוב דעם שלימזל, וואָס מאַכט לידעלעך. און דעם קרוב דעם שלימזל וואָס מאַכט לידעלעך האָט מען געשיקט זאָגן, אַז טאָמער וועט ער זיך דערוועגן אַרײַנטרעטן אין אונדזער ד׳ אמות, וועט מען אים איבער־ברעכן הענט און פֿיס.

4

און די משפּחה האָט ניט אויפֿגעהערט קומען אַלע מאָל צו אונדז מיט וויזיטן און באַכפּרעגן זיך, וואָס מאַכט עפּעס ראַסל? פֿאַר וואָס זעט מען ניט ראַסלען? און מער פֿון אַלעמען געוויינטלעך די מומע אַנזי און די מומע פֿראַנזי. די מומע אַנזי איז מיט אַ מאָל געוואָרן צוגעלאָזט צו אונדז מיט מילד אָן אַ ברעג. אַלע טאָג האָט זי געשיקט פֿרעגן: טאָמער דאַרף מען אַ שטיקל אײַז? טאָמער אַ ביסל אײַנגעמאַכטס? אַ ביסל דאָס? אַ ביסל יענץ? איין מאָל איז זי געקומען צו גיין אַליין מיט איר כּבוד, פֿאַרגעלייגט דער מאַמען עפּעס שטילער־הייט אויפֿן אויער, איז די מאַמע אַרויס פֿון די כּלים און האָט זיך צעשריִען אויף איר:

— ווער בעט אײַך? מען איז אײַך מוחל אײַערע טובֿות! גייט אײַך געזונ־טערהייט. מען קען אײַך מיט אײַער גוטסקייט!..

איז די מומע אַנזי אַוועק אַ באַליידיקטע און האָט אונדז צוגעשיקט אַ מתּנה: עטלעכע קינדערשע ווינדעלעך מיט אַ וויקלשנור. וואָס דאַרף מען זײַן אין כּעס אַז יענער שיקט אַ וויקלשנור? — בשום־אופֿן האָבן מיר דאָס ניט געקענט פֿאַר־שטיין, נאָר קלעפּ האָבן מיר יענעם אויפֿדערנאַכט געכאַפּט, וויפֿל ס׳איז אין אונדז אַרײַן — „קינדער זאָלן ניט האָבן קיין טבע זיך פּלאָנטען פֿאַר די פֿיס״...

און די מומע פֿראַנזי, אונדזער איינציקער גוטער פֿרײַנד, וואָס מיר אַלע האָבן זי געהאַלטן פֿאַר אַ גוטן פֿרײַנד, איז איין מאָל געקומען צו גאַסט אויסגע־שלייערט אין דעם שיינעם הוט, געזעסן, געזעסן, געקוקט, געקוקט, און אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמען מיט אַ פֿרײַנדלעכן שמייכל, אַז אויב זי וויל, די מאַמע הייסט עס, וועט זי איר צושיקן איר ריווע־לאַהטשע. ריווע־לאַהטשע, זאָגט זי, איז אַן אַנטיק אין דער וועלט. ריווע־לאַהטשע האָט, זאָגט זי, אַ גרינגע האַנט. ווען ניט ריווע־לאַהטשע, זאָגט זי, ווייסט זי ניט, זאָגט זי, וואָס מיט איר וואָלט געווען דעמאָלט בשעת זי איז געווען ניט הײַנט געדאַכט...

אַזוי זאָגט די מומע פֿראַנזי און בשעת־מעשׂה שמייכלט זי זייער צוקערדיק,

נאָר דער מאַמען געפֿעלט ניט דער מומע פֿראַנזיס צוקערדיק שמייכעלע, ענט־פֿערט זי איר מיט אַ שטאָך:

— פֿאַר דײַן גוטסקייט מעג דיר גאָט ברוך־הוא ממלא זײַן בכפֿל־כפֿליים. נאָר ס'איז פֿאַראַן אַ גלײַכווערטל: היט מיך, גאָטעניו, פֿון גוטע פֿרײַנד; פֿון שונאים וועל איך מיך אַליין אויסהיטן...

די מומע פֿראַנזי פֿאַרשטייט וווהין דער ווינט בלאָזט, הייבט זי זיך אויף און גייט אַוועק מיט דעם זעלביקן צוקערדיקן שמייכעלע וואָס תּמיד...

5

איין מאָל בײַ נאַכט האָט אונדז אויפֿגעוועקט אַ מוראדיקער רעש, אַ טומל, אַ קלאַפּן מיט די טירן, אַ לויפֿן איבער די טרעפּ. אַ גערעדעריי פֿון אַ סך, אַ סך מענטשן, און עפּעס משונה־ווילדע געשרייען האָבן זיך געלאָזט הערן פֿון ראַסלס חדר, גלײַך ווי מען וואָלט אימיצן געקוילעט. פֿינצטער איז געווען אין שטוב, חושך אויף דער גאַס. מיר, קליינוואַרג, האָבן מורא געהאַט אַראָפּ פֿון די געלעג־גערס. האָבן מיר זיך איינגעגנאָרעט אין די קישנס, געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן... שטיל, מאָדנע שטיל איז געווען אין שטוב, און קרעכצן האָט זיך געלאָזט הערן פֿון ערגעץ, און נאָך דעם עפּעס אַ מאָדנער קוויטש. מיר האָבן אויפֿגעשטעלט מויל און אויערן און צוגעהערט זיך, וואָס טוט זיך דאָרטן און מיר האָבן דערהערט אַ באַקאַנטע שטים, דעם טאַטנס קול:

— נו?

— שויך, — ענטפֿערט אים נאָך אַ באַקאַנטע שטים, דער מאַמעס קול.

*

אַ זומערדיקער טאָג איז געווען, אַ שיינער, אַ ליכטיקער, אַ וואַרעמער זומערטאָג. עס האָט געשײַנט די זון, די מילדע, וואַרעמע, זומערדיקע זון; גע־שײַנט און געלײַכט אין אַלע ווינקעלעך. אויך אַלע פּנימער זענען געווען וואַרעם, ליכטיק און פֿריילעך — זומערדיק. אַפֿילו די דינסטן אין שטוב זענען אַרומגע־גאַנגען מיט אויפֿגעהויבענע קעפּ. אַן איבערקערעניש איז געוואָרן בײַ אונדז אין שטוב: דער טאַטע איז ניט געווען מער בייז אויף דער מאַמע, די מאַמע אויפֿן טאַטן, און זיי בײדע אויף אונדז, יונגוואַרג. מען האָט אונדז ניט געטראָגן מער פֿאַר די האָר, ניט געדרייט פֿאַר די אויערן, ניט געגעבן קיין בוכעניצעס, אַז

„קינדער זאָלן ניט האָבן קיין טבע זיך פּלאָנטען פֿאַר די פֿיס". אַן איבערקערעניש איז געווען בײַ אונדז אין שטוב.

פֿון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ איבערקערעניש בײַ אונדז אין שטוב?

אַ פּנים, אַז פֿון דאָרטן, פֿון ראָסלס חדרל האָט זיך גענומען דאָס איבער־קערעניש. מחמת אַלע מאָל וואָס די מאַמע איז פֿון דאָרטן אַרויסגעגאַנגען, האָט איר דער פּנים ווי געשײַנט און געלויכטן און די אויגן זענען געווען ווי איבער־געצויגן מיט אַ דין רויכל, ווי באַסלעך...

און דאָרט, אין יענעם חדרל, איז געלעגן ראָסל און געקרעכצט שטיל, גע־קרעכצט און געאויקעט; און אַ קול פֿון אַ קליין באַשעפֿענישל האָט זיך געלאָזט הערן פֿון דאָרטן...

אָט פֿון דעם נײַ־געבוירענעם באַשעפֿענישל איז דאָס געוואָרן אַזאַ איבער־קערעניש בײַ אונדז:

— אַ מיידל איז געווען דאָס נײַ־געבוירענע באַשעפֿענישל, און אַ נאָמען האָט מען דאָס געגעבן...

— טרעפֿט וואָס פֿאַר אַ נאָמען האָט מען דאָס געגעבן?

דער פֿעליעטאָן איז צוגעשיקט געוואָרן אין אַ רוסיש־ייִדישע צײַטונג אין יאָר 1903 אָדער 1904, נאָר דער צענזאָר האָט אין אים געלערנט פּשטים, אַז ראָסל מיינט רוסלאַנד, אַנזי און פֿראַנזי מיינט מען ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך, ריווע־לאַהטשע (די הויבאַם) מיינט מען רעוואָלוציע. דאָס נײַ־געבוירענע קינד מיינט מען „קאָנסטיטוציע" אאַז"וו. געדרוקט שפּעטער אין אַ ניו־יאָרקער ייִדישער צײַטונג.

# וואָס זאָל מען פּסח עסן?

## אַ חמצדיקער שמועס וועגן פּסח אָדער אַ פּסחדיקער שמועס אין דער וואָכן

פאַראַן אַן אַלט ווערטל: „יוצא זיין פּסח לכל הדעות, מוז מען עסן סיידן הייסע קוילן". איך האָב מורא אַז דאָס ווערטל איז שוין באַלד מקוים געוואָרן אויף אונדז, די לעזער פון אונדזערע צוויי יידישע צייטונגען, וואָס גיבן זיך אַרויס אויף זשאַרגאָן. אין די דאָזיקע ביידע יידיש-זשאַרגאָנישע צייטונגען זענען היינטיקן פּסח אַרויס צוויי דאָקטוירים און ביידע פון איין שטאָט, פון קיעוו, און ביידע וועגן מצה; צי איז מצה שעדלעך, צי נוצלעך? צי זאָל מען מצה עסן צי ניט עסן קיין מצה? ס'פאַרשטייט זיך פון זיך זעלבסט, אַז די דעות פון די צוויי דאָקטוירים גלייכן זיך ניט אויס: וואָס איינער זאָגט, דרינגט דער אַנדערער פּונקט קאַפּויער, גלייך ווי זיי האָבן זיך אָפּגערעדט. די דאָקטוירים הייסן: איינער י. ב ע נ ד ע ר ס ק י, דער אַנדערער א. וו י נ י צ ק י. דער דאָקטאָר בענדערסקי איז אַן אָפּטימיסט, אַ פריילעכער דאָקטאָר, אַ חסיד פון מצה און האַלט פון לאַטקעס, קניידלעך און כרעמזלעך אַן עולם ומלואה. דער דאָקטאָר וויניצקי איז אדרבה, אַ פּעסימיסט, אַ גרויסער מתנגד פון „דער מצה", קריטיקירט שטאַרק די קניידלעך מיט די לאַטקעס און כרעמזלעך! דער דאָקטאָר בענדערסקי זאָגט, אַז די מצה איז אייגנטלעך די זעלבע בולקע וואָס בולקע. דער חילוק איז וואָס געוויינער ברויט ווערט גיכער איבערגעקאָכט, און מצה געדויערט לענגער. דערפאַר אָבער — אַזוי טרייסט אונדז דער דאָקטאָר בענדערסקי — וואָס דאָס ברויט האָט זיך גיכער איבערגעקאָכט האָט דאָס אונדז געבראַכט ווינציקער נוצן ווי די מצה וואָס ליגט אַ ביסל לענגער אין מאָגן. אין איטאַליע און לאָמבאַרדיע — רעדט אונדז אויס וויטער דאָט האַרץ דער דאָקטאָר בענדערסקי — עסט דאָס פאָלק אַ גאַנץ יאָר מצה, דאָס הייסט פּלעצלעך אַזעלכע פון ניט געוויירן טייג. נאָך מער, דער דאָקטאָר בענדערסקי זאָגט אַז פאַר אַ געזונטן מאָגן איז מצה אפשר נאָך ערגערנדער פון שוואַרצברויט. דאָס איז בנוגע דער טרוקענער מצה. און וואָס אָנבאַלאַנגט די מאכלים וואָס מיר מאַכן פון דער מצה, געפינט דער דאָקטאָר בענדערסקי, אַז זיי זענען זייער געשמאַק און פאַר אַ געזונטן מענטשן ניט נאָר ניט שעדלעך נאָר אפילו זייער נוצלעך!

הייַנט לאָמיר הערכן וואָס זאָגט עפּעס דער צווייטער דאָקטאָר, הער וויניצקי, וועגן דער מצה? דער דאָקטאָר וויניצקי דרשנט דעם פּסוק „הא לחמא עניא" מיינט מען דאָס די מצה וואָס די יידן האָבן געבעך אַלס קנעכט געגעסן אין מצרים גופא. מען האָט, זאָגט ער, געהאַדעוועט די יידן אין מצרים מיט מצה בכדי, זאָגט ער, דאָס עסן זאָל בייַ זיי לאַנג ליגן אין מאָגן. דער דאָקטאָר וויניצקי זאָגט אַז מצה איז שווער פֿאַרדייַלעכעס ברויט. און ווער שמועסט די מאכלים וואָס מען קאָכט פֿון דער מצה — דאָס איז גאָר אַ שחיטה! געפּרישטע מצה, זאָגט ער, איז אַבסאָלוט שעדלעך! ניין, דער דאָקטאָר בענדערסקי איז ניט אַזאַ שלעכטער מענטש ווי דער דאָקטאָר וויניצקי: דער דאָקטאָר בענדערסקי זאָגט בפֿירוש, אַז אַפֿילו קראַנקע קאָנען עסן די מאכלים פֿון מצה, וואָס זענען נוצלעך פֿאַרן קערפּער למשל ווי לאָקשן, מאַקאַראָנען. און דער דאָקטאָר וויניצקי וואַרפֿט אָן אַ מרה־שחורה אויפֿן לעזער, ער מאָלט אונדז אַזעלכע טרויעריקע בילדער, כּמעט ווי דער שבט מוסר: „דאָס האַרץ ווערט שוואַכער, די לונגען אַרבעטן שלעכט, די לעבער, די מילץ, די נירן און דער מוח" — און דעריבער הייסט ער זיך אייַנהאַלטן און ברענגט זייער אַ גלייַך וואָרט, אַז פֿון ווייניק עסן שטאַרבט מען ווייניקער, בפֿרט אַכט טאָג, זאָגט ער, קאָן מען איבערטראָגן.

ניין, ניט אַזוי איז דער דאָקטאָר בענדערסקי! דער דאָקטאָר בענדערסקי, ווייַזט אויס, האַלט פֿון אַכילת מצה וקניידלעך וכרעמזלעך ופּאַלירטשיקעס וכו׳ וכו׳. ער זאָגט, אַז נאָר קראַנקע האָבן אויסגעטראַכט דאָס וואָרט „שעדלעך", אַ קראַנקן איז שלעכט, זאָגט ער, ווי מען לייגט אים. אַ קראַנקן מאָגן איז שלעכט אי פּסח אי סוכּות און אין מיטן מיטוואָך און שבת צו נאַכטס (אמת כ׳לעבן!). דער דאָקטאָר בענדערסקי זאָגט, אַז ער הערט פֿון קראַנקע גופא, אַז די מצה ווירקט גוט אויף זייערע מאָגנס, ריכטיקער געזאָגט: אויף זייערע קישקעס. קומט אויס, הייסט דאָס, אַז מצה איז גאָר אַ רפֿואה צום מאָגן, מייַן איך צו די קישקעס? דאָס איז דאָך עפּעס גאָר אַ חיות כ׳לעבן! הערט זשע אָבער וואָס זאָגט דערויף דער דאָקטאָר וויניצקי? דער דאָקטאָר וויניצקי זאָגט, אַז דער עולם ווייסט גאָר ניט ווי ווייַט שעדלעך עס זענען די כרעמזלעך מיט די קעזלעך מיט די געפּרישטע מצות! דער דאָקטאָר וויניצקי פֿאַררופֿט זיך אויפֿן רמב"ם אַליין, וואָס האָט אָנגעזאָגט נאָך מיט וויפֿל הונדערט יאָר פֿריִער, מען זאָל זייַן געהיט מיט מותרות! צוויי דאָקטוירים פֿון איין שטאָט און וואָס פֿאַר אַ חילוק! וואָס פֿאַר אַ קאָנטראַסט! דער דאָקטאָר בענדערסקי רעכנט אויס די פּסחדיקע מאכלים מיט ליבשאַפֿט, מיט געטרייַשאַפֿט, ממש אַ פֿאַרגעניגן צו לייענען, „עסט, זאָגט ער,

מײַנע ליבע שוועסטער און ברידער! עסט געטריקנטע מצה און קנײדלעך און לאַטקעס און לאָז אײַך באַקומען!" און דער דאָקטאָר װיניצקי לײגט שטײנער אויפֿן האַרצן און לאָזט אויס, אַז דאָס געזונט דאַרף זײַן טײַערער פֿאַר דעם קלײנעם פֿאַרגעניגן װאָס מען האָט אין דער מינוט פֿון דער אַכילה!..

אמת, דער דאָקטאָר בענדערסקי לאָזט אויס זײַן מעדיצינישן שמועס מיט אַן עצה, אַז טאָמער װעט אונדז די מצה פֿאַרשאַטן, זאָלן מיר זיך דורכפֿאָרן צו אַ דאָקטאָר (אַ דאַנק פֿאַר דער עצה, כ׳לעבן!). די מעלה איז אָבער, װאָס פֿריִער מיט עטלעכע שורות זאָגט דער זעלבער דאָקטאָר בענדערסקי, אַז נישט אַלצדינג װאָס אַ דאָקטאָר זאָגט איז אמת... נישט אַזוי איז זיך נוהג דער דאָקטאָר װיניצקי. דער דאָקטאָר װיניצקי איז שוין נישט אַזאַ אַן ענוי װי דער דאָקטאָר בענדערסקי. דער דאָקטאָר װיניצקי רעכנט אַז ער איז מחויב אַלס דאָקטאָר צו פֿאַרהיטן דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿון אַזעלכע מאכלים װאָס קאָנען חלילה שאַטן...

אַצינד בלײַבט איבער די קשיא: אַז װי באַלד צװײ דאָקטוירים און בײדע ייִדן און בײדע פֿון אײן שטאָט זאָגן אַרויס זײערע מײנונגען און בײדע אויף זשאַרגאָן, דער אַזוי און יענער פֿאַרקערט, דער זאָגט עסט, ייִדן, מצות, קנײדלעך, לאַטקעס, כרעמזלעך! און דער אַנדערער זאָגט: הזהר והשמר, היט זיך מיט די דאָזיקע שעדלעכע מאכלים! פֿרעגט זיך אַ קשיא: װאָס זשע זאָל מען טאָן? װאָס זאָל מען פּסח עסן???

מסתּמא װעלן אונדז די דאָקטוירים קלאָר מאַכן, דאָס יאָר איז געננוג גרויס.

1904

# דער פיר־פנימדיקער ראַבינער

## אַ מעשׂה פֿון פֿאַרצײַטן

אַ מאָל, אַ מאָל, שוין לאַנג, ניט פֿאַר אונדזערע צײַטן, אין אַ ווײַטער־ווײַטער מדינה, וואָס צו איר איז אפֿשר 40 טעג גאַנג, אין אַ גרויסער־גרויסער שטאָט, וואָס ליגט בײַם ברעג פֿונעם שוואַרצן ים, האָט זיך געפֿונען אַ גרויסע ייִדישע קהילה, ווי אַלע ייִדישע קהילות פֿאַר צײַטן, וואָס האָט זיך געהאַט איר רב, איר פּריידיקער, איר ראַבינער, איר רעדל־פֿירער, ווי געוויינטלעך פֿאַר צײַטן.

יאָרן לאַנג האָט דער רב געפּסקנט שאלות, דער פּריידיקער האָט געפּריידיקט, דער ראַבינער האָט זיך געטאָן וואָס אַ ראַבינער דאַרף טאָן, און דער רעדל־פֿירער האָט געדרייט דאָס רעדל, ס'איז זיך געגאַנגען אַלצדינג ווי אַ מיזמור, און מען האָט זיך קיין מאָל ניט געקריגט.

ווייסט איר פֿאַר וואָס מען האָט זיך ניט געקריגט? ווײַל דער רב מיטן פּריידיקער מיטן ראַבינער מיטן רעדל־פֿירער זענען געווען אַלע פֿיר איין מענטש, דאָס הייסט ס'איז געווען אַ מאַן, וואָס האָט באַטראַכטן אָט די אַלע פֿיר פּאָסטנס, און די שטאָט איז געווען צופֿרידן, און דער מאַן איז געווען צופֿרידן, און אַלץ איז געגאַנגען ווי אויף פּוטער.

ויהי היום, מאַכט זיך אַ מעשׂה אַז דער דאָזיקער מאַן לייגט זיך אַנידער און שטאַרבט אַוועק, און די שטאָט איז געבליבן אָן אַ רב, אָן אַ פּריידיקער, אָן אַ ראַבינער און אָן אַ רעדל־פֿירער.

געבליבן אָן אַ רב, אָן אַ פּריידיקער, אָן אַ ראַבינער, אָן אַ רעדל־פֿירער, האָט די שטאָט אָנגעהויבן זוכן אַן אַנדערן אויף זײַן אָרט, געזוכט־געזוכט און ניט געקאָנט געפֿינען.

האָט מען צעשיקט בריוו איבער אַלע מדינות און אויסגערופֿן, ווער עס וויל זײַן רב, פּריידיקער, ראַבינער און רעדל־פֿירער, זאָל ער זיך ווענדן אויף דעם און אויף דעם נאָמען אין דער און אין דער שטאָט.

האָבן אָנגעהויבן גיין בריוו פֿון דער גאַנצער וועלט, בעלנים האָבן זיך געפֿונען דווקא אַ סך, נאָר קיינער פֿון זיי איז ניט געווען דער שטאָט צום האַרצן.

איטלעכער נײַער קאַנדידאַט וואָס האָט זיך באַוויזן האָט געמוזט האָבן עפּעס אַ חסרון. איז ער געווען אַ גוטער רב, האָט ער ניט געקאָנט פּריידיקן; איז ער

געווען אַ שיינער פּריידיקער, האָט ער ניט געקאָנט פּסקענען קיין שאלות; איז ער געווען ביידע זאַכן, האָט ער ניט געפּאַסט פֿאַר ראַבינער, האָט ער ניט געטויגט פֿאַר קיין רעדל־פֿירער.

בקיצור, אַ מענטש מיט אַלע מעלות טרעפֿט זיך איין מאָל אין טויזנט יאָר, ווארעם „אַלץ אין איינעם איז ניטאָ ביי קיינעם", און אַזוי איז די שטאָט פֿאַרבליבן אָן אַ רב, אָן אַ פּריידיקער, אָן אַ ראַבינער און אָן אַ רעדל־פֿירער אַ צייט מיט יאָרן.

כמעט האָט די שטאָט שוין אָנגעהויבן זיך מיאש זיין, און דער רחמנות אויף איר איז געווען גרויס וואָס אַין־לשער.

האָט זיך גאָט דערבאַרעמט און האָט אַריינגעגעבן אירע איינוווינער אַ זין — מען זאָל זוכן לכתחילה פֿיר באַזונדערע פּאַרשוינען: איינעם אויף רב, דעם אַנדערן אויף פּריידיקער, דעם דריטן אויף ראַבינער און דעם פֿערטן אויף רעדל־פֿירער. וועט שוין דעמאָלט זיין אַלצדינג רעכט.

ויהי כן — ס'איז טאַקע אַזוי געווען.

עס זענען זיך צונויפֿגעפֿאָרן אַלערליי פּאַרשוינען פֿון דער גאָרער וועלט: רבנים באַזונדער, פּריידיקער באַזונדער, ראַבינערס באַזונדער און רעדל־פֿירערס באַזונדער, און אַלץ גרויסע רבנים מופֿלגים, גרויסע געבילדעטע לייט, דאָקטוירים פֿילאָסאָפֿיע און טאַקע אמתע דאָקטוירים און אינזשענירן און יוריסטן, ווי געוויינטלעך פֿאַר צייטן.

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פֿאַרהערעניש: דער רב האָט באַוויזן זיין תורה, דער פּריידיקער האָט געזאָגט אַ דרשה, דער ראַבינער האָט איבערצייגט ווי גוט ער קאָן פֿאַרשרייבן מעטריקעס, און דער רעדל־פֿירער האָט באַוויזן ווי אַזוי מען פֿירט אַ גאַנצע שטאָט ביי דער נאָז, אַבי מען וויל נאָר...

און מחמת רבנים זענען געווען אַ סך, פּריידיקער אַ סך, ראַבינערס אַ סך און רעדל־פֿירערס אויך אַ סך, האָט די שטאָט ניט געוווּסט וואָס זאָל זי טאָן?

אַ צייט איז די שטאָט אַרומגעגאַנגען צעטומלט, ווי אַ פֿאַרדולטע, כדומה למשל ווי אָן אָרעמאַן וואָס האָט אין איין טאָג געהאַט אַ חתונה מיט אַ ברית מיט אַ בר־מיצווה מיט אַ פּדיון־הבן מיט אַ גט מיט אַ סיום הש"ס און אַ רייכע לוויה אויך בתוכם...

איז געבליבן מען זאָל וואַרפֿן גורל אויפֿן רב און אויפֿן פּריידיקער און אויפֿן ראַבינער און אויפֿן רעדל־פֿירער, און אויף וועמען דער גורל וועט פֿאַלן — דער זאָל בלייבן.

האָט מען געוואָרפֿן גורל און ס'איז געפֿאַלן דער גורל אויף פֿיר פֿאַרשוינען: איינעם אַ רב, דעם אַנדערן אַ פּריידיקער, דעם דריטן אַ ראַבינער און דעם פֿערטן אַ רעדל־פֿירער — און די שטאָט האָט זיך געפֿרייט, ס'איז געווען ששון־ושימחה, אור ליהודים, און אַלע זענען געווען צופֿרידן, אי דער עולם אי די רבנים, און מען האָט יענעם טאָג געמאַכט אַ סעודה, און מען האָט גענומען צו ביסלעך ווײַן, געהויבן טאָסטן, געהאַלטן רעדעס, ווי געוויינטלעך פֿאַר צײַטן. און דער עולם איז זיך צעגאַנגען איטלעכער אין זײַן רו אַרײַן.

ויהי און ס'איז געווען אַז מ'האָט זיך איבערגעשלאָפֿן די נאַכט און מען איז אויפֿגעשטאַנען אויף מאָרגן, האָט זיך די שטאָט אָנגעהויבן באַטראַכטן: געוואַלד, וואָס האָט זי געטאָן? פֿריִער האָט זי געהאַט איין מאָן, איז ער געווען אַלצדינג: רב און פּריידיקער און ראַבינער און רעדל־פֿירער, הײַנט האָט זי אויף זיך פֿיר פֿאַרשוינען מיט אַ מאָל! צו וואָס דאַרף זי אויף זיך אַזוי פֿיל פּריצים?

הקיצור, — דער עולם האָט אָנגעהויבן מורמלען, בלאָזן זיך איינס אויף דאָס אַנדערע, וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער, און דערצו האָט די וועלט אָנגעהויבן מאַכן פֿון זיי חוזק, מען האָט זיי אַרײַנגענומען גוט אין די מײַלער, אָנגעהויבן שרײַבן וועגן זיי אין די גאַזעטן, דערגאַנגען די יאָרן, ווי געוויינטלעך פֿאַר צײַטן.

די אויסגעקליבענע פֿאַרשוינען האָבן דאָס אַלצדינג געזען און געהערט און געמאַכט זיך כּלא־יודע, זיי האָבן זיך געטראַכט: איר מעגט אײַך שוין בלאָזן צעזעצטערהייט. אויסגעקליבן — איז פֿאַרפֿאַלן!

איז געבליבן מען זאָל זיך צונויפֿקומען אויף אַן אַסיפֿה, האַלטן זיך אַן עצה, וואָס טוט מען מיטן אומגליק?

און מען האָט געמאַכט אַן אַסיפֿה, און מען האָט זיך געהאַלטן אַן עצה, איט־לעכער האָט גערעדט אַ רעטעניש, דער אַזוי, דער אַזוי; וואָס דער האָט געזאָגט, האָט יענער געדרונגען פּונקט קאַפּויער, איז געקומען אַ דריטער און האָט אויפֿ־געוויזן גאָר בוידעם מיט די פֿיס אַרויף, ווי געוויינטלעך פֿאַר צײַטן, — ביז איינער אַ חכם איז געפֿאַלן אויף אַ המצאה און איז אַרויף אויף אַ בענקל און האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט אין טיש אַרײַן און אָנגעהויבן בזה־הלשון:

„רבותי! הערט בעסער וואָס איך וועל אײַך זאָגן! אַלע רעדן און קיינער רעדט ניט צו דער זאַך. וואָס טויגן די מליצות, וואָס איר שאַרפֿט אײַך די צינג־לעך? איך וועל אײַך דאָס אייגענע אַרויסגעבן בקיצור אין דרײַ ווערטער. די מעשה דערפֿון איז אַזוי: אַ צײַט מיט יאָרן האָבן מיר געהאַט אַ רב, וואָס ער איז געווען רב און ראַבינער און פּריידיקער און רעדל־פֿירער, און מיר האָבן אַליין

ניט געוווסט וואָס פֿאַר אַ חיות דאָס איז און ווי מיר דאַרפֿן אים שאַנעווען, וואָרעם ווען מיר וואָלטן ניט האָבן קיין ראַבינער נאָר אַ רב אַליין, וואָלט דאָך געווען דיינו! ווען מיר וואָלטן ניט געהאַט קיין רב, נאָר אַ ראַבינער אַליין, וואָלט געווען דיינו! ווען מיר וואָלטן האָבן אַ רב מיט אַ ראַבינער, נאָר ניט קיין פּריידיקער, וואָלט דאָך געוויס געווען דיינו! ווען מיר וואָלטן האָבן אַ רב און אַ ראַבינער און אַ פּריידיקער, נאָר ניט קיין רעדל־פֿירער, וואָלט דאָך אַוודאי געווען דיינו! ווען מיר וואָלטן האָבן אַ רב און אַ ראַבינער און אַ פּריידיקער און אַ רעדל־פֿירער, ווי מיר האָבן געהאַט, וואָלט דאָך אַוודאי און אַוודאי געווען דיינו!

על־אחת־כמה־וכמה, אַז מיר האָבן געהאַט אי אַ רב, אי אַ ראַבינער, אי אַ פּריידיקער, אי אַ רעדל־פֿירער, איז דאָך אונדז געווען גוט ווי די וועלט! אָבער אַצינד, אַז מיר האָבן ניט קיין רב, ניט קיין ראַבינער, ניט קיין פּריידיקער, ניט קיין רעדל־פֿירער — טפֿו! וואָס רעד איך? אַצינד, אַז מיר האָבן פֿיר רבנים, מיט פֿיר ראַבינערס, מיט פֿיר פּריידיקער, מיט פֿיר רעדל־פֿירערס, ווייסן מיר שוין גאָרניט ווו מיר זענען אין דער וועלט און מיר גייען אַרום ווי צעדולטע און בלאָזן זיך איינס אויף דאָס אַנדערע, וואָלטן זיך דערטרינקען איינס דאָס אַנדערע אין אַ לעפֿל וואַסער אָדער אָפּגעביסן זיך די נעזער. נאָר אויך די אייגענע מעשׂה: וואָס העלפֿט איצטער דאָס בלאָזן זיך? אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט — איז פֿאַרפֿאַלן. צוריק כאַפּט מען ניט. דריי יאָר וועלן מיר זיך מוזן האַלטן מיט דער באַמבע. איי וואָס? ס'איז שווער, זאָגט איר, אויסצוהאַלטן דעם „קוואַרטעט"? בין איך אייך מודה אַז איר זענט אַוודאי זייער גערעכט; ס'איז ניט גוט, וואָס זאָל מען קלערן! נאָר וואָס דען? צו סם איז פֿאַראַן אַ רפֿואה, און צו אַן אומגליק איז פֿאַראַן אַן עצה. איך האָב, רבותי, לאַנג־לאַנג געטראַכט און געטראַכט און בין דאַנקען השם־יתברך געפֿאַלן אויף אַן עצה. מיין עצה איז אַזאַ מין עצה, וואָס איך האָף אַז איר וועט אם־ירצה־השם האָבן הנאה. אַזוי ווי מיר האָבן ניט קיין רב און קיין ראַבינער און קיין פּריידיקער און קיין רעדל־פֿירער, מיין איך פֿאַר־קערט, אַזוי ווי מיר האָבן איצט צו פֿיל רבנים און ראַבינערס און פּריידיקערס און רעדל־פֿירערס, און האַלטן זיך מיט זיי מוזן מיר דריי יאָר כסדר, וואָלט איך געזאָגט: לאָמיר מאַכן פֿון די דאָזיקע פֿאַרשוינען איינעם. איי וועט איר מיך פֿרעגן, ווי אַזוי? גאָר פּראָסט! ווו שטייט דאָס, איך בעט אייך, אַז אַ מענטש באַדאַרף זיין קיילעכיק? אַ מענטש איז דען אַ בייגל? איך פֿרעג אייך, פֿאַר וואָס זאָל ניט קאָנען געמאָלט זיין קיין פֿירעקיקער מענטש אויף דער וועלט? לאָמיר נעמען די פֿיר פֿאַרשוינען און לאָמיר זיי צונויפֿקלעפּן אויף די דריי יאָר

(וואָס הערן מיר זיי?) אַלע אין איינעם, וועלן מיר האָבן דאָס אייגענע וואָס מיר האָבן געהאַט אַ מאָל: אַ רב, אַ פּריידיקער, אַ ראַבינער און אַ רעדל־פירער און אַלע פיר אין איין פּאַרשוין!..״

אָפּגעזאָגט, איז דער בעל־עצה אַראָפּ פון בענקל, און אַ פּנים אַז די עצה איז דעם עולם שטאַרק געפעלן, וואָרעם מען האָט לאַנג־לאַנג געפּליעסקעט בראַוואָ און מען האָט דעם בעל־עצה געכאַפּט אויף די הענט און מען האָט אים געטראָגן איבער דעם גאַנצן זאַל און געשריגן: „בראַוואָ״! און „הורראַ״! און „הידד״!!! ווי געוויינטלעך פאַר צייטן.

און מען האָט געשיקט רופן די פיר אויסדערוויילטע פאַרשוינען און מען האָט זיי מחילה אַנידערגעלייגט און מען האָט זיי איינגעגעבן אַ שלאָפּגעטראַנק און מען האָט זיי געמאַכט גאַנץ פיין די אָפּעראַציע...

אַז זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט זענען זיי געווען שוין אַלע פיר נאָר איין פאַרשוין, נאָר אַ משונה־מאָדנע באַשעפעניש מיט פיר פּנימער, מיט אַכט הענט, און מיט אַכט פיס, אַ פיר־עקיקער, פיר־פּנימדיקער ראַבינער, וואָס הייַנט ווערט דאָס אָנגערופן אויף אונדזער לשון „קאָלעגיאַלנע ראַבינאַט״ אָדער אַ קאָנסאָר־ציום פון רבנים... און די שטאָט האָט זיך געפרייט, ס׳איז געווען ששון־ושימחה, אור ליהודים, און אַלע זענען געווען צופרידן, אי דער עולם, אי דער פיר־פּנים־דיקער ראַבינער, און מען האָט יענעם טאָג געמאַכט אַ סעודה, און מען האָט גענומען צו ביסלעך וויַין, „געהויבן טאָסטן״, געהאַלטן רעדעס, ווי געוויינטלעך פאַר צייַטן, און דער עולם איז זיך צעגאַנגען איטלעכער אין זייַן רו אַרייַן.

און דאָ הייבט זיך ערשט אָן די רעכטע מעשה. און מחמת איך ווייס אַז איר זענט נייַגעריק צו וויסן דעם סוף, קאָן איך באַשטיין די מעשה אָפּלייגן אויף אם־ירצה־השם מאָרגן. בישקשה, איין נאַכט קאָנט איר איבערטראָגן, עס וועט אייַך חלילה גאָרניט שאַטן.

די ערשטע צייַט האָט זיך דער נייַער פיר־פּנימדיקער ראַבינער געפילט דווקא בישקשהדיק. דעם מאָגן איז געפעלן די מעשה, וואָס עס אַרבעטן אויף אים פיר מייַלער, און בשעת צוויי־דרייַ פאַר אויגן האָבן געדרימלט, איז איין פּאָר אויגן געווען וואַכעדיק און אַכטונג געגעבן אויפן גאַנצן איבעריקן גוף.

הייַנט איז געווען נאָך אַ מעלה: בשעת מען האָט דעם ראַבינער אויפגערופן שבת אין שול צו דער תורה, מכבד געווען מיט מפטיר, האָט ער געשיקט דעם רב; בשעת מען האָט באַדאַרפט עפּעס צו זאָגן, האַלטן אַ רעדע, האָט ער באַוויזן מיט דער האַנט אויף דעם פּריידיקער; אַז מען איז געקומען נאָך אַ מעטריקע האָט

ער מטריח געווען דעם ראַבינער און אַז ס'האָט געהאַלטן עפּעס בײַ אַ דריידל אין שטאָט, אַ המצאהלע, אַ קהלשע אַפּשניצל, האָט ער אַרויסגעשטעלט דעם רעדל־פֿירער.

וואָס ווײַטער־ווײַטער האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן מחלוקתן צווישן די פֿיר פּנימער, פֿריִער קלענערע, נאָך דעם גרעסערע, ביז זיי האָבן זיך אַזוי צעצאַמ־פּערט, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן טאָן איינס דאָס אַנדערע צו דער גאַל: למשל מען האָט אים אויפֿגערופֿן שבת צו דער תּורה, מכבד געווען מיט מפֿטיר, רופֿט זיך אָן דעם רבס פּנים צום פּריידיקער: „גייט, זײַט מוחל, זאָגט מפֿטיר!" דערפֿאַר, אַז ס'איז געקומען נאָך קריאת־התּורה, מען האָט באַדאַרפֿט אָנהייבן פּריידיקן, מאַכט דעם פּריידיקערס פּנים צום רב: „אַנו, זײַט זיך מטריח שטעלט זיך אַקאָרשט פּריידיקן!"...

און וואָס ווײַטער אַלץ ערגער, פּונקט דעמאָלט ווען דעם רבס פּיס האָבן געוואָלט גיין אין שול אַרײַן, האָט זיך דעם פּריידיקער פֿאַרגלוסט אין קלוב אָדער אין טעאַטער אָדער אַזוי ערגעץ צווישן יונגע־לײַט, און אַז דעם פּריידי־קערס קאָפּ האָט געוואָלט גיין אָן אַ היטל, האָט אים דער רב אויף צו להכעיס אָנגערוקט די יאַרמלקע.

„וואָס ווילט איר האָבן פֿון מײַן לעבן? אײַך ווילט זיך אַ יאַרמלקע? נעמט אײַך אײַער שטיקל קאָפּ און דעקט דאָס צו מיט וואָס איר ווילט! וואָס האָט איר צו מײַן קאָפּ?"

אַזוי זאָגט דער פּריידיקער צום רב, און דער רב וויל אים דערגיין די יאָרן, ענטפֿערט ער אים אויף לשון־קודש: „אסור לילך ד' אמות בגלוי ראש"... זײַט זיך מטריח, פֿאַניע פּריידיקער, און פֿאַרטײַטשט מיר, וואָס האָב איך דאָ געזאָגט?...

דער פּריידיקער פֿאַרשטייט גאַנץ גוט, וואָס דער רב מיינט מיט זײַן לשון־קודש רעדן, נאָר ער מאַכט זיך תּמעוואַטע און ענטפֿערט אים: „פֿרעגט בײַם ראַבינער אָדער בײַם רעדל־פֿירער, זיי וועלן אײַך שוין זאָגן; מײַן עסק איז פּריידיקן"...

און דער ראַבינער מיטן רעדל־פֿירער בשעת־מעשה שלאָפֿן אויך ניט; זיי האַלטן אין איין קריגן זיך; וואָס דער זאָגט, זאָגט דער אַנדערער קאַפּויער; זאָגט דער למשל „פֿראַקציע", ענטפֿערט יענער „מזרחי"; זאָגט דער „ציון", מאַכט יענער „אוגאַנדאַ", און אַזוי ווײַטער.

נאָר כּל־זמן עס האָט געהאַלטן בײַ ווערטער אַליין, איז נאָך געווען צו דער־

ליידן. עס איז דערגאַנגען צו ערגערס. איר מיינט אפּשר פּעטש? חס־וחלילה! ווי קען אַ מענטש נעמען זיך אַליין געבן פּעטש? —

זיי האָבן געפונען אַן אַנדער מיטל, דהיינו: זיי האָבן אָנגעהויבן טאָן איינס דאָס אַנדערע אויף צו להכעיס, אויף צעזעצעניש.

פריִער האָבן אָנגעהויבן די מיילער. זיי האָבן געזאָגט: „וואָס דאַרפן מיר קייען פאַר יענעמס מאָגן?"... נאָך דעם האָבן זיך אָנגעהויבן בונטעווען די הענט: „וואָס דאַרפן מיר אַרבעטן פאַר יענעם?" נאָך דעם האָבן זיך מישב געווען אַ פּאָר פיס און האָבן זיך אונטערגעבויגן אונטער זיך, ווי ביי די אחש־תרנים: „גענוג! — האָבן זיי געזאָגט — גענוג פאַר איין גוף דריי פּאָר פיס!" אויף זיי קוקנדיק האָבן זיך צוגעשטעלט אויך די אַנדערע פּאָר פיס, די דריטע און אַזוי ווייטער. אויך די אויגן האָבן זיך פאַרלאָזט איינס אויף דאָס אַנדערע און האָבן זיך געטראַכט; „פאַראַן גענוג אויגן אויף צו קוקן, מיר קענען דערוויילע כאַפּן אַ דרימל"...

ביז איין מאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן שטייט אויף די שטאָט, טוט זיך אַ כאַפּ, והילד איננו — ניטאָ ניט קיין רב, ניט קיין פריידיקער, ניט קיין ראַבי־נער, ניט קיין רעדל־פירער!

ווו זענען זיי אַהינגעקומען? זיי ליגן און דרימלען, רירן זיך ניט פונעם אָרט. מען וואַרט אַ שעה, מען וואַרט צוויי, מען וואַרט דריי, מען וואַרט אַ גאַנצן טאָג — ניטאָ זיי!

האָט מען געשיקט צו זיי איין דעפּוטאַציע, די אַנדערע, די דריטע — זיי ענטפערן ניט! האָט זיך צונויפגעקליבן די גאַנצע שטאָט און מען איז געקומען צו זיי צו גאַסט: „וואָס איז די מעשה, וואָס איר רירט זיך ניט?" — ניטאָ קיין ענטפער!

בקיצור, פריִער מיט גוטן, נאָך דעם מיט בייזן, זיי האָבן זיך אויסגע־קוועטשט: „איר האָט אונדז געמאַכט, זאָגן זיי, אומגליקלעך, מיר קענען ניט זיין אין איינעם!".

„וואָס רעדט איר דאָס? — מאַכט צו זיי די שטאָט — איר זענט דאָך איין גוף, איין נשמה!" יאָ — זאָגן זיי — איין גוף, איין נשמה! מיר זענען אָבער צו פיל אויערן, מיט צו פיל אויגן, מיט צו פיל הענט, און מיט צו פיל פיס! „וואָס זשע ווילט איר?" ווילן מיר איר זאָלט אונדז צעשיידן! „און אַז ניט?" און אַז ניט, וועלן מיר אָט אַזוי ליגן ביז עס וועלן אויסגיין די דריי יאָר, זיך ניט רירן פונעם אָרט — און רופט אונדז קנאַקניסלעך!

אַזוי האָבן געענטפֿערט די פֿיר פּנימער, און די בעלי־בתּים זענען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי אָפּגעשמיסענע, אַוועקגעגאַנגען אַהיים, והעיר נבוכה, און די שטאָט האָט זיך פֿאַרזאָרגט.

ויהי בבוקר — און ס'איז געווען אין דער פֿרי, האָבן זיך די בעלי־בתּים אָנגעהויבן קריגן, אַרויפֿלייגן די באַד איינס אויפֿן אַנדערן, און אַלע אין איינעם איז מען אָנגעפֿאַלן אויף יענעם חכם דעם בעל־עצה, וואָס איז געפֿאַלן אויף אַזאַ קלוגע המצאה — נעמען פֿיר באַזונדערע באַשעפֿענישן און מאַכן פֿון זיי איינס; סטייטש, ווו זענען געווען זייערע קעפּ? זייערע אויגן? און איטלעכער ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצן, דער האָט באַשאָטן יענעם חכם דעם בעל־עצה מיט פֿייַער, געזאָגט אויף אים שטעכווערטלעך, געזוכט חסרונות, געמאַכט אים אויסצודרייען, ווי געוויינטלעך פֿאַר צייַטן.

איז געבליבן מען זאָל מאַכן אַן אַסיפֿה, זיך האַלטן אַן עצה, וואָס טוט מען מיט דעם נייַעם אומגליק?

און מען האָט געמאַכט אַן אַסיפֿה און מען האָט זיך געהאַלטן אַן עצה, איט־לעכער האָט גערעדט אַ רעדעניש, דער אַזוי, דער אַזוי; וואָס דער האָט געזאָגט, האָט יענער גערדרונגען פּונקט קאַפּויער, איז געקומען אַ דריטער און האָט אויפֿ־געוויזן לאָקירדה, ווי געוויינטלעך פֿאַר צייַטן.

האָט זיך געפֿונען נאָך איינער, אַ גוטער חכם, און איז אַרויף אויף אַ בענקל און האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט אין טיש אַרייַן און אָנגעהויבן כהאי לישנא.

„רבותי! שמעני הערט מיך צו, וואָס איך וועל אייַך זאָגן! אַלע רעדן און קיינער רעדט ניט וואָס מען דאַרף, למאי זאָלט איר זיך אומזיסט קריגן און רעדן אַזוי פֿיל אַז מען קאָן דאָס אַרויסזאָגן בשלושה דברים אין צוויי ווערטער? די מעשׂה דערפֿון איז אַזוי: ס'איז געווען אַ צייַט וואָס מיר האָבן געהאַט אַ רב, וואָס ער איז געווען רב און ראַבינער און פּריידיקער און רעדל־פֿירער, און מיר האָבן קיינס ניט געוווּסט פֿון אונדזער תּענוג, וואָרעם אַז מיר זאָלן געווען האָבן נאָר אַ רב אַליין, וואָלט דאָך געווען דיינו! און אַז מיר זאָלן געווען האָבן נאָר אַ ראַבינער אַליין, וואָלט דאָך אויך געווען דיינו! און אַז מיר זאָלן געווען האָבן אַ רב מיט אַ ראַבינער, וואָלט דאָך געוויס געווען דיינו! און אַז מיר זאָלן געווען האָבן אַ רב מיט אַ ראַבינער מיט אַ פּריידיקער, וואָלט דאָך אַוודאי געווען דיינו! און אַז מיר זאָלן געווען האָבן אַ רב און אַ ראַבינער און אַ פּריידיקער און אַ רעדל־פֿירער, וואָלט דאָך אַוודאי און אַוודאי געווען דיינו!

על־אחת־כּמה־וכמה, אַז מיר האָבן געהאַט אי אַ רב, אי אַ ראַבינער, אי אַ פּריידיקער, אי אַ רעדל־פירער, האָט דאָך אונדז די גאַנצע וועלט מקנא געווען! אָבער אַצינד, אַז גאָט האָט אונדז געשטראָפט, מיר האָבן ניט קיין רב, ניט קיין ראַבינער, ניט קיין פּריידיקער, ניט קיין רעדל־פירער, דאָס הייסט האָבן האָבן מיר אַפילו יאָ אַ רב מיט אַ ראַבינער מיט אַ פּריידיקער מיט אַ רעדל־פירער, נאָר ס'איז אַלץ איינס ווי מיר האָבן גאָרניט, מחמת זיי ליגן און ווילן זיך ניט רירן פונעם אָרט, כאָטש נעם וואַרף זיי אַרויס אויף דריי שפּענדלעך. איז דאָך אונדז זייער ניט פויגלדיק, מיר זענען כּצאן בלי רועה, איין גאָט זאָל זיך אויף אונדז דערבאַרעמען! און דערצו נאָך דער בזיון, וואָס די גאַנצע וועלט מאַכט חוזק פון אונדזער אָפּעראַציע, איטלעכער האַלט אונדז אין די מיילער, ווו צווי איז אונדזער שטאָט אַ דריטע, מיט אונדז זענען פול אַלע גאַזעטן; לכן איז מיין עצה, איר זאָלט מיך פאָלגן און שוין מאַכן בעסער גאָר אַ שווייג, לאָז די וועלט אויפהערן האָבן מיט אונדז צו טאָן. איי וועט איר מיך פרעגן, וואָס טוט מען דערווייליע מיט אונדזער פיר־פּנימדיקן ראַבינער, וואָס וויל זיך ניט רירן פונעם אָרט? אַ שיינע רייגע כּפּרה — לאָז ער ליגן. געזונטערהייט! עס וועט אויסגיין די דריי יאָר וועלן מיר אים צוריק צעשניידן אויף פיר חלקים און לאָזן זיי גיין בשם אלקי ישראל!"

דער רעדנער האָט געענדיקט און דער עולם האָט לאַנג געפּליעסקעט בראַוואָ, און מען האָט אים געכאַפּט אויף די הענט און מען האָט אים געטראָגן איבער דעם גאַנצן זאַל און געשריען: „בראַוואָ!" „הוררא"! „הידד"! ווי געוויינטלעך פאַר צייטן.

אחר־כּך — נאָך דעם האָט מען גענומען דאָס פיר־פּנימדיקע באַשעפעניש און מען האָט דאָס איבערגעטראָגן אין אַ באַזונדער חדר, פאַרשלאָסן די טירן און פאַרהאַנגען די פענצטער, די וועלט זאָל ניט זען זייער חרפּה... און די שטאָט האָט זיך געפרייט, ס'איז געווען ששון־ושימחה, אורה ליהודים, און מען האָט יענעם טאָג געמאַכט אַ סעודה און מען האָט גענומען צו ביסלעך וויין, „געהויבן טאָסטן", געהאַלטן רעדעס, ווי געוויינטלעך פאַר צייטן, און דער עולם איז זיך צעגאַנגען יעדער אין זיין רו אַריין.

*

ויהי כּכלות — און אַז ס'איז איבערגעגאַנגען די דריי יאָר, האָט מען גע־נומען דאָס משונה־מאָדנע באַשעפעניש און מען האָט מחילה געמאַכט די אייגענע

אָפּעראַציִע צוריק, און פֿונעם פֿיר־פּנימדיקן פּאַרשוין איז געוואָרן צוריק פֿיר גאַנץ באַזונדערע נפֿשות, גלײַך ווי געווען. און אַז זיי זענען געוואָרן פֿיר, האָבן זיך די אַלע פֿיר אָפּגעטיילט איינס פֿון דאָס אַנדערע, ניט געוואָלט שטיין איינער בײַם אַנדערן אין די ד׳ אַמות און ניט געוואָלט קוקן זיך אַפֿילו אין די פּנימער אַרײַן.

אחר־כּך, נאָך דעם זענען זיך די פֿיר פּאַרשוינען צעקראָכן, דער אַהער דער אַהין, ניט געוואָלט אויסדרייען דעם קאָפּ, זיך אומקוקן אויף דער שטאָט, מורא געהאַט מען זאָל חלילה ניט רופֿן צוריק.

און מען איז אַוועק ווײַט־ווײַט, אַהין ווו דער שוואַרצער פֿעפֿער וואַקסט.

סוף

1904

# ווער בין איך אָדער צוויי קאָני־לעמלס

אויב איר זענט געווען אַ מאָל אין יידישן טעאַטער, האָט איר געוויס געזען אַ קאָמעדיע פֿון גאָלדפֿאַדען מיטן נאָמען „קאָני־לעמל". דאָרט קומט פֿאָר, ווי אַזוי אַ חתן קאָני־לעמל באַקענט זיך מיט נאָך אַ חתן, אויך קאָני־לעמל און גייט אַרויס פֿון די כּלים: „סטייטש — זאָגט קאָני־לעמל — ווי באַלד אַז איר זענט קאָ־קאָ־קאָני־לעמל, הייַנט ווער בין איך?" —

פונקט דאָס אייגענע איז פֿאָרגעקומען הייַנטיקן פּסח מיט מיר.

עס האָט זיך באַוויזן נאָך אַ שלום־עליכם.

און דער אמתער שלום־עליכם איז נאָר יענער.

הייַנט ווער בין איך?

דאָס איז דער משל. און דעם נימשל ווייסט איר שוין.

ס'איז אַרויס אַ ביכל מיטן נאָמען „די מלחמה פֿון רוסלאַנד מיט יאַפּאַניע" פֿאַרפֿאַסט פֿון שלום־עליכם און אָפּגעקויפֿט אויף אייביק און אַרויסגעגעבן פֿונעם דרוקער דובערוש טורש אין וואַרשע.

האָב איך מסתּמא אָוועקגעשריבן צום דרוקער דובערוש טורש אַ שלום־לאהובי־בריוול: „ידידי! ווען האָב איך דיר פֿאַרקויפֿט אַ ביכל פֿון יאַפּאַניער, אַז איך ווייס גאָר ניט פֿון וואָס צו זאָגן?" קומט מיר אָן אַ קלאָרע תּשובה פֿונעם דרוקער טורש מיט אַפּילו זייער אַ שיינע מליצה און מיט פּסוקים אַ סך, ער איז זיך מודה, אַז דער מחבר פֿונעם ביכל איז אַ איש חשוב, נאָך אַ ביסל ניט קיין געזונטער, און זאָגט מיר צו און שווערט זיך ביי זיין לעבן, אַז ביי דער צווייטער אויפֿלאַגע וועט ער אויסמעקן דעם נאָמען „שלום־עליכם". וואָס פֿאַר אַ פּשט וואָלט איך דערפֿון געקענט לערנען?

וואָלט איך געקענט לערנען דעם פּשט, אַז ס'איז אַ נעכטיקער טאָג, דאָס הייסט, אַז דער „שלום־עליכם" איז גאָר לא היה ולא נברא, אַזוי ווי כּדומה למשל איוב, דאָס האָט מסתּמא דער דרוקער טורש אַליין אַנידערגעלייגט דעם נאָמען „שלום־עליכם" אויפֿן ביכל, געוואָלט זען וואָס פֿאַר אַ פּנים וועט דאָס האָבן.

צום סוף קומט מיר אָן נר' 374 „הצופֿה" מיט אַ תּשובה פֿון שלום־עליכם צו שלום־עליכמען.

אינעם דאָזיקן בריוו פֿון „הצופֿה״ שרײַבט מיר דער נײַער שלום־עליכם, אַז שוין אַ יאָר זיבן און צוואַנציק, אַז ער האָט אָפּגעדרוקט זײַן ווערק „די סאַלאַ־מאַנדריאַ״ און נאָך אַנדערע ווערק — און אויף זיי אַלע איז געחתמעט זײַן נאָמען „שלום־עליכם״. לכן פֿאַרשטייט ער ניט, וואָס איז דאָ דער טאַרעראַם ? ! !

נבהל־ונשתומם בין איך געוואָרן: זיבן און צוואַנציק יאָר, אַז ער, דער אמתער שלום־עליכם, שרײַבט און דרוקט ספֿרים, און איך ווייס ניט פֿון וואָס צו זאָגן; זיבן און צוואַנציק יאָר אָן אַ יובילײ ? !.. אַזאַ רציחה !

נאָך מער: זיבן און צוואַנציק יאָר אַז ער, שלום־עליכם, שרײַבט און דרוקט ספֿרים, און זעט אַז עס שטייט אויף נאָך איינער אַ שלום־עליכם און דרוקט אויך ספֿרים און אויך אונטער דעם אייגענעם פּסעוודאָנים און גאָרניט !

פֿלאי פּלאים !

אַצינד פֿרעגט זיך אַ קשיא. ווי באַלד אַז דער אמתער שלום־עליכם איז דער אַלטער שלום־עליכם פֿון וואַרשעווער נאַלעווקעס, דער מחבר פֿון דער „סאַלאַ־מאַנדריאַ״ און פֿון דער „מלחמה יאַפּאָניע״, הײַנט ווער בין איך ? ? ?

אָן אַ קאָפּ בין איך אַרומגעגאַנגען עטלעכע טעג כּסדר, איך האָב זיך גע־טראַכט: ווײ איז מיר ! ווי באַלד אַז איך בין ניט איך, וואָרעם דער אמתער איך איז גאָר ער, הײַנט ווער בין איך ? ווי באַלד אַז איך בין ער, הײַנט וואָס וועל איך טאָן אַ שטייגער, אַז ער איז זיך מישב און לייגט אַרויף די האַנט אויף אַלצדינג וואָס איך האָב אין דער גאַנצער צײַט אָנגעשריבן און זאָגט אַז דאָס אַלצדינג איז גאָר זײַנס, ניט מײַנס ? אָדער פֿאַרקערט, וואָס טו איך אַ שטייגער, אַז ער זאָגט אַז די „סאַלאַמאַנדריאַ״ מיט דער „מלחמה יאַפּאָניע״ זענען ניט זײַנע ווערק, נאָר מײַנע ווערק ? אָדער וואָס טו איך כּדומה למשל טאָמער... אַ קשיא אויף אַ מעשׂה ? אויף דער וועלט קאָן אַלצדינג טרעפֿן !..

בקיצור, איך האָב אַזוי לאַנג איבערגעקלערט אין יסורים און אין צרות, ביז אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן אַ ייִד, אַ גאַנץ שיינער בעל־הבית, און רעקאָמענדירט זיך אויף אַ מאָדנער שפּראַך, ווי מען רעדט אין וואַרשע, מיט אַ ניגון הייסט דאָס:

— שלום־עליכם.

— עליכם־שלום. זיצט. פֿון וואַנען איז אַ ייִד ?

— פֿון וואַרשע.

— מה שמכם ?

— שלום־עליכם.

— שלום־עליכם? וואָס הייסט שלום־עליכם? שלום־עליכם בין דאָך גאָר איך!

— ווער׳ט איַיך געזאָגט? טאָמער גאָר עד?

— איר? און ווער בין איך?

— ניע! ס׳גייט מיך אָן?

פֿאַר כּעס האָב איך ניט געוווּסט וואָס איך זאָל אים זאָגן. געקוקט — געקוקט אויף אים און צעלאַכט זיך. נאָך דעם מאַך איך צו אים:

— זענט איר דאָס אַלזאָ דער מחבר פֿון מיַינע אַלע פֿעליעטאָנען וואָס אין די יידישע ציַיטונגען?

— נו ווי דען?

— און סטעמפּעניו קענט איר?

— אַ חידוש אַ ביסל?

— און טוביה דער מילכיקער וועמענס איז?

— מיַינער.

— און מנחם־מענדל?

— אויך מיַינער.

עס האָט זיך מיר פֿאַרדרייט דער קאָפּ און איך בין געבליבן אַ מינוט צוויי אין דעם הינערפּלעט, און אַז איך האָב אויפֿגעעפֿנט די אויגן איז שוין מיַין פֿאַרשוין געזעסן אויבן אָן ביַי מיַין טיש, געהאַלטן אין האַנט מיַין פּען און געקוקט אויף מיר מיט מיַינע אויגן. גייט צו צו אים מיַין קליינטשיק יינגל, אַ קינד פֿון אַ יאָר דריַי, און בעט אים ער זאָל אים אויסמאָלן אַ פֿערדעלע: „פּאַפּאַ סדיעלאַי מניע לאָשאַדקו״. גייט ער און מאָלט אים אַ פֿערדעלע... דאָ האָב איך שוין מער ניט געקענט מיך איַינהאַלטן און האָב זיך אויפֿגעכאַפּט פֿונעם אָרט און... גאָט ווייסט וואָס עס וואָלט פֿאַרגעקומען, ווען מען קלינגט ניט אָן, עס גייט ניט אַריַין דער בריוועטרעגער מיט אַ פּאַקעט פֿון וואַרשע. איך עפֿן אויף דעם פּאַקעט, פֿאַלט אַרויס אַ ביכל מיטן נאָמען: „די סאַלאַמאַנדריאַ, אָדער דער קאַפּיטאַן דריַיפֿוס״, פֿאַרפֿאַסט פֿון ק. ש. און ביַי דער זיַיט איז אויסגעמאָלט צוויי וויַיבערישע הענטלעך און אונטן צוגעדרוקט אַ קליין שלום־עליכמל. —

האָבן מיר שוין ברוך־השם „די סאַלאַמאַנדריאַ״ אָדער דעם „קאַפּיטאַן דריַיפֿוס״ פֿון שלום־עליכמען! איצט לאָמיר אַקאָרשט באַטראַכטן, פֿון וואַנען האָט זיך גענומען אַ קאַפּיטאַן דריַיפֿוס מיט זיבן און צוואַנציק יאָר צוריק? איך קוק וויַי־טער, נידעריקער, שטייט: וואַרשע, דרוק ב. טורש 1899. נמצא, אַז די „סאַלאַ־

מאַנדריאַ״ איז געשריבן געוואָרן ניט מיט 27 יאָר, נאָר אַ פּנים מיט פ י נ ף יאָר.
— פּעטער! וואָס איז דאָס? אָט דאָס זענען אײַערע זיבן און צוואַנציק יאָר?
פּע, כ׳לעבן, איר זענט דאָך עפּעס גאָר אַ ווילדער שקרן!!!

אַזוי רוף איך מיך אָן צו מײַן פּאַרשוין און רוק אים אונטער זײַן „סאַלאַ־מאַנדריאַ״ אָדער „קאַפּיטאַן דרייפוס״ גלײַך אונטער דער נאָז. ערשט איך טו אַ קוק — והילד איננו — ניטאָ קיין פּאַרשוין, ניטאָ קיין בעל־הבית, ניטאָ קיין וואַרשעווער ייִד, ס׳איז נאָר דאָ אַ וויסטע, אַ פּינצטערע „סאַלאַמאַנדריאַ״ מיט אַ „קאַפּיטאַן דרייפוס״ מיט אַ פּאָר ווײַבערשע הענטלעך מיט אַ קליין שלום־עליכמל פון אונטן און מיט אַ דרוקער דובעריש טורש און מיט אַן אויפשריפט בײַ דער זײַט: „נאָכדרוק אויך איבערזעצונג שטרענג פאַרבאָטן״!

פּו! צען פּוד משׂא איז בײַ מיר אַראָפּ פונעם מוח. די אויגן האָט ער מיר געעפנט דער קאַפּיטאַן דרייפוס, לעבן זאָל ער! אַ מאָדנער קונצן־מאַכער אָט דער דובעריש טורש פון די נאַלעווקעס; פון ב. טורש ווערט בײַ אים שלום־עליכם. פון פינף יאָר ווערט בײַ אים זיבן און צוואַנציק. ווערט אַ מלחמה מיט יאַפּאַניע, זאָגט ער נביאות אויפן ערשטן בלעטל, וואָס וועט זײַן דער סוף פון דער מלחמה און נאָך דעם שטעלט ער אַרויס אַ צונג אויף איין אַרשין די לענג. דאָס איז עפּעס אַ מין משולחת, אַ ליץ, אַן אַנשיקעניש, אַ כישוף־מאַכער צו אַל די שוואַרצע יאָר! און בכדי ניט אָקעגן נאַכט צו דערמאָנען מוז מען אים אָפּזאָגן דעם רעכטן פסוק: „זאָלסט גיין און זאָלסט לויפן, דובעריש ב״ר אַלכּסנדר זיסל, דורך בערג און דורך טאָלן, וואַלד־אײַן וואַלד־אויס, זאָלסט אין ערגעץ זיך ניט שטעלן, ווינטער אויף אַ פעלדערוויש, זומער אויף אַ בעזעם, אין קוימען זאָלסטו רוען, אין ברונעם זאָלסטו קוועלן, זאָלסט אַרויס דורך אַ כאַליווע פון אַ שטיוול און אַרײַן אין אַ לעכל פון אַ נאָדל, און זאָלסט אַוועק אויף איין פוס אַהין־אַהין, מיטן ווינט און מיטן רויך, דאָרט ווו דער ליבער שבת־קודש קומט אַהין. טפו! טפו! טפו!״

דער דאָזיקער פסוק, אַזוי האָב איך געהערט פון מײַן באָבע, איז אַ סגולה צו אַן עין־הרע, צו אַ בייז באַגעגעניש, צו אַ שלאַק פּרעניות און צו אַ דרוקער אַ ליגנער, וואָס האָט ליב פרעמדע נעמען...

1904

# אַן אַגענט

## אַ טאָגבוך אין דרײַ טיילן

### ערשטער טייל

דאַנקען און לויבן גאָט, איך האָב הײַנט אַ פּרנסה אין האַנט אַ לײַטישע און בכבודיקע: איך בין אַן אַגענט פֿון ייִדישע גאַזעטן, ביכער און זשורנאַלן, מען האָט מיר צוגעשיקט פֿון עטלעכע רעדאַקציעס אַ פּאַק מיט פּראָספּעקטן און קוויטאַנציעס אויף צו זאַמלען אַבאָנענטן. די פּראָספּעקטן גייען קיין עין־הרע זייער גוט, דער עולם לייענט זיי מיט פֿאַרגעניגן. נאָר איינער אַ קאַפּריזנער אַבאָנענט האָט מיר אַ שמיץ געטאָן אין פּנים צוריק דעם פּראָספּעקט. „דולט מיר ניט קיין ספּאָדיק, איך האָב קיין צײַט ניט״! נאָר אַז איך האָב אים אַ זאָג געטאָן, אַז מען גיט דאָס אומזיסט, האָט ער זיך באַלד איבערגעבעטן און אַ זאָג געטאָן: „אַנו, ווײַזט נאָר אַהער, וואָס שטייט דאָרטן?״ אויף די קוויטאַנציעס גייען ניט שלעכט; איך פֿאַרשרײַב אַלעמענס נעמען און געלט וועט מען מיר געבן נאָך דעם, אַז ס׳וועלן אָנקומען די בלעטער. קען מען ניט זײַן אַזוי גראָב און מען מוז וואַרטן. דערווײַלע האָב איך אויסגעשריבן פֿון די רעדאַקציעס אַ סך בלעטער און שרײַב זיי, אַז איך וועל זיי אם־ירצה־השם שיקן נאָך און נאָך. דאַנקען זיי מיר, די רעדאַקציעס הייסט דאָס, און הייסן זיך שיקן דערווײַלע אַ ביסל געלט. ענטפֿער איך זיי, אַז איך וועל שיקן. וואָס דען? איך וועל זיי ניט שיקן?.. אַ פּראָצענט גיט מען מיר אַראָפּ דווקא אַ היבשן; בישקשה, מען קאָן האָבן דערפֿון גאַנץ גוט פּרנסה. קיין דערפֿער קאָן מען דערפֿון ניט קויפֿן, געוויינטלעך; נאָר אַ שטיקל ברויט קאָן מען האָבן בכבוד. הײַנט קומט מען זיך צונויף מיט אַלערליי מענטשן. די פֿײַנסטע בעלי־בתּים, מען הערט זיך אָן מיט נײַעס, מען ווייסט וואָס אויף דער וועלט טוט זיך, און מען איז אַליין אויך פֿאַררעכנט פֿאַר אַ שטיקל מענטש. דאַנקען גאָט, איך האָב צום רבונו־של־עולם קיין טענות ניט.

### צווייטער טייל

אַן אומגליק מיט די רעדאַקציעס! דעם שיקן זיי און דעם ניט, דעם קומט אַן צוויי נומערן מיט אַ מאָל, און דעם קיין האַלב אַפֿילו ניט. „מיט וואָס בין

איך ערגער פֿון יענעם. איך בין דאַכט מיר אַזאַ טאַטנס אַ קינד ווי יענער״! אַזוי טענהט נעבעך דער אַבאָנענט און איז גערעכט, לייג איך אים אָפּ אויף מאָרגן, מאָרגן אויף איבער מאָרגן, גאָט האָט געהאָלפֿן, ס׳איז אים אָנגעקומען דאָס בלאַט! אַ נײַער אומגליק. וואָס איז? עס פֿעלט אים נומערן. גיי שרײַב אין דער רעדאַקציע אַז עס פֿעלט אַ נומער 7! גייט אַוועק צוויי וואָכן, איך שרײַב און שרײַב, שרײַב און שרײַב, קוים מיט צרות קומט אָן נומ׳ 13. „סטײַטש, צו וואָס טויג מיר צוויי מאָל 13?״ שרײַב איך ווידער אַ מאָל אין דער רעדאַקציע. איין מאָל און צוויי מאָל און דרײַ מאָל, קומט אים אָן ווידער אַ מאָל נומ׳ 13. וואָס האָבן זיי זיך אָנגעטשעפּעט מיט נומ׳ 13? שרײַב איך ווידער אַוועק אין דער רעדאַקציע: 7, ניט 13. ענטפֿערט מען מיר פֿון דער רעדאַקציע: געלט! הייב איך אָן גיין אײַנקאַסירן געלט. „שוין? איר האָט קיין צײַט ניט? לאָמיר פֿריִער זען וואָס איז דאָס פֿאַר אַ בלאַט!״ אַזוי זאָגט איינער. דער אַנדערער האָט אַ טענה: למאַי איז דאָס אַזוי שיטער? ווינציק פֿעליעטאָן! און דער דריטער טענהט פֿאַרקערט: צו פֿיל פֿעליעטאָנענדיק. וואָס טויג מיר פֿעליעטאָן? שרײַבט אַוועק מען זאָל געבן מער פּאָליטיקע. גוט, נו, און געלט? „זײַט ניט קיין אײַנגעגעסענער ייִד, גייט אײַך געזונטערהייט!..״ הײַנט צרות פֿון די אַדרעסן. איך שרײַב זיי בפֿירוש מען זאָל אַרויסשיקן דאָס בלאַט, מאירו פּינחוסעוויטש פֿלייש־בערגו; גייען זיי און שיקן פּונקט קאַפּויער, פֿליישאָוו מאיראָוויטשו פּינחסבערגו. אַ מין איבערקערעניש! דעם אַנדערן אַבאָנענט מײַנעם האָבן זיי איבערגעדרייט פֿון ברוך שינדלער אויף קורח שווינדלער. נאָך איינער אַן אַבאָנענט האָט זיך גאָר געיאָגט נאָך מיר מיט אַ שטעקן, מיר געוואָלט ברעכן די ביינער און איז גערעכט. שטעלט אײַך פֿאָר, ער הייסט זיידל בעזוסאָנאָוו. גייען זיי ניט און מאַכן אים ניט איבער אויף „ווידל בעזנאָסאָוו״? שרײַב איך זיי, ענטפֿערן זיי ניט. קלאַפּ איך זיי אַ דעפּעש, ענטפֿערן זיי ניט. שרײַב איך זיי „אָטוועט אופּלאָטשען״, ענטפֿערן זיי, „וויסילײַטיע דיענגי״. לויף איך נאָך געלט, ענטפֿערט מען מיר: „איר וועט אַרײַנקומען אַן אַנדערש מאָל; איר זעט דאָך, מען איז פֿאַר־נומען!״ איז נאָך נישקשה; אַן אַנדערער זאָגט: „נעמט אײַך צו צוריק די בלעטער, איך דאַרף זיי אויף כּפּרות, ס׳איז אַזוי אויך ענג אין שטוב. גייט אײַך מיט אײַערע לידלעך ציגעלע מיגעלע!״ הקיצור, ס׳איז ניט גוט.

## דריטער טייל

פֿאַרשאָלטן זאָל ווערן דער טאָג וואָס איך בין געבוירן געוואָרן! צו וואָס

האָט מיר געגנוצט די דאָזיקע באָמבע? נאַ דיר גאָר גאַזעטן! מען דאַרף האָבן אַ קאָפּ פֿון אַ מיניסטער: דער איז אַ פֿערטל־יעריקער אַבאָנענט אויף איין גאַזעט אָן דער פּרעמיע, און יענער איז אַ האַלב־יעריקער אַבאָנענט מיט דער פּרעמיע. בײַ דעם האָב איך ניט דערנומען פֿון יענעם קוואַרטל, און בײַ יענעם האָב איך אַריבערגענומען אויף דעם קוואַרטל, און מיט די רעדאַקציעס גיי האָב אַ טוץ חשבונות. איך שרײַב מען זאָל מיר אַרויסשיקן אַ חשבון, ענטפֿערן זיי מיר: געלט! ווו זאָל איך זיי נעמען געלט, אַז די גאַנצע וועלט איז מיר שולדיק געלט און איך בין דער גאַנצער וועלט שולדיק געלט. איך מאָן געלט, מיך מאָנט מען געלט, ס'איז אַן עסק מיט געלט! נאָך איין האַלב יאָר, איז אָדער מען זעצט מיך אײַן, אָדער איך גיי אַראָפּ פֿון זינען, און ועל־כולם די פּרעמיע! אָט די פּרעמיע, פֿיל איך, וועט מיך אַרײַנטרײַבן אין דער ערד אַרײַן! גאָט האָט מיר צוגעשיקט איין אַבאָנענט, איז ער אַ יונגער־מאַן אַ יאַדישלעווער. תחילת האָט ער גאָר ניט געוווסט וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין אָט די דאָזיקע פּרעמיע, מיט וואָס עסט מען דאָס, און אַז איך האָב אים קלאָר געמאַכט וואָס באַטײַט פּרעמיע, אַז די פּרעמיע אַליין, ווען מען וויל זי קויפֿן, קאָן מען זי ניט קריגן פֿאַר כל הון דעלמא, נאָר אין איינעם מיטן בלאַט קאָסט זי אַ דריט־חלק, וויפֿל זי וואָלט באַדאַרפֿט קאָסטן. אַזוי אַז ער געווינט דאָ ערשטנס צוויי חלקים פּרעמיע און האָט נאָך דערצו אומזיסט אַזוי פֿיל בלעטער. האָט ער דאָס ערשט דעמאָלט רעכט צעקײַעט און האָט מיר באַצאָלט דאָס געלט און האָט מיר אָנגעזאָגט אַ מאָל זיבעציק: „געדענקט זשע, פֿעטער, אַז איך שרײַב אויס דאָס בלאַט צוליב דער פּרעמיע, נאָר צוליב דער פּרעמיע!“ אויף מאָרגן גאַנץ פֿרי, איך בין נאָך געלעגן אין בעט, הער איך עמעצער קלאַפּט. לויף איך אַראָפּ אַ באָרוועסער: „ווער איז?“ ס'איז איך! „ווער איז דער איך?“ מכּוח דער פּרעמיע! „מכּוח וואָסער פּרעמיע?“ — איך האָב דאָך אַרויסגעשריבן בײַ אײַך דאָס בלאַט מיט דער פּרעמיע! איר האָט שוין פֿאַרגעסן? — „וואָס זשע ווילט איר?“ איך בין געקומען געוואָר ווערן זאָגט ער, וואָס הערט זיך מיט דער פּרעמיע? „אַזוי גיך? זאָג איך, האָט צײַט אַ פּאָר טעג!“... אין אַ פּאָר טעג אַרום — מײַן חברה־מאַן איז דאָ. „רב ייִד, מאַכט ער צו מיר, וואָס הערט זיך מיט דער פּרעמיע?“ — איר האָט נאָך ניט, זאָג איך, דאָס בלאַט, ווילט איר שוין די פּרעמיע? „אַ שיינער קל־וחומר, מאַכט ער! איך וויל גאָר ניט וויסן קיין מעשׂיות, איר האָט מיר בפֿירוש געזאָגט פּרעמיע, ווו איז מײַן פּרעמיע?“ האָב איך מיך קוים אָפּגעבעטן בײַ אים אויף דרײַ וואָכן. מאָלט אײַך, די דרײַ וואָכן האָבן געדויערט דרײַ מאָל דרײַ

וואָכן. — און קיין פּרעמיע איז נאָך אַלץ ניטאָ, און דער יונגער־מאַן פֿון דער ציג גייט צוויי מאָל אַ טאָג, אין דער פֿרי און אויף דער נאַכט, שינדט פֿון מיר די הויט און דערגייט מיר די יאָרן. ער רייכערט אויס ווי איך האָב אַ פּאַפּיראָס, ס׳איז אים גוט, זאָגט ער, צום הוסט. ער האָט זיך מיר אַזוי צוגע־געסן, אַז איך האָב אים נעכטן אַ שמיץ געטאָן דאָס געלט אין פּנים אַרײַן — אויס פּרעמיע! האָב איך געמיינט אַן עק, איך בין פּטור געוואָרן. צום סוף ווער? וואָס? ער וויל ניט נעמען צוריק דאָס געלט בשום־אופֿן. ער האָט מיר געגעבן דאָס ערנוואָרט, אַז מער דאָקוטשעט ער מיר ניט און מער רעדט ער ניט מיט מיר פֿון קיין פּרעמיע. „איז דאָס אָפּגעמאַכט?" אָפּגעמאַכט! „הייליק?" הייליק!

שאַט! עמעצער דראַפּעט זיך צו מיר אויף די טרעפּ. גײַן און נײַנציק טרעפּ. ווער קאָן דאָס זײַן אַזוי פֿרי? אוי ווײ, איך האָב מורא ס׳איז דער יונגער־מאַן פֿון דער פּרעמיע. יאָ, ס׳איז ער, ס׳איז ער. איך האָב דערקענט זײַן סאָפּען. קוים וואָס ער כאַפּט דעם אָטעם. ס׳איז ער! איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן! ייִדן, איך לויף מיך טרינקען!..

1904

# אַ גליקלעכע רייזע

## אַ בילד אין איין אַקט

די פּאַרשוינען:

| | |
|---|---|
| דער וועג | — אַ יונגער־מאַנטשיק, נאָר וואָס פֿון אונטער דער חופּה. |
| דער פֿריינד | — זיינער אַן אמתער גוטער פֿריינד. |
| דער טאָג | — ניט קיין פֿריינד, ניט קיין פֿיינט, אַ נעכטי־קער טאָג. |
| די יודישע צוקונפֿט | — אַ ציוניסט. |
| דאָס יודישע וואָרט | — אַן עזות־מחוצף־פּנים. |
| וואַרשע | — אַן אויסגעשלייערט ווייבל. |
| ווילנע | — אַ ליטוואַטשקע. |
| דאָס פֿאָלק | — אַ פּראָסטער מענטש, זעט אויס אַ בעל־מלאָכה, פֿאַרשטייט ניט קיין אַנדער שפּראַך, אַחוץ זשאַרגאָן. |

די געשיכטע קומט פֿאָר דעם 1טן אויגוסט 1905טן יאָר אויפֿן באַנהויף.

דער וועג: שטייט אָנגעטאָן מיט אַ רייזעטאַש איבער די פּליי־צעס. — אויף דער ערד ליגן אָנגעוואָרפֿן טשעמאָדאַנעס, פּעקלעך, ביכער, צייטונגען, כּתבים, פּאַפּיר און פּענעס גאַנצע בערג. — דער עולם שטייט און מען וואַרט, אַז עמעצער זאָל שוין עפּעס אָנהייבן. ווילנע שטייט נעבן וואַרשע און מאַכט איר צו רעכט דעם שלייער, עס זאָלן זיך ניט אַרויסזען צו פֿיל די אייגענע האָר. דאָס פֿאָלק קוקט אַרום און וויל האָרכן אַ גוט וואָרט.

דער פֿריינד: (הוסט זיך אָפּ) רבותי! עס איז געשען אַ געשעעניש ביי אונדז; אין אונדזער ליטעראַריש געזינדל, אין אונדזער קליין יידיש וועלטל:

אונדזער פֿיל געליבטער און זייער טײַערער יינגערער ברודער דער וועג האָט חתונה געהאַט אין אַ גוטער שעה אַ מזלדיקער, גענומען אַ פֿרוי פֿון פּוילן מיטן נאָמען וואַרשע און פֿאָרט מיט איר איצט אין ווײַטן וועג אַרײַן, פֿאַרלאָזט אונדז, זײַנע בעסטע פֿרײַנד, אויף שטענדיק, אויף אייביק. וואָס זאָלן מיר אים ווינטשן? איר ווייסט גאַנץ גוט, רבותי, ווי ווײַט שווער דאָס געשעעניש איז פֿאַר אונדז! (ווישט די אויגן) אָבער לאָז עס אונדז אָנגיין, וואָס מיר ווינטשן אים.

אַלע: אָמן.

דאָס פֿאָלק: אָ־מ־ן!

דער פֿרײַנד: (שנײַצט אויס די נאָז) דאָס געשעעניש וואָס איז געשען איז אַפֿילו געווען פֿאַר אונדז צו פּלוצעם. און דאָך, מײַנע דאַמען און הערן, אַלס גוטער פֿרײַנד און אַלס עלטערער ברודער, נעמען מיר זיך דאָס רעכט צו זאָגן אונדזער פֿאַרפֿאָלק עטלעכע פֿרײַנדלעכע ווערטער. דער וועג וואָס שטייט פֿאַר אײַך פֿאַר, איז ניט גרינג, פֿול מיט דערנער. איר וועט גענוג אויסגעריסן ווערן, האָבן צו זינגען און צו זאָגן, ביז איר וועט זיך אַרויפֿשלאָגן אויף אַ שטיקל וועג... לאָז גאָט געבן, איר זאָלט ניט מיד ווערן, איר זאָלט זיך ניט צועסן, ניט ווערן נימאס איינער דעם אַנדערן, און עס זאָל זיך אײַך חלילה ניט גלוסטן פֿאָרן צוריק... מיר ווינטשן אײַך שליסן גוטע קענטשאַפֿט אין אײַער וועג, ניט אײַן פֿאַר־פֿאָלק וועט איר באַגעגענען אין וועג, וואָרעם עס גייט אַ צײַט פֿון חתונות.

דאָס פֿאָלק: בראַוואָ!!!

דער וועג: (גערירט) פֿון טיפֿן האַרצן דאַנקען מיר דעם גוטן פֿרײַנד פֿאַר אַלע זײַנע גוטע ווערטער. האָפֿנטלעך, אַז ער וועט אונדז ניט פֿאַרגעסן אויך אויף ווײַטער און וועט אונדז געוויס דערמאָנען גאַנץ אָפֿט צום גוטן... מיר קענען אים זאָגן אַז מיר, פֿון אונדזער זײַט, וועלן אים חלילה ניט לאָזן וואַרטן לאַנג אויף אַן ענטפֿער... מיר צווייפֿלען ניט אין דעם קיין מינוט אַפֿילו, אַז דער פֿרײַנד איז אונדזער בעסטער פֿרײַנד. וואָרעם ווער פֿאַרשטייט עס ניט מיטן שׂכל, אַז דעם פֿרײַנד איז ביז אַהער געווען ניט אָנגענעם, וואָס ער איז אַ יחיד אין קהל, איינער אויפֿן יריד הייסט עס... הלוואי זאָל טאַקע גאָט געבן, דער דאָזיקער ווונטש וועגן נײַע חתונות זאָל מקוים ווערן (!) איך דאַנק נאָך אַ מאָל מײַן בעסטן פֿרײַנד פֿאַר זײַן ליבן טאָסט פֿון מײַן נאָמען און פֿונעם נאָמען פֿון מײַן יונגער פֿרוי וואַרשע און מיר ווינטשן אונדזער גוטן פֿרײַנד, אַז זײַן ווונטש זאָל דערפֿילט ווערן. און לאָזן טאַקע אונדזערע שוועסטער און

ברידער גאַזעטן און זשורנאַלן זיך פּרוכפּערן און מערן, ווי זאַמד אויפן ברעג
ים און ווי שטערן אין הימל! (טרינקט).

דאָס פאָלק: בראַוואָ!!!

דער טאָג: (רעדט צום גראַם) הערט וואָס איך זאָג היינטיקן טאָג, די אייגענע
ווערטער, וואָס כ'האָב געזאָגט אין פיל ערטער, אויב איר געדענקט, אין די
„בלעטער" פון „איש יהודי" דעם פעטער: זאָל גאָט געבן דעם וועג דעם ליבן,
ער זאָל קיין מאָל ניט שטיין, נאָר גיין און גיין, ניט לינקס, ניט רעכטס, ניט
רעדן קיין שלעכטס, אויף אַלעמען גלייך, סיי אָרעם, סיי רייך...

דאָס וואָרט: (האַקט אים איבער, אויך צום גראַם) מען האָט געלאָזט בעטן
מחילה פון דער גאַנצער קהילה און געבן צו וויסן, מען זאָל אויפהערן גיסן אַ
מבול פון גראַמען, ס'קאָן ניט־גוט ווערן די דאַמען...

דער טאָג: (טוט זיך זיינס, שיט ווי פונעם אַרבל) ער זאָל דערציען דאָס
פאָלק, מיט שכל, מיט טאַלק, אויף די קוואַלן פון תורה, מיט דרך־ארץ, מיט
מורא, מען זאָל אים מיט ווערדנע אידעען דעם קאָפּ ניט פאַרדרייען, מיט דיערזקע
לצנות אים ניט פירן אין סכנות, ניט גיין מיט נאַכאַלסטוואָ קעגן נאַטשאַלסטוואָ...

דאָס פאָלק: בראַוואָ!

דאָס וואָרט: (ווידער צום גראַם) מיינע הערן און דאַמען! הערט ער ניט
אויף צו שיטן מיט גראַמען, און באַווייזן זיין גאונות, וועל איך דערמאָנען עוונות...

(דער טאָג בלייבט אָן לשון, רוקט זיך אָפּ אָן אַ זייט).

דאָס פאָלק: בראַוואָ! בראַוואָ!

דער וועג: אַ שיינעם דאַנק דעם ליכטיקן טאָג פאַר זיין ווינשאַוואַניע, כאָטש
מיר קאָנען אים ניט מבטיח זיין, אַז מיר וועלן דאָס אויספירן. (צום פאָלק) לחיים
ברידער! (טרינקט).

דאָס פאָלק: בראַוואָ! בראַוואָ!

צוקונפט: ביז אַהער האָבן גערעדט די עלטערע, אונדזערע בערן, האָב איך
מיך ניט געוואָלט אַריינמישן. איצט דערלויב איך מיר אַ פּאָר ווערטער אַריינצו־
שטעלן וועגן פּראָגראַם פון אונדזער פאַרפאָלק. ניט די פּראָגראַם, וואָס דער
טאָג לייגט פאָר; דאָס איז אַ פּראָגראַם פון שוויגן, אַ שטילשווייגנדיקע פּראָג־
ראַם. אַ פּראָגראַם פון אַ נעכטיקן טאָג... איך שמועס פון אַן אַנדער פּראָגראַם,
פון אַ רעדנס־פּראָגראַם. אַן אַרבעטס־פּראָגראַם. אַ פּראָגראַם פון...

דאָס וואָרט: (האַקט אים איבער אין מיטן) ציילט נאָר, איך בעט אייך, וויפל
מאָל אונדזער ציוניסט האָט דאָ אַריינגעהאַקט דאָס וואָרט „פּראָגראַם", ווי ער האָט

זיך עס אַ ביסל צעפּראַגראַמט! אַ פּראָגראַמעניש אויף אים אָנגעפֿאַלן! וואָס דאַרף מען זיך אַזוי לאַנג קוועטשן? אַמער מאַכט בקיצור: איר ווילט, אַז דאָס פֿאָרפֿאָלק זאָל זײַן ציוניסטיש.

צוקונפט: אָט וועל איך אײַך גיין פֿרעגן ווי אַזוי צו רעדן! איר זענט אַ גרויסער עזות־פּנים!

דאָס פֿאָלק: בראַוואָ!

דאָס וואָרט: און איר זענט אַ בריוונשטעלער.

דאָס פֿאָלק: בראַוואָ! בראַוואָ!

צוקונפט: שייגעץ! (לאָזט זיך צום „וועג״)

דאָס פֿאָלק: בראַוואָ! בראַוואָ!

דאָס וואָרט: ארץ־ישׂראל־ייִד! (לאָזט זיך צו „צוקונפט״).

דאָס פֿאָלק: בראַוואָ! בראַוואָ!

דער פֿרײַנד: (צענעמט זיי) קינדערלעך! וואָס פֿאַר אַ געשעעניש! לאָז זײַן שטיל! מיר זענען אַרויסגעקומען אַהער אַרויסבאַגלייטן דאָס יונגע פֿאָרפֿאָלק אין וועג אַרײַן. און איר כּלומרשט רעכנט זיך מיט אײַערע חשבונות! אונדזער געזינדל איז נאָך אַזוי קליין און איר קאָנט זיך כּלומרשט ניט אײַנטיילן מיט דער ירושה? וואָס וועט זאָגן אויף אונדז די וועלט? די וועלט וואָס וועט זאָגן?

דער טאָג: אַ חרפּה, אַ בושה פֿאַרן זשאַנדאַר!..

דער פֿרײַנד: אונדזער געזינדל איז אַזוי קליין. אַזוי אָרעם! קוק זיך אַקאָרשט אַרום, ווער זענען מיר, וויפֿל זענען מיר? ווו זענען אַלע אונדזערע איבעריקע שוועסטער און ברידער? איך מיין אונדזערע העברעיִשע גאַזעטן און זשורנאַלן — ווו זענען זיי? ווו זענען זיי? (קוקט זיך אַרום אויף אַלע זײַטן).

דאָס וואָרט: (שפּרינגט אַרויס) פֿון וועמען רעדט איר? פֿונעם המליץ, וואָס איז שוין לאַנג אויף דער אמתער וועלט? פֿון דער אויפֿגעפּוצטער דאַמע וואָס מען רופֿט זי הצפֿירה? פֿונעם הזמן, דעם יודע הכּל, וואָס איינער פֿון זײַן האַלב טוץ רעדאַקטאָרן זאָגט בפֿירוש: „מעולם לא טנפתּי את ידי — איך האָב ניט מײַן האַנט פֿאַרפּאַסקודיעט צו שרײַבן זשאַרגאָן״...? צי איר רעדט פֿונעם אַריסטאָקראַט השלוח, וואָס מען דאַרף האָבן אַ זכיה אים צו זען? צי אפֿשר רעדט איר פֿונעם הדור, דעם בייזן פּעסימיסט, וואָס וואַרפֿט אונדז אַלע יאָר דעם גט פֿאַר די פֿיס? צי אפֿשר פֿונעם גרוש הצופה רעדט איר, וואָס דאָס ווײַב האָט אים געגט? צי גאָר פֿון יענע מחותּנים רעדט איר, וואָס מען רופֿט

זיי השקפה, הפיסגה? לאָזט זיי צו רו די אַריסטאָקראַטן אונדזערע, וואָס עס שטייט זיי ניט אָן זיך מטפּל זײַן מיט דער „דינסטמויד”, מיטן אָרעמען זשאַרגאָן!..

דאָס פֿאָלק: בראַוואָ! בראַוואָ!

דער פֿרײַנד: (מיט פֿאַראַכטונג) נאָר ניט געהיצט זיך! מיר גייען ניט אַרײַן אין ווײַטע חקירות. ווער איז די בעל־הביתטע און ווער איז די דינסט־מויד? מיר שטעלן זיך אָפּ נאָר אויף הוילע פֿאַקטן, אויף געשעעניש. געשעענישן שפּילן בײַ אונדז די הויפּט־ראָלע...

דאָס וואָרט: (שפּרינגט אַרויס) טאָמער וואָלט געשען אַ געשעעניש, אַז עס זאָל שוין אויפֿהערן געשעען געשעענישן?

דער פֿרײַנד: (קוקט אויפֿן וואָרט מיט פֿאַראַכטונג) אַלזאָ פֿון וואָס האָבן מיר גערעדט? מיר רעדן פֿון שלום, פֿון פֿרידן רעדן מיר. איך גיט זיך בעסער איינס דאָס אַנדערע די האַנט, קינדערלעך, און זײַט שלום, לעבט פֿרײַנדלעך... די צײַט שטייט ניט, לאָמיר זיך אָנהייבן געזעגענען מיט אונדזער פֿאַרפֿאָלק און ווינטשן זיי אַ גליקלעכע רײַזע.

דאָס פֿאָלק: בראַוואָ! בראַוואָ!

דער וועג: נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אַ שיינעם דאַנק דעם ליבן פֿרײַנד פֿאַר זײַנע לעצטע „פֿרײַנדלעכע” ווערטער. אַ שאָד, וואָס ס'האָט זיך אַרײַנגע־מישט דאָס וואָרט און האָט ניט דערלאָזט, אַז צוקונפֿט זאָל אַרויסזאָגן דער וועלטס מיינונג איבער אונדזער מאַרשרוט און איבער אונדזער פּראָגראַם. אַ שאָד, וואָס די צײַט דערלויבט ניט צו רעדן אַ סך. (קוקט אויפֿן זייגער) מיר האָבן נאָך צו פֿאַרברענגען צוזאַמען מיט אײַך סך־הכּל עטלעכע געציילטע מינוט. איך מיין, אַז אונדזער מאַרשרוט איז אײַך באַוווּסט, און וועגן אונדזער פּראָגראַם האָבן מיר, דאַכט מיר, געזאָגט אין אונדזער „פּראָספּעקט”, וואָס מיר האָבן צע־שיקט אויף דער וועלט אַ פּאָר וואָכן פֿאַר אונדזער האָכצײַט. מיר ווייסן אונדזער מאַרשרוט גאַנץ גענוי. מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז אונדזער וועג איז שווער. נאָר מיר האָפֿן, אַז מיר וועלן אונדזער ווײַטע, אינטערעסאַנטע נסיעה דורכמאַכן בשלום און מיט גאָטס הילף גרייכן צום צוועק, וווּהין מיר שטרעבן. מיר מיינען, אַז אונדז וועלן ניט אָפּשטעלן קיין שום שוועריקייטן... איבעריקנס, צו וואָס נוצן צוזאָגעכצן, אַנאָנסן, פּראָספּעקטן, פּראָגראַמען. צוזאָגן איז קיין קונץ ניט. צוזאָגן, זאָגן צו אַלע; יעדער איז מבטיח... אַ בריהשאַפּט איז אָבער אויספֿילן, אַ קונץ איז מקיים זײַן!.. אַנשטאָט ווערטער וועלן מיר אײַך בעסער געבן אַרבעט. אַנשטאָט הבטחות, צוזאָגעכצן, וועלן מיר אײַך בעסער שרײַבן אָפּט און אַ סך;

אַלע טאָג, אַלע טאָג וועלן מיר אײַך שרײַבן! און פֿון אײַך פֿאַרלאַנגען מיר (ווענדט זיך צום „פֿאָלק״) און איבערהויפּט פֿון אײַך, מער ניט ווי איין זאַך:
איר זאָלט אונדז לייענען... אַדיע! זײַט געזונט! זײַט געזונט!
אַלע: פֿאָרט געזונט! אַ גליקלעכע רײַזע! אַ גליקלעכע רײַזע!
דאָס פֿאָלק: הוררררראַאַאַ!!!...

(דער עולם געזעגנט זיך. — ווילנע קושט זיך מיט וואַרשע — דאָס יונגע פֿאַרפֿאָלק קריכט אין וואַגאָן אַרײַן, שטעלט זיך אַוועק בײַם פֿענצטער. — דער צוג רויכערט, פֿײַפֿט און רירט פֿונעם אָרט).

אַלע: (מאַכן מיט די היטלען און מיט די טיכעלעך.) אַ גליקלעכע רײַזע! אַ גליקלעכע רײַזע!
דאָס פֿאָלק: הורררררראַ!!!!....

(דער צוג ווערט פֿאַרשוווּנדן. דער רויך צעגייט זיך).

1905

# אוגאַנדיאַדאַ

## אַ קאָנגרעס־בילד אין איין אַקט

די פּאַרשוינען:

| | |
|---|---|
| מאַדאַם פּאַלעסטינע | — אַן אַלמנה, נישט אַזוי רייַך ווי אַ מיוחסת |
| ציוניזם | — איר זון, אַ זייַדענער יונגער־מאַנטשיק |
| פרייַלין אוגאַנדאַ | — אַ שוואַרץ־חנעוודיק מיידל, אַ רייַכע יתומה |
| טעריטאָריאַליזם | — אַ לאַנד־שדכן |
| מאַקס נאָרדוי | — אַ לייַב־דאָקטאָר ביי מאַדאַם פּאַלעסטינע |
| זאַנגוויל | — אוגאַנדאַס אַ גליד־שוועסטערקינד |
| ציוני־ציון | — די משפחה פון מאַדאַם פּאַלעסטינע |

די געשיכטע קומט פאָר היינטיקס יאָר אויפן געוויסן קוראָרט — אין באַזעל.

אַ גרויס צימער אין האָטעל „קאַזינאָ" — מאַדאַם פּאַלעסטינע זיצט אויבן אָן. — אַרום איר דרייען זיך אַרום ציוני־ציון. — איבער אַ ביכל בייַם טיש זיצט ציוניזם. — עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר.

פּאַלעסטינע: (שטיל) אַרייַן!

ציוני־ציון: (הויך) אַרייַן! (עס קומט אַרייַן טעריטאָריאַליזם).

טעריטאָריאַליזם: (גאַנץ העפלעך) איך בין דער באַוווסטער לאַנד־שדכן און מייַן נאָמען איז טעריטאָריאַליזם.

פּאַלעסטינע: (לייגט צו אַן אויער) האַ? טעריטירי...?

טעריטאָריאַליזם: (בייגט זיך צו) טעריטאָריאַליזם!

פּאַלעסטינע: אַ מאָדנער נאָמען! זיצט, פאַר וואָס זיצט איר נישט?

טעריטאָריאַליזם: אַ דאַנק, מיר קאָנען באַשטיין. (זעצט זיך אַוועק, קוקט זיך דורך מיט דער „משפחה" עפּעס זייער נישט פרייַנדלעך.)

ציוני־ציון: מיר האָבן געהערט פונעם דאָזיקן לאַנד־שדכן.

פּאַלעסטינע: וואָס וועט איר עפּעס זאָגן גוטס, הער טעריטאָריאַליזם?

טעריטאָריאַליזם: וואָס קאָן זאָגן אַ ייִד אַ שדכן? איך האָב געהערט זאָגן, אַז איר זענט געקומען אַהער קיין באַזעל און, ווי דער שטייגער איז, ניט אַזוי צו קורירן זיך, ווי צוליב אַ שידוך מסתמא פֿאַר אײַער זון; האָב איך מיך מישב געווען, לאָמיך אַ פּרוּוו טאָן: איך האָב פֿון אײַערט וועגן אַ שידוך, אַן אַנטיקל וואָס אַנטיקל הייסט! (קושט זיך די שפּיץ פֿינגער) המ... (קוקט זיך אײַן). אָט איז ער טאַקע אײַער בחורל?

ציוני־ציון: הערט איר, אַ בריה אַ שדכן!

פּאַלעסטינע: (צו ציוניזם) קום נאָר אַהער, מײַן זון, וועל איך דיך באַקאַנט מאַכן; דאָס איז דער טעריטירי... מיר איז שווער אויסצורעדן.

טעריטאָריאַליזם: (מאַכט צו רעכט) טע־רי־טאָ־רי־אַליזם...! (צו ציוניזם) איך בין דער באַוווּסטער לאַנד־שדכן. געוויס האָסטו געהערט פֿון מיר?

ציוניזם: הערן האָב איך געהערט פֿון אײַך, נאָר זען זע איך אײַך דאָס ערשטע מאָל. וואָס מאַכט איר עפּעס?

טעריטאָריאַליזם: אַ דאַנק, וואָס זאָל מען מאַכן? עט, מען לעבט, מען האָרעוועט... און דו וואָס מאַכסט? דו זיצסט אַלץ איבער די ביכלעך? דו לערנסט? שטודירסט?

ציוניזם: אַ ברירה האָט מען?

פּאַליסטינע: (צו די ציוני־ציון) הייסט נאָר מען זאָל ברענגען עפּעס צובײַסן! (גיך ווערן באַשאַפֿן אויפֿן טיש אַלערליי פּירות פֿון ארץ־ישׂראל: טייטלען, איילבירטן, פֿײַגן און באָקסערן) נעמט עפּעס, רב טעריטאָריאַליזם, אין מויל אַרײַן, אַ טייטל, אַ באָקסער, אַ פֿײַג אַ פֿרישע... וואָס פֿאַר אַ שידוך, למשל, האָט איר פֿאַר מײַן ציוניזם זאָל געזונט זײַן? וואָס פֿאַר אַ כלה האָט איר פֿאַר זײַנעט וועגן אויסגעקליבן?

טעריטאָריאַליזם: כלות האָב איך פֿון זײַנעט וועגן אַ סך. נאָר איך וויל אײַך גאָר פֿון די היגע שידוכים אַפֿילו ניט פֿאָרלייגן. איך בין דאָך עפּעס אַ לאַנד־שדכן. איך האָב פֿאַר אײַער זון אַ כלה, הערט איר, איינע אין דער וועלט, ניט קיין היגע איז זי, אַזש פֿון אַפֿריקע.

פּאַלעסטינע: וויי איז מיר! אַזאַ ווײַטע מדינה?

ציוני־ציון: (אויפֿגערודערט) אַזש פֿון אַפֿריקע? וואָס זאָגט איר צו זײַן קאָפּ? ניין, אָבער גאָר לא! שרײַט זשע, קינדער, לא!!! (עס ווערט אויף אַ ווײַלע אַ טומל).

ט ע ר י ט א ָ ר י אַ ל י ז ם: וואָס פֿאַר אַ ראָלע שפּילט דאָס הײַנטיקע יאָרן? איך זאָל האָבן די ברכות, וואָס די וועלט טוט הײַנט שידוכים נאָך פֿון ווײַטער. אַבי, הערט איר, דאָס קרן איז אַ קרן.

פּ אַ ל ע ס ט י נ ע: (פֿאַרטראַכט) אפֿשר זענט איר גערעכט... ווער זשע איז זי? פֿון וואַנען שטאַמט זי?

ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ז ם: אַ יתומה, נאָר ניט קיין אָרעמע חלילה. האַלט זיך אויף בײַ אַ מומע; די „ענגלשע מומע" רופֿט מען זי. אומגעהײַער רײַך און אַ מיוחסת דערצו.

פּ אַ ל ע ס ט י נ ע: יִחוס בין איך אַליין. וואָס האָט זי? וואָס גיט מען איר נדן?

ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ז ם: לאָמיך עס פֿאַרמאָגן אַ צענט־חלק! ערד האָט זי, ערד אַ סך, פֿעלדער און וועלדער אָן אַ שיִעור, פּוסטע, ניט קיין באַזעצטע...

פּ אַ ל ע ס ט י נ ע: ערד ניט קיין באַזעצטע האָב איך אַליין... ווי אַזוי רופֿט מען זי?

ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ז ם: ווי אַזוי רופֿט מען זי? מען רופֿט זי אוגאַנדאַ רופֿט מען זי.

פּ אַ ל ע ס ט י נ ע: אוגאַנדאַ? דער נאָמען איז מיר עפּעס ניט קענטלעך.

צ י ו נ י ־ צ י ו ן: (ליאַרעמען) אוגאַנדאַ? אָבער נאָר לא! שרײַט זשע, קינ־דער, לא!

ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ז ם: פֿאַר וואָס עפּעס „שרײַט זשע, קינדער, לא!" איר קענט זי?

צ י ו נ י ־ צ י ו ן: קענען קענען מיר זי ניט; נאָר געהערט האָבן מיר פֿון איר!

פּ אַ ל ע ס ט י נ ע: זאָגט זשע מיר, איך בעט אײַך, ווי אַזוי זעט זי אויס, אײַער אוגאַנדאַ? וויפֿל אַלט איז זי?

ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ז ם: איך קען אײַך אַקוראַט ניט זאָגן אירע יאָרן.. דאָ איז פֿאַראַן מיט מיר אירער אַ שטיקל קרוב, אַן אייגן גליד־שוועסטערקינד, ז אַ נ ג ו י ל רופֿט מען אים. אײַער זון איז מיט אים גוט באַקאַנט, אויב איר ווילט, רוף איך אים אַרײַן.

צ י ו נ י ־ צ י ו ן: (ליאַרעמען) אַדרבה, לאָז מען אים ניט אַרײַנרופֿן! לאָמיר זיך האַלטן ניין, שרײַט זשע, קינדער, ניין!

פּ אַ ל ע ס ט י נ ע: נו, מהיכא־תיתי, רופֿט אים אַרײַן.

ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ז ם: (עפֿנט אויף די טיר) רב ישׂראל! זײַט זשע מוחל! (עס קומט אַרײַן זאַנגוויל).

זאַנגוויל: (שטעלט זיך פֿאָר) איזראַיל זאַנגוויל. אײַער זונס אַן אַלטער באַ־קאַנטער.

פּאַלעסטינע: זיצט! פֿאַר וואָס זיצט איר ניט? (באַווײַזט אים אַן אָרט) אפֿשר וועט איר עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן? אָט שטייען טייטלען, פֿײַגן... פֿרי־שע פֿײַגן...

זאַנגוויל: אַ דאַנק, איך האַלט ניט פֿון דער פֿרי...

ציוני־ציון: איר הערט? ער האַלט ניט פֿון דער פֿרי!... אַ רעכטער עזות־פּנים.

פּאַלעסטינע: דאָס מיידל, וואָס מען רעדט מײַן זון, איז טאַקע אײַערע אַן אייגענע הייסט עס?

זאַנגוויל: אַ שני שבשלישי, אַ גליד־שוועסטערקינד.

ציוני־ציון: דעם פֿעטערס פֿערדס בײַטש־שטעקעלע.

פּאַלעסטינע: וויפֿל אַלט איז זי?

זאַנגוויל: בלוט און מילך.

פּאַלעסטינע: עפּעס אַ שיינע?

זאַנגוויל: אַ גאַנץ קלוגע.

פּאַלעסטינע: אַ שיינע, פֿרעג איך?

זאַנגוויל: אַ חכמה.

פּאַלעסטינע: אָבער אַ שיינע?

זאַנגוויל: אַ מזג טוב.

פּאַלעסטינע: איך מיין, ווי זעט זי אויס אויפֿן פּנים?

זאַנגוויל: אַ זעלטענע ווירטין.

ציוני־ציון: וואָס זאָגט איר צו זײַן קאָפּ? מען פֿרעגט אים דאָס, ענטפֿערט ער בוידעם! שרײַט זשע, קינדער, לאַ!

פּאַלעסטינע: וואָס קאָן זי?

זאַנגוויל: זי קאָן געפֿעלן.

פּאַלעסטינע: וואָס האָט זי?

זאַנגוויל: גוטע מחשבות.

פּאַלעסטינע: וואָס פֿעלט איר?

זאַנגוויל: אַ חתן.

ציוני־ציון: הערט איר? אָט דער קרוב אירער איז אָדער גאָר אַ גרויסער חכם, אָדער גאָר אַ גרויסער טיפּש.

פּאַלעסטינע: ווייסט איר וואָס? רופט זי אַריַין, לאָמיר זי אָנקוקן.
זאַנגוויל: (צו די ציוני־ציון) זיַיט זיך אַקאָרשט מטריח עמעצער פון אייַך. זי וואַרט דאָ אינעם אַנדערן צימער.
ציוני־ציון: (וואָרטשען) געפעלט אייַך אַ השגה! זיַין טאַטנס משרתים! (שאַפן זיך אַ ביסל איינס מיט דאָס אַנדערע: „הער נאָר, גיי רוף זי!" „וואָס עפּעס איך? גיי דו!"... ציוניזם און פּאַלעסטינע קוקן זיך דורך. עטלעכע ציוני־ציון גייען ברענגען אוגאַנדאַן. טעריטאָריאַליזם רייַבט זיך אַ האַנט אָן אַ האַנט. אין עטלעכע מינוט אַרום קומען אַריַין די „שלוחים"; נאָך זיי קומט אַריַין אוגאַנדאַ, דאָס פּנים איבערגעדעקט מיט אַ געדיכטן שלייער).
אוגאַנדאַ: (בלייַבט שטיין פאַרצווייפלט) וואָס האָט מען מיך אַהער גערופן?
זאַנגוויל: (שטעלט זי פאָר) פריַילין אוגאַנדאַ.
פּאַלעסטינע: קום אַהער נעענטער, מייַן קינד. לאָמיך דיך אָנקוקן. (אוגאַנדאַ גייט צו נעענטער, נאָר דעם שלייער דעקט זי ניט אויף).
זאַנגוויל: איך האָב מורא, אַז אייער זון באַדאַרף עס נאָך מער אינטערעסירן ווי אייַך...
טעריטאָריאַליזם: (פירט צו פאָר אַ האַנט דעם יונגן ציוניזם) הער ציוניזם, פריַילין אוגאַנדאַ. (דאָס יונגע פּאָר שטייט אַ ווייַלע איינס אַקעגן דאָס אַנדערע אָן ווערטער, ביסלעכווייַז פאַרבינדן זיי אַ שמועס, וואָס ווייַטער מיט אַלץ מער היץ. ציוני־ציון גליִען ווי אויף פּאָקן... טעריטאָריאַליזם קוועלט, קלויבט נחת).
טעריטאָריאַליזם: (צו זאַנגווילן) ווי עס ווייַזט זיך אויס פּיקט זיך עס...
זאַנגוויל: נאָר ניט געכאַפּט! די „משפחה" וועט ניט דערלאָזן...
פּאַלעסטינע: (צו טעריטאָריאַליזם) איך בעט אייַך, זאָלט איר מיר געזונט זיַין, איר זענט דאָך דער שדכן; אפשר וואָלט איר געפּועלט ביַי איר, זי זאָל אויפדעקן אַ ביסל דעם שלייער, לאָמיר שוין אָנקוקן, וואָס פאַר אַ פּנים זי האָט?
טעריטאָריאַליזם: ווער קוקט היַינטיקע צייַטן אויף אַ פּנים, אויף שיינקייט? דער עיקר אַבי זיי זאָלן זיך צונויפקומען מיט זייערע געדאַנקען, אויסגלייַכן זיך מיט די כאַראַקטערן...
פּאַלעסטינע: איר לעבט אין אַ טעות. ציוניזם איז ביַי מיר איינער, וויל איך אַז זיַין באַשערטע זאָל טאַקע זיַין מיט אַלע מעלות.
טעריטאָריאַליזם: אַלץ אין איינעם איז ביַי גאָט, ניט ביַי קיינעם.
ציוני־ציון: טאַקע זייער אַ גלייַך וואָרט און צום גראַם דערצו; נאָר צו אַ שיין מיידל קומט עס ניט.

זאַנגוויל: איך זאָג אויך דאָס אייגענע...

פּאַלעסטינע: (צו זאַנגווילן) אויב איר זאָגט „אויך דאָס אייגענע”, ווייל איך אײַך בעטן איר זאָלט איר הייסן זיך אויפֿדעקן דאָס פּנים. איר זענט דאָך ניט קיין נאַר, ווי איך זע אַרויס, באַדאַרפֿט איר פֿאַרשטיין, אַז קיין בלינדן אתרוג וועל איך בײַ אײַך ניט קויפֿן...

זאַנגוויל: מיט אתרוגים האַנדלט מען אין ארץ־ישׂראל און מיר פֿאַרנעמען זיך מיט אַלצדינג, נאָר ניט מיט האַנדל... מיר מיינען אַז אונדזער קרובה איז פֿאַר אײַער זון אָנגעמאָסטן; ס'איז אַ זיווג מן־השמים! — גאָט זיצט אויבן און פּאָרט אונטן... מיר זאָגן אײַך פֿאָרויס, אַז שוואַרץ איז זי, אָבער חנעוודיק, ווי אין שיר־השירים שטייט געשריבן: שחורה אני ונאווה...

ציוני־ציון: וואָס זאָגט איר? דאַכט זיך אַ גילוח און האַקט מיט פּסוקים!.. איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל — לאָ! שרײַט זשע, קינדער, לאָ!

זאַנגוויל: למאי זאָלט איר לויפֿן פֿאַר די כּלי־זמר און כאַפּן די לאָקשן פֿאַר די פֿיש? פֿאַרלאָזט זיך שוין בעסער אויפֿן פֿאַרפֿאָלק אַליין, און לאָז דאָס גיין מיט אַ ייִדישן „ממה־נפֿשך”...

טעריטאָריאַליזם: אויף אונדזער לשון השדכנים זאָגן מיר אַזוי: „איז דאָס פֿון מייערן, וועט זיך עס פֿאַרשלייערן; איז דאָס פֿון כריין, וועט זיך עס צעגייז...

ציוני־ציון: (ליאַרעמען) וואָס האָבן מיר זיך אָוועקגעשטעלט דאָ אויסהערן גלײַכע ווערטלעך מיט שיינע גראַמען? ביז וואַנען וועט מען אונדז פֿירן אין בלענ־דעניש? פֿאַרקויפֿן אַ קאַץ אין אַ זאַק?! (מען גייט צו צו אוגאַנדאַ און מען רײַסט איר אַראָפּ דעם שלייער פֿונעם פּנים) זעט נאָר, זעט! וואָס זאָגט איר אויף דער יפֿיפֿיה? אַן אמתע ציגײַנערין!.. (קאָטשן זיך פֿאַר געלעכטער).

פּאַלעסטינע: אַך!.. (פֿאַלט חלשות).

טעריטאָריאַליזם: (לויפֿט אונטער) גאָט איז מיט אײַך!

זאַנגוויל: וואָס איז אײַך, באָבעניו?

ציוני־ציון: (פּילדערן) דעם דאָקטאָר! דעם דאָקטאָר! גיכער! רופֿט אַרײַן דעם דאָקטאָר!

(מען קלינגט. עס קומט אַרײַן מאַקס נאָרדוי).

מאַקס נאָרדוי: (קוקט זיך אַרום) וואָס איז דאָס? וואָס טוט זיך דאָ מיט דער מאַדאַם? וואָס האָט מען איר געזאָגט אַזעלכעס? זי איז אַן אַלטע פֿרוי, אַ

קראַנקע! (גייט צו, מונטערט זי אויף) באַרויִקט אייַך, מאַדאַם!

פּאַלעסטינע: אַך, הער דאָקטאָר! (באַווייַזט אים מיט די אויגן אויף או־גאַנדאַ).

דאָקטאָר נאָרדוי: (צו אוגאַנדאַ) פּרייַלין אוגאַנדאַ?.. אַנטשולדיקן זי!...

ציוני־ציון: (ליאַרעמען) וואָס ווייסט איר? וואָס ווייסט איר? סכּנות־נפּ־שות! מען טאָר דעם שידוך ניט דערלאָזן? איין מאָל פאַר אַלע מאָל לאָ! שרייַט זשע, קינדער, לאָ!

מאַקס נאָרדוי: (צום שדכן און צום קרוב) מייַנע הערן! האָט קיין פּאַראיבל ניט, לאָזט אונדז פּרייַ... איך בעט אייַך, לאָזט אונדז פּרייַ, זי איז אַן אַלטע פּרוי אַ קראַנקע, איר קאָנט זי חלילה טויטן! (אַ שווערע סצענע, דויערט עטלעכע מינוט. ציוניזם קוקט מיט טרויער אויף אוגאַנדאַ. אוגאַנדאַ וואַרפּט אויף ציוניזם אַ לאַנגן ברענענדיקן קוק. דאָס שוואַרצע פּנים אירס גלאַנצט, די באַקן פּלאַמען).

טעריטאָריאַליזם: (ברעכט די הענט) איך האָב אָבער געוווּסט אַז עס וועט אַזוי זייַן! אַן אומגליק מיט די מיוחסים! דערלאַנג זיי די בת־מלכּה! (שרייַט הויך, מען זאָל אים הערן).

ציוני־ציון: (שרייַען נאָך העכער) וואָס הערט איר אים — אים דעם עזות־פּנים! געקומען אַהער צו אונדז קאָמאַנדעווען! מען דאַרף אים געבן דעם וועג! קינדער, נידער מיט אוגאַנדאַ! נידער מיט טעריטאָריאַליזם! (עס ווערט אַ מהומה).

זאַנגוויל: (שטילט איין דעם עולם) נאָר אָן געשריי! שרייַען איז פּונעם גאָרגל, שרייַען קאָנען מיר אויך. צו באַווייַזן אַז מיר מיינען ניט חלילה אָנהענגען אייַך אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז, גייען מיר גלייַך אַוועק פון דאַנען. פאַראַן אַן אַלטער מינהג, פאַרן אַוועקגיין זיך צו זעצן זאָגן אַ גוט וואָרט. איך האָב ליב אַלטע מינהגים. איך בעט נאָר עטלעכע מינוט מיך רויִק אויסהערן. איר מעגט אייַך זייַן ווער איר זייַט, נאָר מען טאָר ניט מיט אַן אורח אַזוי זיך באַגיין, ווי איר באַגייט זיך. ווי אַזוי עס הייסט בייַ אייַך — ווייס איך ניט. אויף אונדזער לשון הייסט עס „אומהעפלעך", דאָס הייסט אַ ביסעלע שווייַנעריש... אמת, מייַן פרייַנד טעריטאָריאַליזם האָט אייַך דעם שידוך פאָרגעשלאָגן. איר האָט דאָך אָבער די כּלה געשיקט רופן. איר האָט דאָך זי אַליין אַראָפּגעבראַכט אַהער. אמת, אייַער בחור איז אַן עין־הרע אַ געראָטענער בחור. מיר ווייסן דאָס אָבער אַלע, וואָס אים פעלט: אים פעלט, האָט קיין פּאַראיבל ניט, אַ פּאָר גאַנצע שטיוול מיט אַ

העמד אויפֿן לײַב. אַ קבצן, זאָגט מען בײַ אונדז, טאָר זיך ניט איבערנעמען, אַ „דל גאה" — דאָס איז אײנער פֿון די דרײַ וואָס גאָט אַליין האָט זיי פֿײַנט. אמת, ציוניזם איז אײַך טײַער, ער איז מיר אָבער, מעגט איר מיר גלייבן באמונות, ניט ווינציקער טײַער ווי אײַך. אין דער קורצער צײַט וואָס איך האָב אים קענען־געלערנט, האָב איך אים ליב געקריגן, ווי אַן אייגענעם. איך האָב מורא, פֿאַרשטייט איר מיך, אַז איר וועט אַזוי וועלן איבערקלויבן, זאָל ער חלילה־וחס ניט פֿאַרזיצן, ניט בלײַבן אַן אַלטער בחור. אמת, די כלה איז שוואַרצלעך אויפֿן קאָליר. פֿאַרגעסט אָבער ניט וואָס פֿאַר אַ גליק עס דערוואַרט אײַער חתן דאָרט אויף דעם נײַעם אָרט. ער וועט דאָך זײַן דאָרטן געהויכט און געקרוינט. ער וועט אויספּירן, ווי מען זאָגט, דאָס טעלערל פֿונעם הימל. ער וועט קומען נאָך דעם צו אײַך צו פֿאָרן אַ זאַטער, אַן אויסגערוטער, אַן אויסגעפּוצטער, אַ נײַ־געבוירענער, אַ פֿרישער מענטש! פֿאַר־געסט נאָר ניט וווּהין ער פֿאָלט אַרײַן, אין וואָסערע הענט! — דאָס איז דאָך עפּעס ניט קיין יאַכנע־סאָסי פֿונעם מאַרק; דאָס איז דאָך די ענגלישע מומע אַליין!..

צ י ו נ י ־ צ י ו ן: (מיט אַ מוראדיקן רעש) אַ טײַערער אַנטיק! מיר האָבן אַליין אַ רײַכע מומע, הייסט זי ייִק"אַ... מיר ווייסן אָבער דעם טעם פֿון די רײַכע מומעס! קינדער, נידער מיט די רײַכע מומעס!.. און אונדז זאָל גאָט העלפֿן אַליין, איט־לעכן בײַ זײַנעם! אַהיים, חתן, אַהיים, צוריק, צו דער אַלטער מאַמע! עס לעבט די אַלטע מאַמע! הידד!!!

ז אַ נ ג ו ו י ל: (מיט פֿײַער) געדענקט זשע, איר זאָלט קיין חרטה ניט האָבן! זעט מ'זאָל אויף אײַך ניט טײַטן מיט די פֿינגער, חלילה ניט זאָגן דעם פּסוק: „אבן מאסו הבונים" — אומזיסט האָט איר פֿאַרמיאוסט דעם ווינקלשטיין! אומזיסט־אומנישט האָט איר אײַער גליק פֿאַרשפּילט!.. יאָ, מיר שיידן זיך, מיר גייען אַוועק נאָר איך האָף, אַז ניט אויף שטענדיק. איך האָף אַז מיר וועלן זיך נאָך זען... אויף ווידערזען!

צ י ו נ י ־ צ י ו ן: (מיט קולי־קולות) בשם אלוקי ישׂראל — לאָז דער קרענקען, וועד ס'וועט נאָך אײַך בענקען!.. (טעריטאָריאַליזם קלאַפּט מיטן שטעקל איבערן טיש, זויל עפּעס זאָגן, לאָזט מען ניט. עס פֿליִען אין דער לופֿטן אַ פּאָר היטלען מיט אַ פּיסל פֿון אַ בענקל. עס קומט אַרײַן דער שווייצער פֿון דער אַכסניה, שרײַט, מאַכט מיט די הענט, ס'זאָל זײַן שטיל, אַניט וועט מען זיי בעטן פֿון דאַנען מחילה... נאָר קיינער הערט אים ניט, ס'איז אַ שרעקלעכע מהומה).

— פֿ אַ ל ע ס ט י נ ע: (וויינט) אַ חרפּה, אַ בושה פֿאַר לײַטן... יענער דאָקטאָר — הערצל — זאָל איצט לעבן, וואָלט ער ניט דערלאָזט צו אַזעלכע סקאַנדאַלן...

**פ ע ל י ע ט אָ נ ע ן**

(חלשט, דער דאָקטאָר נאָרדוי מונטערט זי, שפּריצט אויף איר אָדעקאָלאָן. זי כאַפּט זיך אויף, עס הערט זיך אַ געזאַנג: „עוֹ־ד לא אבדה תקוו־ת־נו"...

מיר הייבן די הענט
צו מיזרח און שווערן
ביַי ציון, איר פֿאָן,
ביַי דער הייליקער ערד!...

(דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט)

דרוסקעניק, יולי 1905.

# דער בעזעם און די באַרשט

## אַ מעשׂה פֿונעם חדר אין צוויי טיילן, ספּעציעל געשריבן לכבוד דעם „בעזעם"

### ערשטער טייל

### אַ באַרשט אַנשטאָט בעזעם

דער רבי נפֿתּלי זאָל מאריך־ימים־ושנים זײַן — ער לעבט נאָך — איז געווען אַ מענטשל פֿון דער אַלטער וועלט. ער האָט געוווּסט, אַז אַ שטוב דאַרף האָבן אַ בעזעם, פּונקט אַזוי ווי דער געוויסער חלק פֿון אַ חדר־ייִנגל דאַרף האָבן אַ קאַנטשיק, אָדער פּונקט אַזוי ווי אַ הונט להבדיל דאַרף האָבן אַ שטעקן, ווי אַ קאָפּ — אַ יאַרמלקע, אַ טעפּל — אַ פּאָקרישקע, ווי אַ ייִד — געלט, ווי פֿיש — כריין, ווי אַ קאָזאַק — אַ טרונק בראָנפֿן, ווי דער „ערשטער בעזעם" — אַ פֿעליעטאָן פֿון שלום־עליכם... עס קאָן אַנדערש ניט זײַן און עס דאַרף אַנדערש ניט זײַן און עס וועט אַנדערש ניט זײַן! אַזוי האָט געפּסקנט דער רבי נפֿתּלי. נאָר גיי מאַך מיט אַ ייִדענע! די רביצין ראַצל האָט זיך אײַנגעשפּאַרט — זי וויל אַ באַרשט! הײַנט איז אַ מאָדע — אַ באַרשט. אַלע שכנהטעס האָבן בערשט, וויל זי אויך אַ באַרשט! אַרויפֿגעפֿירט דערויף האָבן זי (איך מוז אײַך אויסזאָגן דעם גאַנצן אמת) מיר, ווײַסע־חברהניקעס, די חדר־ייִנגלעך. דער בעזעם האָט זיך אונדז שוין צו שטאַרק צוגעגעסן. צו אָפֿט האָט דער רבי געצויגן פֿון דאָרטן ריטלעך פֿון אונדזער כּבוד וועגן. קורץ — דאָס האָבן מיר זי אונטער־געדרודלט, אַלע מאָל שטילערהייט, דער רבי זאָל ניט הערן: „רביצין! וואָס טויג אײַך דער בעזעם? דער בעזעם — פֿע! אַ באַרשט! וואַרפֿט אַרויס דעם בעזעם און קויפֿט אַ באַרשט!.." אַזוי לאַנג אַזוי ברייט ביז די רביצין האָט זיך גענומען צום רבין, עסן און טאָטשען, פֿידלען און זידלען, ווי אַ ווײַב קען. דער רבי האָט זיך געפֿרוּווט מיט גוטן, געפּרוּווט מיט בייזן — עס העלפֿט ניט.

— ייִדענע! — האָט ער איר געזאָגט, — באַרעכן זיך וואָס דו טוסט. נעמסט אַזאַ גאָלד, אַזאַ בריליאַנט און בײַטסט אים אויס אויף דער רוח ווייסט וואָס! פֿון אַ בעזעם האָסטו נוצן, פֿון אַ באַרשט וועסטו האָבן צרות. ראשית, ווילסטו אויסקערן די שטוב, — טונקסטו אײַן דעם בעזעם אין אַ פּאָמויניצע און פֿאַרטיק. אַ באַרשט וועט זיך ניט לאָזן טונקען אין קיין פּאָמויניצע. ווילסט אַרויסטרײַבן

אַ הונט, אַ חזיר, הייבסטו אויף דעם בעזעם — וואָן! אַ טשו! — פֿאַרטיק. וואָס וועסטו מאַכן מיט אַ באַרשט? מיט וועלכער זײַט וועסטו מאַכן קונצן? אַ באַרשט איז ווי אַ קאָטשערע: טרעטסטו אָן אויף איר — דערלאַנגט זי דיר צוריק. הײַנט ווו בין איך אַליין? (דאָ צעהיצט זיך שוין דער רבי און די אויגן ווערן מלאָווע.) איך דאַרף אַ מאָל אַ ריטל, אָפּשמײַסן אַ ווײַסן־חברהניק, גיי איך מיר צום בע־זעם — ריטלעך אַ גן־עדן! אַנו, פּרווו די ריטלעך פֿון אַ באַרשט?

די רביצין האָט זיך אָבער אַרײַנגעגומען אין קאָפּ: איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל — אויס בעזעם! (געווײנטלעך האָבן מיר, ווײַסע־חברהניקעס, געאַרבעט פֿון אונטן.) זי וועט אים, זאָגט זי, אַרויסוואַרפֿן צו אַל די שוואַרצע יאָר אויפֿן מיסט און וועט בלײַבן אָן אַ בעזעם און אָן אַ באַרשט — און רוף מיך קנאַקניסל! — אַ גאַנצע רעוואָלוציע.

האָט זיך מישב געווען דער רבי און רופֿט זיך אָן צו איר:

— ווייסט דו וואָס, מײַן ווײַב? דו ווילסט אַ באַרשט? איך זאָג שוין לאַנג אַ באַרשט. קויף אַ באַרשט. נאָר מיט אַ תּנאַי: דעם בעזעם טראָג אַרויף זײַ מוחל אויפֿן בוידעם. לאָז ער ליגן דאָרט בשלום. אַ קשיא אויף אַ מעשׂה, ער קאָן אַ מאָל צו ניץ קומען...

צווייטער טייל

## אויס באַרשט — צוריק בעזעם

געבראַכט צו טראָגן אַהיים די באַרשט, האָט אונדזער רביצינס פּנים געשײַנט ווי אַ זילבערנע מנורה. זי האָט זיך באַרימט פֿאַר אַלע שכנים, באַקומען קרעדיט אין קלייטל, אין יאַטקע; אַ קלייניקייט — אַ בעל־הביתטע מיט אַ באַרשט! זי האָט גאָרניט געוווּסט, ווו זאָל זי אַוועקשטעלן אַזאַ טײַערן גאַסט? אויסקערן די שטוב שמועסט מען ניט; ס׳אַן עבירה! און אגב האָבן זיך איר טאַקע ניט געלייגט די הענט. אירע הענט זענען געווינט צו אַ בעזעם. דאָך האָט זי געבעטן בײַ דער באַרשט מחילה, זי זאָל זיך מטריח זײַן מיט איר אַ ביסל צווישן בעט און אונטערן בעט, צווישן אויוון און אונטערן אויוון, און אַז זי האָט אַוועקגע־שטעלט צוריק די באַרשט, איז די רביצין געווען עפּעס מאָדנע רויט אויף דער מראה און דאָס פּנים האָט געשוויצט. זי איז געווען אומצופֿרידן, שטאַרק אומ־צופֿרידן. דער רבי האָט געזען, אַז די רביצין איז לאַ־עליכמדיק; נאָר ער האָט זיך געמאַכט כּלאַ־ידעו, געקוקט אויף דער ערד, געשאַרט מיט די פּאַנטאָפֿל און געוואָרטשעט אונטער דער נאָז:

— פֿאַר וואָס פֿאַרקערט מען ניט דאָס מיסט? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ הקדש אָט אָ דאָ?

די רביצין האָט געמוזט נעמען נאָך אַ מאָל די באַרשט און מאַכן אַ נײַע רעפּעראַציע. און ווי אויף צו להכעיס טראָגט אָן דער רוח אַ הונט און כאַפּט אויס דעם לעבער און איידער די רביצין קוקט זיך אַרום, שטייט אַ חזיר און כלעפּטשעט פֿון דער פּאָמויניצע — אַן אָנשיקעניש פֿון גאָט!.. און די רביצין האָט זיך צעלאָזט צום הונט מיט דער באַרשט, געוואָלט אויסלאָזן כּל המיתה אויפֿן חזיר, טראַף מיט דער באַרשט און גלײַך אין פֿענצטער, אויסגעזעצט אַ שויב און פֿאַרבײַגייענדיק צעבראָכן אויך אַ טעלער. די שויב מיטן טעלער האָבן זי אַזוי צעקאָכט, אַז זי האָט שוין פֿאַרגעסן להבדיל אינעם חזיר, און דער חזיר האָט פֿאַרגעסן להבדיל אין דער רביצין און ער האָט זיך געכלעפּטשעט פֿון דער פּאָמויניצע ווי אַ יוסטער בעל־הבית.

דער רבי נפֿתּלי זאָל מאריך־ימים־ושנים זײַן — ער לעבט נאָך — האָט דאָס אַלצדינג געזען און געמאַכט זיך כּלא־ידע. ער האָט זיך געטראַכט: „לאַנג לעבן זאָל דער חזיר". פֿאַר האַרצוויטיק, וואָס דער רבי שווײַגט, האָט די רביצין גע־געבן אַ שטעל אַוועק די באַרשט אין ווינקל צו דער וואַנט און געכאַפּט אַ גע־שמאַקן קלאַפּ אין שטערן, טאַקע פֿון דער באַרשט אַליין.

דאָ האָט זי זיך שוין מער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און האָט אַ ווײַז געטאָן דעם רבין מיטן פֿינגער גלײַך אויף אונדז:

— דאָס וואַקסט פֿון זיי, פֿון אָט די ווערוריקעס, ממזרים! מען דאַרף זיי געבן צו פֿאַרזוכן פֿונעם אַלטן בעזעם...

איבערגעביטן האָבן זיך דעם רבינס אויגן. אונדז האָט ער ניט געזאָגט דאָס צווייטע וואָרט. ער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף אונדז און אַ ווונק געגעבן צו דער רביצין מיט זײַנע ברעמען. און די רביצין האָט אים רעכט פֿאַרשטאַנען. זי איז באַלד מחילה אַרויף אויפֿן בוידעם, אַראָפּגעבראַכט צוריק דעם אַלטן בעזעם, און דער רבי האָט זיך מטריח געווען, אויסגעקליבן אַ פּאָר אַלטע, נאָר גוטע ריטלעך, אויסגעלייגט אונדז איינציקווײַז און דווקא מיט גוטן מוט אונדז אַרײַנגעצימבלט, ווי עס קערט צו זײַן. צימבלענדיק האָט ער אונדז זייער פֿרײַנד־לעך אויסגעפֿרעגט, מיר זאָלן אים זאָגן אויפֿריכטיק, דעם ריינעם אמת, אַזוי ווי מיר, קינדער, האָבן ליב:

— וואָס איז בעסער — אַ נײַע באַרשט, צי אַן אַלטער בעזעם?..

1908

# אײַנגעמאַכטס

## אַ מעשׂה שהיה

### א

אונדזער רבי נפֿתּלי זאָל מאריך־ימים־ושנים זײַן — ער לעבט נאָך — איז געווען דער גרעסטער מלמד. ער האָט אַליין ניט געוווּסט, וויפֿל תּלמידים עס געפֿינען זיך בײַ אים אין חדר. דאָס האָבן געוווּסט זײַנע באַהעלפֿערס, ניט ער. זײַן זאַך איז געווען קנעלן און שמײַסן, שמײַסן און קנעלן, און נעמען שׂכר־לימוד. אַ מאָל האָט זיך געמאַכט, ער האָט באַגעגנט אַ ייִנגל אין גאַס:

— ייִנגעלע, בײַ וועמען לערנסט דו?

— בײַ אײַך, בײַם רבין נפֿתּלי.

— גיי אַהיים און זאָג דעם טאַטן — שׂכר־לימוד.

ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס ייִנגל וואָס האָט געבראַכט שׂכר־לימוד, איז געווען אַ גוט ייִנגל, און דאָס ייִנגל וואָס האָט ניט געבראַכט קיין שׂכר־לימוד, איז ניט געווען קיין גוט ייִנגל.

איינער פֿון די ניט גוטע ייִנגלעך איז געווען — איך געדענק אים אַזוי ווי הײַנט — אַן אָרעמאַנס אַ ייִנגל, וואָס האָט געהייסן יענקל, ניט געקאָנט אויסריידן קיין קוף, געטראָגן צעריסענע הייזלעך, געווען אַ יתום און אַ שלימזל, און דערפֿאַר איז ער געווען דאָס כּפּרה־הינדל בײַ אונדז אַלעמען און בײַם רבין אַוודאי.

איין מאָל טוט אים דער רבי אַ כאַפּ:

— הער נאַר, דו! שׂכר־לימוד האָסטו געבראַכט, צי ניין?

— ניין. איך האָב ניט געבראַכט מײַן שׂכר־לימוד.

— פֿאַר וואָס האָסטו ניט געבראַכט קיין שׂכר־לימוד?

— ווײַל די מאַמע האָט מיר ניט דעדעבן.

— פֿאַר וואָס האָט דיר די מאַמע ניט געגעבן?

— די מאַמע האָט מיר ניט דעדעבן, ווײַל זי האָט ניט טײַן דעלט.

— אַזוי? זי האָט ניט קיין געלט? לאָז זשע אַראָפּ די צעריסענע הייזלעך דײַנע און לייג זיך זײַ מוחל אַנידער אויף דער פֿליישיקער באַנק, וועל איך דיך אָפּשמײַסן.

ב

אָפּשמייסן איז ביים רבין געווען אַזאַ געוויינטלעכע זאַך, ווי אָפּעסן. אַן כּעס, אָן אַ שום אויפֿרעגונג, יאָ געווען פֿאַר וואָס, ניט געווען פֿאַר וואָס, — גענומען אַניִדערגעלייגט און אָפּגעשמיסן. מען שמייסט דאָך ניט אין פּנים, מען שמייסט דאָך אין אַזאַ אָרט, וואָס וועט ניט האָבן קיין פֿאַראיבל, און טאָמער טוט אַ ביסל וויי, איז אויך נישקשה: ביז דער חתונה וועט זיך פֿאַרהיילן.

אַזוי האָט געזאָגט דער רבי. מיר, ייִנגלעך אָבער, האָבן געהאַט וועגן דעם אַן אַנדער מיינונג. אונדז האָט אָט דאָס שמייסן צוגעגעסן זיך. ניט אַזוי דער ווייטיק, ווי דער בזיון. מיר האָבן אָנגעהויבן אונטערוואַקסן, געוואָרן גרויסע ייִנגלעך, אייניקע פֿון אונדז זענען שוין געווען חתנים, באַקומען זייגערס אַ מתּנה — וואָס איז פֿאַר אַן עובדא, אין מיטן העלן טאָג זיך אויסציִען אויף דער פֿלייִשיקער באַנק און נאָ, שמייס מיך? מען דאַרף פּרווון אַ מאָל ניט לאָזן זיך, מיר ווילן ניט געשמיסן זיין — און טוט אונדז עפּעס: אַזוי האָבן געזאָגט די עלטערע ייִנגלעך, די חתנים מיט די זייגערס, צו אונדז, קליינוואַרג.

— קינדער! איר זאָלט זיך ניט לאָזן שמייסן! אַז מען וועט אייך הייסן לייגן זיך אויף דער פֿלייִשיקער באַנק, זאָלט איר ניט לייגן זיך! איר הערט, וואָס מען רעדט צו ב׳אייך?

— מיר הערן! מיר הערן!

— מיר הערן איז קאַרג. מען דאַרף פֿאָלגן וואָס עלטערע זאָגן.

— מיר פֿאָלגן! מיר פֿאָלגן!

— מיר פֿאָלגן איז קאַרג. מען דאַרף שווערן.

— מיר שווערן! מיר שווערן!

— געדענקט זשע: ניט פֿאָלגן דעם רבין.

— ניט פֿאָלגן דעם רבין.

— ניט שפּיליען קיין הויזן.

— ניט שפּיליען קיין הויזן.

— ניט לייגן זיך אויף דער פֿלייִשיקער באַנק.

— ניט לייגן זיך אויף דער פֿלייִשיקער באַנק.

— ניט געבן קיין...

ג

דאָ קומט אָן דער רבי און צעשלאָגט די שׂימחה.

נאָך ביַים לערנען מיט אונדז די סדרה („בלק" איז געגאַנגען) האָט דער רבי אַרויסגעזען, אַז מיט אונדז איז ניט פֿריילעך. האָט ער זיך גענומען צום קאַנטשיק און געהייסן איינעם פֿון אונדז אַרויס פֿון טיש. יענער רירט זיך ניט. געהייסן דעם אַנדערן — יענער רירט זיך ניט. דעם דריטן, דעם פֿערטן, דעם פֿינפֿטן, דעם זעקסטן און אַזוי וויַיטער, קיינער רירט זיך ניט פֿון אָרט.

— וואָס זשע? איר האָט זיך אָנגערעדט אַ פּנים, שקצים, ניט פֿאָלגן דעם רבין?

מיר שוויַיגן.

— איר האָט געמאַכט יד־אחת קעגן איַיער רבין?

מיר שוויַיגן.

— ווער האָט איַיך אַרויפֿגעפֿירט דערויף? פֿון וועמען וואַקסט עס?

מיר שוויַיגן, מיר שוויַיגן, מיר שוויַיגן.

דער רבי האָט אַ קראַץ געטאָן דעם שטערן, זיך דורכגעשפּאַצירט אַ פּאָר מאָל הין און צוריק איבערן חדר, פֿאַרביסן אַ ליפּ און אַוועקגעזעצט זיך מיט אונדז לערנען „בלק". נאָכן לערנען האָט ער אונדז אָפּגעלאָזט אַהיים ביז מאָרגן, און מיר זענען אַוועק צופֿרידענע, גליקלעכע, לעבעדיק און פֿריילעך!

ד

אויף מאָרגן, אַז מיר זענען געקומען אין חדר אַריַין, פֿריַיטיק איז דאָס געווען, האָבן מיר געטראָפֿן דעם רבין זיצן ביַים טיש מיט זיַין גוטן פֿריַינד רב וועלוול און סודען זיך. ביידע האָבן אויסגעזען עפּעס האָפֿערדיק. רב וועלוול איז דעם רבי נפֿתּלים אַ גוטער פֿריַינד, אַ שכן און אַ בעל־יועץ און גלאַט אַ חכם. דערזען אונדז אַריַינקומען, האָט זיך רב וועלוול אויפֿגעהויבן אַוועקצוגיין און אָנגערופֿן צום רבין:

— געדענק זשע נפֿתּלי, וואָס דו האָסט צו טאָן!.. אַ גוטן.

אָפּגעלערנט מיט אונדז אויף איין פֿוס, מאַכט צו אונדז דער רבי עפּעס מאָדנע ווייך, ווי קיין מאָל ניט:

— קינדער! איך האָב מיך מישב געווען מיט מיַין גוטן פֿריַינד וועלוול — ער איז אויך אַ רבי — און האָב מיך איבערגעלייגט, אַז איר האָט רעכט. שמיַיסן איז אַן אַלטער מינהג פֿון פֿאַרציַיטן. איַיך קומט אַ קניפּ אין בעקל. איַיך קומט כּבוד. דאָס הייסט, ניט איַיך אַלעמען, נאָר די וועלכע האָבן איַיך דערויף אַרויפֿגעפֿירט, וועלכע האָבן איַיך געעפֿנט די אויגן. אם־ירצה־השם מאָרגן האָבן מיר

שבת. קומט צו מיר תיכּף נאָכן טיש, וועלן מיר אײַך געבן כּיבוד. וואָס האָט איר ליב?

— אײַנגעמאַכטס! — האָבן מיר אויסגעשריגן כּמעט אַלע אין איין קול, און דער רבי האָט זיך איבערגעקוקט מיט דער רביצין, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צײַט אָן אַ זײַט, אַראָפּגעלאָזט די אויגן אַראָפּ, ווי אַ צנועה, און דער רבי האָט אַ זאָג געטאָן צו אונדז:

— אײַנגעמאַכטס? מהיכא־תּיתי. קומט אם־ירצה־השם מאָרגן, וועט מען אײַך געבן אײַנגעמאַכטס... נאָר למען־השם, פֿאַרגעסט ניט, שקצים, וואָס מיר האָבן גערעדט: קומען דאַרפֿן נאָר די, וואָס זענען די ערשטע געפֿאַלן אויף דער המצאה פֿון ניט לאָזן זיך שמײַסן. איר פֿאַרשטייט, וואָס מען רעדט צו אײַך?

— מיר פֿאַרשטייען! פֿאַר וואָס זאָלן מיר ניט פֿאַרשטיין?!

אַזוי האָבן מיר אויסגעשריגן אַלע אין איין קול און האָבן זיך מיט געזאַנג און מיט טענץ געלאָזט אַהיים, געשפּרונגען איבער קעפּ און געפּלאַסקעט איינס דאָס אַנדערע אין די פּלייצעס.

ה

ס׳איז איבעריק צו באַשרײַבן, וואָס אין דער היים האָט זיך געטאָן צווישן אונדז, חדר־ייִנגלעך. אַלע האָבן געוואָלט אײַנגעמאַכטס. אַפֿילו דער שלימזלדיקער יתום יענקל האָט געטענהט, אַז אים „טומט מער אײַנדעמאַכטס פֿון אַלעמען", וואָרעם ער איז געווען, זאָגט ער, דער ערשטער, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט שמײַסן. עס האָט ניט געהאָלפֿן, מען האָט געמוזט דעם שלימזל יענקל אויך נעמען אין קאָן אַרײַן, און מיר זענען געקומען שבת נאָכן טיש צום רבין אַהיים עסן אײַנגעמאַכטס, ניט אַלע, נאָר די רעכטע ווײַסע־חברהניקעס, סך־הכּל אַרום און אַרום, איך געדענק עס ווי הײַנט, הונדערט ניַין און זעכציק שטיק.

דער רבי נפֿתּלי זאָל מאריך־ימים־ושנים זײַן — ער לעבט נאָך — האָט אונדז אויפֿגענומען מיט אַ שבתדיק פּנים, אין אַ שבתדיקער קאַפּאָטע און מיט אַ ברייטן גוט־שבת! ביַי דער זײַט איז געשטאַנען די רביצין מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי אַ צנועה, און ביַי דער טיר זענען געשטאַנען די באַהעלפֿערס, מיט מאָדנע רויטע פּנימער, און האָבן איבערגעקוקט זיך עפּעס זייער ממזריש מיט גנבישע אויגן. און צווישן אונדז מיטן רבין האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ מין גע־שפּרעך:

— וויפֿל זענט איר דאָ אַרום און אַרום חברה־פּלעצל?

— הונדערט ניַין און זעכציק שטיק.

— אַלע פֿון די ערשטע, פֿון די אמתע ווײַסע־חברהניקעס?

— אַלע איינס אין איינס!

— געפֿינען זיך ניט צווישן אײַך קיין נאָכשלעפּערס, וואָס זענען גלאַט נאָכ־געגאַנגען?

— אַפֿילו איינער ניט!

— געפֿינען זיך ניט צווישן אײַך אַזעלכע וואָס האָבן חרטה אויף דער מעשׂה?

— זאָל גאָט היטן!

— אָט באַלד וועט מען אײַך געבן אײַנגעמאַכטס.

און דער רבי האָט אַ ווונק געגעבן צו די באַהעלפֿערס, און די באַהעלפֿערס — פֿאַרכאַפּט זאָלן זיי ווערן — האָבן זיך ווי די מלאכי־חבלה געגעבן אַ לאָז צו אונדז פֿון אַלע זײַטן, און זיי האָבן אונדז געגעבן אַ לייג אַוועק אויף דער ערד, און ס'איז אויסגעוואַקסן בײַ זיי קאַנטשיקעס, דער רוח זאָל זיי וויסן פֿון וואַנען, און די קאַנטשיקעס האָבן גענומען זיך לייגן פֿאַסנווײַז אויף דעם זעלביקן חלק וואָס אַלע מאָל, און מיר האָבן דערפֿילט דעם טעם פֿון אײַנגעמאַכטס.

1908

# פינף אותיות

**דער קירצסטער ראָמאַן אין דער וועלט, געשריבן אין דריי טיילן מיט אַן עפּילאָג און מיט אַ רעטעניש* אויפן אַמעריקאַנישן שניט, ספּעציעל פאַרן „לאָדזשער טאָגבלאַט".**

### ערשטער טייל

זי איז געווען ניט אַזוי שיין ווי רייצנד, און ניט אַזוי רייצנד ווי גלענצנד, גרויס און מעכטיק. מיט איר אומבאַגרייפלעכן כוח האָט זי באַצויבערט מענטשן, אַרויפגעפירט אויף בייזע מחשבות, אַלץ איז פאַר איר נאָמען געפאַלן, געפאַלן, צווישן די פילע בעלנים, וואָס האָבן זי געזוכט, איז דזשעק דעוויסאָן געווען דער גליקלעכסטער פּרעטענדענט... ער איז געווען נענטער צו איר ווי אַלע, ווייל ער איז געווען אַן אייגענער. פילע, פילע נעכט האָט ער געטרוימט פון איר... עס איז אים שווער געווען צו וואַרטן אַן איבעריקן טאָג... ער איז אומגעגאַנגען ווי אַ פאַרשיכורטער, ווי אַ דולער... ער האָט זיך געזאָגט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: **זי מוז זיין מיינע!..** און דזשעק דעוויסאָן האָט זיך אַוועקגעזעצט און האָט אָנגעשריבן צו זיין רייכן, קאַרגן, אַלטן פעטער סעם דעוויסאָן אין ניו־יאָרק, אויף פיפט עווועניו, אַ בריוועלע:

„ליבער אָנקל סעם!

איך האָב מיר גענומען וואַקיישאָן (אורלויב) אויף אַ קורצע צייט און וויל אייך מאַכן אַ באַזוך. איך האָף איר זענט אָלרייט.

דזשעק דעוויסאָן".

דערויף האָט דזשעק דעוויסאָן באַקומען פון זיין אַלטן, קאַרגן, רייכן פעטער אַ קלאָרע תשובה:

„ליבער נעפּפּע דזשעק!

אויב נאָר ניט וועגן געלט, איז אָלרייט.

סעם דעוויסאָן".

---

* דאָס רעטעניש באַשטייט אין דעם, אַז דער לעזער דאַרף אַליין טרעפן דעם נאָמען פון דער העלדין. די ערשטע זעקס פּערזאָנען וועלכע וועלן טרעפן, באַקומען פון דער רעדאַקציע „לאָדזשער טאָגבלאַט" אַ פאָטאָגראַפיע שלום־עליכמס מיט זיין אייגענער אונטערשריפט; זייערע נעמען וועלן מיר פאַרעפנטלעכן אין דער צייטונג.

## צ ו ו י י ט ע ר ט י י ל

ביי אַ רייַך געדעקטן טיש, ביי אַ גלעזל גראָג זענען געזעסן דזשעק דעוויסאָן, רויט ווי אַ צוויק, און זיין רייַכער, קאַרגער, אַלטער פֿעטער סעם דעוויסאָן, בלוי ווי אַ מילץ. געזעסן און געטרונקען און געשמועסט... דער אַלטער, רייַכער, קאַרגער אָנקל סעם דעוויסאָן איז געווען בגילופֿין, אונטערן גלעזל... ער האָט געזאָגט צום אָרעמען פּלימעניק מיט אַ האַלב־פֿאַרשיכורט געלעכטערל:

—נאָך אַ גלעזעלע, הע־הע?... גלייב מיר, דזשעק, איך ווייס וואָס דו ביסט געקומען... דו ווערסט מיך נישט נאַרן; איך קען דיך דורך און דורך... ניט די הגדה מיינסטו, דו מיינסט די... הע־הע! — בלאָטע! דו ווערסט זי ניט נעמען, דזשעק. פֿאַר וואָס? ווייַל איך וועל זי דיר ניט געבן... פּשוט, ניט געבן... דו ביסט זי ניט ווערט!.. איצט זאָגסטו מיר צו גאָלדענע בערג, אַז דו ווערסט זי אָפּהיטן ווי דאָס שוואַרצאַפּל פֿונעם אויג... ס'אַ ליגן! לאָז דער אָנקל סעם צומאַכן אַן אויג — ער איז שוין אַלט — אַזוי האָסט דו שוין פֿאַרגעסן! לאָז זי נאָר אַרייַנפֿאַלן צו דיר אין די הענט — פֿי! פֿי! פֿאַ!.. רעד גאָרניט, דזשעק, איך קען דיך! צו יונג ביסטו און לייַכטזיניק... צו פֿרי האָסטו אָנגעהויבן לעבן... צו פֿרי!.. עס קאָן זיין, דו ביסט אַזוי פֿיל ניט שולדיק וויפֿל די, וואָס האָבן דיך דערצויגן... מען האָט דיך דערצויגן צו געניסן פֿונעם גרייטן, גלייַך פֿונעם „עץ־החיים" — כע־כע, נאָך איידער דו האָסט געגאַסן פֿונעם „עץ־הדעת"... לעבן ווילט זיך אייַך, לעבן!.. איך ווייס צוליב וועמען דו ביסט געקומען.. פֿאַרגעס אָן איר דזשעק און עס דיר ניט אָפּ דאָס האַרץ, ווי שלמה המלך זאָגט אין „קהלת": הבל־הבלים הכל, הכל, דער טייַטש איז — ווערסט אפֿשר נעמען נאָך אַ גלעזעלע, כע־כע?..

## ד ר י ט ע ר ט י י ל

העכסט אויפֿגערעגט, ווי אַ ווילדע חיה אין אַ שטייַג, שפּאַצירט אַרום אונדזער העלד הין און צוריק. ער כאַפּט זיך ביים קאָפּ און רעדט צו זיך אַליין:

— דזשעק, וואָס האָסט דו געטאָן? וואָס האָסט דו געטאָן? ביסט אַ רוצח, דזשעק! — אַ מערדער, אַ מערדער, אַ מערדער!!

עס גייט איבער אַ מינוט. ער פֿאַלט צו מיטן פּנים צום טיש. דאָס קול ציטערט; ער רעדט שטיל און טרערן, ווי רעגן־טראָפּנס, קאַפּען, קאַפּען... און ער זאָגט צו זיך אַליין שטיל, קוים וואָס די ליפּן שעפּטשען:

— איצט איז זי מײַנע! מײַנע!! מײַנע!!!

און דזשעק זעצט זיך אַוועק צום טיש און שרײַבט אַ בריוו צו זײַן אַלטער מוטער:

„טײַערע מאַמע!

בעט גאָט פֿאַר דײַן דזשעק — ער איז באַגאַנגען אַ שרעקלעכן פֿאַרברעכן... מוטער! איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט!.. ווי ציניש ער האָט אונדז אויסגעלאַכט, מיך און דיך, אונדז אַלע!.. איך האָב געמוזט, איך האָב געמוזט!.. עס איז מיר געראָטן — זי איז מײַנע!.. איך דאַרף ברענגען אין אָרדענונג די פּאַפּירן — און זי איז מײַנע!.. וואַרט מיר צו אַ פּאָר טעג — און איך קום מיט איר צו פֿאָרן, און וועל פֿאַלן פֿאַר דיר, מוטער, און וועל דיר קושן די פֿיס, און וועל וויינען פֿאַר דיר, וויינען, וויינען, וויינען! — און דו וועסט מוחל זײַן דײַן זון, דײַן אומגליקלעך־גליקלעכן

דזשעק".

און דזשעק לייענט איבער דעם בריוו נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, און טרערן פֿון זײַנע אויגן, ווי רעגן־טראָפּנס, קאַפּען אויפֿן פּאַפּיר, קאַפּען, קאַפּען...

## עפּילאָג

אַרויסגענומען פֿון די ניו־יאָרקער צײַטונגען:

„שרעקלעכע געהיימעניש!! מאָרד אָדער זעלבסטמאָרד!!

אויף די פֿיפֿט עוועניו 000 האָט מען היינט געפֿונען אין זײַן וווינונג דעם געוויסן מיליאָנער סעם דעוויסאָן אַ טויטן. די ערשטע אויספֿאָרשונג באַווײַזט, אַז ער איז פֿון אַ שרעקלעכן סם פֿאַרגיפֿטעט. דערווײַל האָט מען פֿאַרהאַלטן זײַנעם אַ נעפֿפֿע, וואָס איז מיט אַ קורצער צײַט צוריק געקומען פֿון דער קאַנטרי מיט אַ באַזוך. מען האָט בײַ אים געפֿונען פֿאַלשע דאָקומענטן און קאָמפּראָמיטירנדיקע בריוו... מען מיינט אין מאָרד זאָל זײַן פֿאַרמישט אַ פֿרויענצימער... דער נאָמען פֿונעם מערדער איז דזשעק דעוויסאָן, 21 יאָר אַלט. געבוירערע אויסקינפֿטן מאָרגן".

## ענדע

אָנמערקונג פֿון דער רעדאַקציע: איצט פֿרעגט זיך: ווי אַזוי איז דער נאָמען פֿון דער, צוליב וועלכער דער יונגער דזשעק האָט געסמט זײַן רײַכן, קאַרגן, אַלטן פֿעטער? אום צו פֿאַרלײַכטערן דאָס רעטעניש, קומען מיר די לעזער צו הילף און מאַכן אויפֿמערקזאַם, אַז דער נאָמען באַשטייט פֿון פֿינף אותיות.

# איבער אַ נאָמען

## א

## איך גיי אַרויסגעבן אַ צײַטונג

אַרויסגעבן אַ צײַטונג, אַן אייגענע יידישע צײַטונג, זײַן אַ רעדאַקטאָר פֿון אַ זשורנאַל — דאָס איז געווען מײַן אידעאַל, איך האָב מורא, אויב ניט פֿונעם ערשטן יאָר וואָס איך האָב אָנגעהויבן צו שרײַבן.

דער אידעאַל איז, מיין איך, דער ווונטש פֿון אַלע מײַנע קאָלעגן, די עלטערע און די יינגערע.

עס איז אַזוי באַטירלעך, ווי דער ווונטש פֿון אַ דינסט צו ווערן אַ ווירטין, אָדער פֿון אַ געזעלן צו זײַן בעל־בית פֿאַר זיך. יעדער אַרבעטער וואָלט וועלן וואָס גיכער זײַן אַ פֿאַבריקאַנט, און יעדער פֿרײַער בירגער חלומט, אַז ער קאָן נאָך אַ מאָל זײַן אַ פּרעזידענט.

מעגלעך, אַז משיח וועט קומען, וועלן אַלע דינסטמיידלעך ווערן ווירטינס, אַלע געזעלן וועלן זײַן בעלי־בתים, אַלע אַרבעטערס — פֿאַבריקאַנטן, אַלע בירגערס — פּרעזידענטן.

דענסט מאָל וועלן אויך אַלע שרײַבערס זײַן רעדאַקטאָרן.

דערווײַלע איז דאָס נאָר אַ שטרעבונג, אַן אידעאַל. און אַן אידעאַל, וואָס שווערער ס׳איז צו גרייכן, ווערט אַלץ זיסער, דער יצר־הרע גרעסער און דער חשק שטאַרקער און שטאַרקער.

מיט איין וואָרט, איך האָב מיר געזאָגט, איך מוז זײַן אַ רעדאַקטאָר. איך מוז האָבן אַ צײַטונג!

ניט אַזוי גיך אָבער טוט זיך עס, ווי עס רעדט זיך, און אומעטום ווו אַ מענטש קערט זיך, טרעפֿט ער מניעות, שטערונגען, שטיינער אויפֿן וועג אָן אַ שיעור.

די ערשטע מניעה איז געווען — די צענזור. אויף אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג אין אונדזער געבענטשטן לאַנד האָט מען אין די פֿריערדיקע יאָרן באַדאַרפֿט דורכגיין אַלע שיבֿעה־מדורי־גיהנום: פֿאָרן, שרײַבן, בעטן, שמירן, זיך באַקענען מיט פֿאַרשידענע מינים ברואים, ברעכערס, טוערס, בעלי־טובות, בעלי־עצות,

גייערס, לויפֿערס, פֿירערס, קריכערס, געבערס, נעמערס און נאָך אַזוינע פֿײַנע בריות, גאָטס באַשעפֿענישן.

נאָך דעם האָט אַ בלאָז געטאָן אַן אַנדער ווינטל, אַ שײַן געטאָן די זון און דאָס רעדל האָט זיך געגעבן אַ דריי איבער, עס האָט זיך איבערגעביטן די גאַנצע דעקאָראַציע: אויס ברעכערס, אויס טוערס, אויס גייערס, לויפֿערס, קריכערס, געבערס, נעמערס און אַלע איבעריקע פֿײַנע בריות — אַ סוף! ווילט איר אַרויס־געבן אַ צײַטונג — נעמט, זײַט מוחל, אַ בויגן פּאַפּיר, שרײַבט אָן עטלעכע שורות כּך־וכך, קלעפּט צו צוויי מאַרקעס — און אַ גוטן טאָג. איך האָב אויפֿגעהויבן ביידע הענט:

— שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה!

משיחס צײַטן.

מזל־טוב.

און איך האָב מיך געגעבן אַ נעם...

איר האָט אַ מאָל געזען ווי אַ ייִד אַ מלמד טוט זיך אַ נעם בויען אַ סוכּה?

קודם איז ער זיך מטריח און געפֿינט אָן אָרט בײַ דער רעכטער שטובוואַנט, סאַמע בײַם פֿענצטער, האַלט זיך אָן עצה פֿריִער מיטן שכן:

— ווי מיינט איר? איאָ, דאָ איז גוט?

זאָגט אים דער שכן, געוויינטלעך, פֿאַרקערט, אַז דאָ איז ניט קיין פּלאַץ. דאָרט איז בעסער.

— פֿאַר וואָס?

— טאָמער גייט אַ רעגן, וואָס וועט איר טאָן?

— און וואָס וועל איך טאָן דאָרט, אַז ס׳וועט גיין אַ רעגן?

— וועט איר זיצן אין שטוב.

— אַ דאַנק פֿאַר דער עצה.

— נישטאָ פֿאַר וואָס.

אָפּגעזוכט אַ פּלאַץ, וואַרפֿט דער מלמד אַראָפּ די קאַפּאָטע, בלײַבט אין איין אַרבע־כּנפֿות, פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, טוט אַ שפּײַ אויף ביידע הענט און אַ זאָג צו זיך אַליין:

— אַצינד וואָלט געווען גוט, ס׳זאָל זײַן מיט וואָס...

איך בין מיט מײַן צײַטונג געווען פּאַרטיק אַרום און אַרום. מײַנע קאָלעגן, די שריפֿטשטעלערס, האָבן מיר אָפּגעגעבן מזל־טוב, געווינטשעוועט מיר הצלחה און אַל דאָס גוטס, צוגעזאָגט מיר שיקן זייערע בעסטע זאַכן (אַבי איך זאָל נאָר

װעלן גוט באַצאָלן) און האָבן מיר געגעבן עצות (לאַנג לעבן זאָלן זיי!), װי אַזױ איך זאָל מיך האַלטן, און װי גרױס עס דאַרף זײַן די צײַטונג, און װאָס פֿאַר אַ פּנים זי דאַרף האָבן, און װי אַזױ זי דאַרף הײסן, און האָבן מיר אַרױסגעזאָגט זײער זיכערע איבערצײַגונג, אַז דאָס בלאַט װעט אין מײַנע הענט, אם־ירצה־השם, בליִען װי אַ רױז, און װעט װאַקסן, און װעט שײַנען און פֿאַרשײַנען דאָס פֿעלד פֿון דער ליטעראַטור פֿון אונדזער ליבן פֿאָלק — אָמן.

— אַצינד װאָלט געװען גוט, ס'זאָל זײַן מיט װאָס.

און איך האָב מיך אַ װאָרף געטאָן צו אונדזערע קאַפּיטאַליסטן, און דאָ האָט זיך אָנגעהױבן פֿאַר מיר אַ גיהנום, װאָס איך האָב מיך גאָר אױף דעם ניט גערעכט.

## ב

## איך זוך קאַפּיטאַליסטן

בכלל, קאַפּיטאַליסטן — דאָס איז אַ פֿאָלק, װאָס איז כּדאַי צו שטודירן. אַ קאַפּיטאַליסט, אַז איר קומט צו אים מיט אַ געשעפֿט, װעט ער אײַך אױפֿנעמען גאָר פֿרײַנדלעך און װעט אײַך אױסהערן מיט געדולד פֿון אָנהײב ביזן סוף, און װאָס איר זאָלט אים ניט פֿאָרלײגן, איז גוט. ס'איז פֿאַר אים גאָר ניטאָ קײן שלעכטער בראָנפֿן. באַלד נעמט ער זיך צו דער פּען און טוט אַ כאַפּ אױפֿן פּאַפּיר מאַכן אַ קאַלקולאַציע: אַזױ פֿיל דאַרף מען אַרײַנלײגן קאַפּיטאַל, אַזױ פֿיל דאַרף קאָסטן דאָס און דאָס, אַזױ פֿיל דאַרף פֿאַלן הוצאות. אַזױ פֿיל אַמאָרטיזאַציע. סך־הכּל כּך־וכּך. אַצינד גײען מיר אַריבער צו דער הכנסה. אַזױ פֿיל און אַזױ פֿיל דאַרף אַרײַנפֿאַלן, און לאָמיר זאָגן אַפֿילו אױפֿן ערגסטן פֿאַל, װעט אױך זײַן כּך־וכּך. אָפּגעצױגן דעם „דעבעט" פֿונעם „קרעדיט", װעט אונדז בלײַבן כּך־וכּך. האָבן מיר, הײסט עס, אַ קײַמא לן פֿון אַזאַ און אַזאַ פּראָצענט? אױסגעצײכנט! מען דאַרף גאָר ניט בעסער!

איר װערט שיִער ניט צעשמאָלצן פֿאַר תּענוג. איר קוקט אים אין די אױגן אַרײַן: נו? אַדרבה?

לאָזט זיך אױס אַ מעשׂה: גאַראַנטיע!

— מיט װאָס בין איך, זאָגט ער, גאַראַנטירט? װער װעט מיר, זאָגט ער, גאַראַנטירן פֿאַר מײַן קאַפּיטאַל? געלט, זאָגט ער, איז ניט קײן שמעלץ! געלט איז קײלעכדיק! געלט איז אַן אײדעלע מאַטעריע, כּע־כּע...

און ער ווײַזט אײַך עפּעס מיט די פֿינגער, און קוקט אויף אײַך ממזריש, און שמייכלט צו אײַך, ווי אַ פּגר אומגעוואַשן — און איר גייט אַוועק פֿון אים אַ געמאַרינירטער...

אַ קאַפּיטאַליסט איז ווי אַ שיינע פֿרוי. מען דאַרף אים לאָזן צו רו, אַנטלויפֿן פֿון אים — וועט ער אײַך נאָכלויפֿן. און ווער שמועסט, אַז ער וועט דערהערן, אַז אַן אַנדער קאַפּיטאַליסט האָט געמאַכט דאָס זעלביקע געשעפֿט, וועט ער אײַך ניט לאָזן לעבן. ער וועט אײַך אויפֿזוכן אין גאַס, אָנקלינגען דורכן טע־לעפֿאָן, אָדער ער וועט זיך ניט שעמען טרעפֿן צו אײַך אַהיים:

— יונגער־מאַן! ווו איז אײַער געשעפֿט?

ניט אַנדערש, אַז עס האָט זיך איבערגעקערט די וועלט. איך האָב אויפֿ־געהערט זוכן קאַפּיטאַליסטן, נאָר קאַפּיטאַליסטן האָבן אָנגעהויבן זוכן מיך, און איך האָב געקראָגן אַ קאַפּיטאַליסט, און ניט איין קאַפּיטאַליסט, נאָר דרײַ קאַ־פּיטאַליסטן.

איך האָב די ערע אײַך פֿאָרצושטעלן מײַנע קאַפּיטאַליסטן, די דרײַ שותּפֿים פֿון מײַן צײַטונג:

## ג

## מיר זײַנען פֿיר שותּפֿים

1) דער ערשטער הייסט שופֿרמאַן. ער איז אַ וואַלד־סוחר, אַ פֿאַרפֿונדע־וועטער נגיד, מיט אַ היפּשן בויך, אונטערגעשוירן קײַלעכיק, כאַפּט דעם אָנבליק פֿון אַ קאַצאַפּ, רעדט ניט קיין אַנדער לשון, אַחוץ רוסיש, און הויך, מיט אַ ברייטקייט און מיט אַ ניגון, ווי אַן עכטער פּאָניע. און די רוסישע גראַמאַטיקע נעבעך קומט אָפּ בײַ אים, זאָל זיך גאָט דער האַר מרחם זײַן! למשל: „עטאָ דרוגאַיאַ דיעלאָ", „באָלשאָיע ראַזניצאַ", „דוואַ קאַפּלי", דוויע פּרעדלאָזשעניאַ", „פּאַיעכאַלי אַווו מאָסקוויע"...

איין מאָל זאָגט מען אים אין אַ שפּאַס:

— דאַרפֿט איר רעדן רוסיש, מען זאָל דערקענען, אַז איר זענט אַ ייִד, רעדט ייִדיש, וועט מען מיינען, אַז איר זענט אַ גוי.

צעלאַכט ער זיך מיט זײַן ברייטן בויך:

— עטאָ „דרוגאָי סטאַטיאַ", כע־כע!

2) דער אַנדערער הייסט סאָסנאָוויצער.

אויף וויפֿל מײַן ערשטער שותּף שופֿרמאַן איז אַ געזונטער יונג אַ פֿאָניע, און אַ צופֿרידענער פּאַרשוין, אויף אַזוי פֿיל איז מײַן צווייטער שותּף סאָסנאָוויצער אַ פֿאַרזעעניש, אַ ייִד אַ בעל־יסורים, אַ מוראדיקער סקעפּטיקער. דאָס פּנים איז בײַ אים אויסגעדיווערט, געל, געקנייטשט, ווי בײַ אַ מענטש, וואָס האָט נאָר וואָס געוויינט, אָדער ער קלייבט זיך וויינען. די גאַנצע וועלט איז בײַ אים שווינדלערס, אַלע סוחרים זענען אַנזעצערס, אַלע געשעפֿטן גייען צו גרונד, הײַזער איז אַ דלות, די בענק זענען באַנקראָט, און דאָס גאַנצע לעבן איז ניט ווערט קיין שאָס פּולווער, הבל־הבלים, — גאָרניט שבגאָרניט, — נאָר די שענסטע הײַזער אין שטאָט זענען זײַנע, אין אַלע בענק האָט ער אַ קאָנטאָ און אין אַלע געשעפֿטן אַ חלק.

איבערהויפּט האָט ער ליב אַ חלק בײַ יענעם. דערהערט ער, אַז עמעצער האָט געמאַכט אַ געשעפֿט, שיקט ער באַלד אַ מעקלער, אַז טאָמער פֿעלט אויס געלט, טרעט ער אַרײַן פֿאַר אַ שותּף. און אַז מען וויל אים ניט צונעמען פֿאַר אַ שותּף, בעט ער זיך מיט טרערן:

— וואָס ווערט אײַך אַרן, למאי זאָלט איר זשאַלעווען גאָטס געלט?

— פֿאָניע סאָסנאָוויצער! — זאָגט מען אים, — וואָס לוינט זיך אײַך אַזוי נייטיק קריכן אין שותּפֿות אַרײַן?

ענטפֿערט פֿאָן סאָסנאָוויצער מיט אַ מרה־שחורה־פּנים:

— וואָס ווייסט אַ מענטש? מען מיינט, איך ווייס, טאָמער איז באַשערט באַגראָבן ווערן, איז כאָטש ניט אַליין.

3) מײַן דריטער שותּף איז ברומשטיין.

איך ווייס ניט, צי איר קענט אים. בײַ אונדז קען אים אַ מינדסט קינד. ער איז אַן אַגענט פֿון זינגערס מאַשינעס, אָסיפּאָווס שוועבעלעך, וויסאָצקיס טיי, פּינסקער ליכט, לאָדזשער ראַמשלעך און נאָך און נאָך. ווער איז דאָס אומשטאַנד אויסצורעכענען? בײַ אים קריגט איר פֿון פֿויגלמילך: פֿאָדעם, און ווײַן, און צוויעקעס, און זייף, און מעבלשטאָף, און אַסבעסט, און לינאָלעום, און וועלאָסיפּעדן, און די בעסטע פֿאָנאָגראַפֿס, און די מאָדערנסטע שרײַבמאַשינען — כ'איז דען דאָ אַ זאַך, וואָס ברומשטיין זאָל דאָס אײַך ניט קאָנען צושטעלן וויפֿל איר ווילט און ווען איר ווילט און ווי אַזוי איר ווילט?

— ניט לאַנג איז ער געוואָרן פֿאַרטרעטער פֿון אַ גרויס פּאַפּיר־געשעפֿט —

און דאָס האָט אים צונויפֿגעפּירט מיט אַלע דרוקערס, פֿאַרלעגערס, אַרויס־געבערס און רעדאַקטאָרן פֿון גאַזעטן און זשורנאַלן, און דאָס האָט אים גע־בראַכט צו אונדז.

געקומען מיט אַ גרויסן פּרייַזקוראַנט און מיט אַ פּאַק מוסטערן און דער־הערט, אַז מיר גייען אַרויסגעבן אַ צייַטונג, אַ יידיש בלאַט, איז ער געוואָרן אַנגעצונדן, צוגעזאָגט אונדז די בעסטע קאָנדיציעס מיט אַלע פּריווילעגיעס, און אויב מיר ווילן, נעמט ער בייַ אונדז קיין געלט ניט און שטייט צו פֿאַר אַ שותּף. זאָגט מען אים:

— האָט קיין פֿאַראיבל ניט, מיר זענען שוין דרייַ שותּפֿים.

ענפֿערט ער אייַך:

— נו, וואָס זשע איז? וועלן מיר זייַן פֿיר. אויב איר מיינט, אַז פֿון ברומ־שטיינען ווערט מען אַזוי גיך פּטור, איז אַ סימן, אַז איר קענט ניט ברומשטיינען. ברומשטיין, אַז ער נאָסיאַדעט זיך אויף אייַך, וועט איר זיך פֿון אים ניט אָפּטשעפּען. ער וועט אייַך נאָכגיין פֿוס־טריט. ווו איר שטייט און ווו איר גייט וועט אייַך קומען אַנטקעגן ברומשטיינס אויסגעצוואָגענע, תּמיד שמייכלענדיקע פֿיזיאָנאָמיע, מיטן קליינעם קאַפּעליושל אין איין האַנט און מיטן זילבערנעם שטעקל אין דער אַנדערער האַנט. איר וועט זיך לאָזן גיין אַהיים, גייט ער אייַך נאָך. איר וועט זיך אַוועקזעצן בייַ זיך צום טיש — זיצט ער אויך. איר וועט זיך לייגן אָפּרוען — וועט ער אייַך ניט לאָזן. איר וועט נעמען דאָס שטעקל און זיך לאָזן גיין אין גאַס — גייט ער מיט. ס'איז בלאָטע — איר וועט זיך פֿון ברומשטיינס הענט ניט אַרויסדרייען.

איך האָב אים צוגעזאָגט איבעררעדן מיט מייַנע שותּפֿים, אָפּהאַלטן אַ קאָנפֿערענץ. אויף דער קאָנפֿערענץ האָבן זיך די דעות צעטיילט: איך און שופֿרמאַן זענען געווען קעגן דעם נייַעם שותּף, גענוג דרייַ. נאָר איין סאָסנאָ־וויצער איז געווען פֿאַר אים.

— וואָס וועט אייַך אַרן, — האָט ער געזאָגט מיט אַ מרה־שחורה־פּנים, — אַז נאָך אַ ייד וועט ברעכן דעם קאָפּ?

— כע־כע, עטאָ דרוגאַיאַ דיעלאָ! — האָט אים צוגעגעבן שופֿרמאַן דער פּאָניע, און מיט אַ מערהייט פֿון צוויי שטימען קעגן איינע איז געבליבן, אַז מיר נעמען צו ברומשטיינען פֿאַר אַ שותּף צו אונדזער צייַטונג.

## ד

## מיר האָבן שוין אַ רעדאַקציע

פֿון דעמאָלט אָן איז ברומשטיין ניט אַרויסגעטראָטן פֿון מײַן שטוב. אַלע מינוט איז ער געקומען צו לויפֿן אַן אויסגעצוואָגענער, מיטן זילבערנעם שטעקל:

— נו, ווען הייבן מיר אָן?

דער דאָזיקער אַגענט פֿון זינגערס מאַשינען מיינט, אַז אַ צײַטונג איז אַ פֿאָנאָגראַף אָדער אַ וועלאָסיפּעד. ער ווייסט ניט, אַז אויף אַרויסגעבן אַ צײַטונג דאַרף מען האָבן, ערשטנס, אַ באַשטימטע צײַט: דעם 1טן יאַנואַר אָדער דעם 1טן יולי. נאָר גייט רעדט מיט אַן אַגענט פֿון מאַשינען. אַלע טאָג קומט ער צו לויפֿן אַן אויסגעצוואָגענער און פֿאַרשוויצטער:

— וואָס ווייסט איר וואָס סע טוט זיך!

— וואָס זשע טוט זיך?

— עס טוט זיך חושך!

— דהײַנו?

— מען קוקט אַרויס אויף אונדזער צײַטונג מיט סכּנות־נפֿשות! מען לאָזט מיך ניט דורכגיין די גאַס.

שפּעטער אַ ביסל קומט ער צו לויפֿן מיט אַ נײַעס: דער רעדאַקטאָר פֿונעם „נעכטיקן טאָג" קויפֿט אַ הויז.

זאָגט איר אים:

— מזל־טוב.

מאַכט ער זיך ניט־וויסנדיק און דערציילט אײַך נאָך אַ נײַעס: אַז דער רעדאַקטאָר פֿונעם „פֿאַראײַאָריקן שניי" שיקט אַוועק דאָס ווײַב קיין פֿראַנצעסבאַד.

זאָגט איר אים:

— זאָל איר וויל באַקומען.

מאַכט ער זיך כּלא־ידע און דערציילט אײַך אַלע מאָל אַן אַנדערע מעשׂה, ווי אַזוי די רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבערס פֿון צײַטונגען ווערן גליקלעך, זשעברען גאָלד, מאַסף ממון.

זאָגט איר אים:

— דאַרפֿט איר דערציילן פֿרעמדע גליקן, אַמער, גייט זיך דורך, זוכט אויס עפּעס אַן אָנשטענדיקע דירה פֿאַר אַ רעדאַקציע.

— אַ דירה? אָך, מיט גרעסטן פֿאַרגעניגן! און ברומשטיין טוט אָן דאָס

קליינע קאַפּעליושל, נעמט דאָס זילבערנע שטעקעלע און לאָזט זיך גיין איבער דער שטאָט אויסקוקן אַ וווינונג אויף אַ רעדאַקציע.

ווערט געוואָר פּאַניע סאָסנאָוויצער און קומט צו לויפֿן אַ פֿאַרסאַפּעטער:

— סטײַטש, איר זוכט אַ דירה אויף אַ רעדאַקציע? האָט איר דאָך געקאָנט זאָגן מיר. ווינציק הײַזער בײַ מיר?

וואָס גערעכט, איז גערעכט. און מיר האַלטן אָפּ אַ קאָנפֿערענץ. לאָזט זיך אויס, אַז צוליב אונדז הייסט זיך פּאַן סאָסנאָוויצער אָנמעסטן פּונקט צוויי מאָל אַזוי פֿיל. ווערט שופֿרמאַן דער פּאַניע אין כּעס און רויט ווי אַ צוויק:

— עטאָ באַלשאָיאַ סווינסטוואָ!

אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט, מען צעקריגט זיך און מען בעט זיך אָבער באַלד איבער, און — דאַנקען גאָט — מיר האָבן שוין אַ רעדאַקציע, מיט טעלעפֿאָנס, מיט עלעקטרישע באַלויכטונג, מיט טינט און פֿעדערס, מיט אַלע איבעריקע קלאַפּער־געצײַג און שאַלעמויזן. אַפֿילו אַ סאַמאָוואַר האָבן מיר באַשטעלט, בײַ ברומשטיינען געווײנטלעך, מיט אַ טשײַניק, מיט גלעזער, מיט לעפֿעלעך, מיט אַלץ מיט איינאַנדער. פּאַניע סאָסנאָוויצער האָט זיך אַפֿילו געהאַט אָנועקגעשטעלט: אַן עבירה געלט, — נאָר נאָך דעם האָט ער אונדז נאָכגעגעבן און אַ זאָג געטאָן מיט זײַן מרה־שחורה־פּנים:

— טאָ! אויך די אייגענע מעשׂה. אפֿשר איז אונדז באַשערט ברעכן האַלדז־און־נאַקן, לאָמיר כאָטש טרינקען אַ מאָל אַ גלעזל טיי.

אַ רעדאַקציע אַליין איז נאָך אָבער ניט אין גאַנצן. אין אַ רעדאַקציע דאַרף מען האָבן מענטשן.

דערהערט אַז מיר דאַרפֿן „מענטשן", האָט זיך ברומשטיין געגעבן אַ הייב אויף און אַוועקגעלאָזט זיך מיטן זילבערנעם שטעקעלע, און ניט מער ווי אין אַ שעה אַרום האָבן אָנגעהויבן גיין צו אונדז איינס נאָך דאָס אַנדערע, דער אַרײַן, דער אַרויס, מענטשן.

ניט מענטשן, נאָר „מ ע נ ט ש ע ן"!

מערסטן טייל זענען זיי געווען אַגענטן, קאָמי־וואָיאַזשאָרן, געוועזענע געזעלן פֿון געוועלבן און גלאַט „מענטשן". מיר האָבן זיך דעם טאָג מיט ברומשטיינען געמוזט צעקריגן. איך האָב אים געבעטן, איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל, וויל ער זײַן אַ שותּף צו דער צײַטונג, זאָל ער זיך אין די זאַכן, וואָס קערן זיך אָן צו דער רעדאַקציע, מיר ניט אַרײַנמישן.

— סאַמאַ סאָבאָיו ראַזומעיעטסאַ! — האָט מיך אונטערגעהאַלטן דער פּאַניע שופּרמאַן.

ווינציקער פֿון אַלץ איז געווען צו טאָן מיט די מיטאַרבעטערס. מײַנע קאָלעגן, די ליטעראַטן, האָבן דאָך מיר שוין לאַנג צוגעזאָגט, אַז ס׳איז גאָר קיין רייד ניט, זיי וועלן מיך אונטערהאַלטן ווי ווײַט מעגלעך. נישט מער, זיי האָבן זיך נאָר געדונגען אַ ביסל פֿאַרן האָנאָראַר. זיי האָבן געוואָלט, ס׳זאָל זײַן וואָס קירצער די שורה און וואָס גרעסער דער פּרײַז.

האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפֿערענץ מיט מײַנע שותּפֿים, און ס׳איז אַרויס צווישן אונדז ניט קיין אָנגענעמער קאָנפֿליקט. דערהויפּט האָט זיך אַוועק־געשטעלט פּאַניע סאָסנאָוויצער, אַז ער הערט דעם ערשטן מאָל אויף זײַן לעבן, אַז אַ שרײַבער זאָל פֿאַר זײַן שרײַבעכץ גאָר פֿאַרלאַנגען געלט!

דערויף האָט אים שופּרמאַן געענטפֿערט בלשון פּאָניע:

— ווסיאַק טאָוואַר אימעיעט סוואָיאַ צענאַ.

— אויב דאָס ווערט אָנגערופֿן בײַ אײַך „טאָוואַר”, — זאָגט אים סאָסנאָ־וויצער, — און מיר וועלן פֿאַר דער סחורה צאָלן געלט, — און נאָך אויף דער שורה — מעגן מיר זיך באַצײַטנס אויפֿהענגען טאַרבעס און גיין איבער די הײַזער.

האָט זיך אויפֿגעכאַפּט ברומשטיין, אַן אויסגעצוואָגענער ווי אַ מויד:

— שאַט! ווייסט איר גאָר וואָס? אַט טו איך אַ שפּרונג און לויף אַרויס אין מאַרק, וועל איך אײַך ברענגען שרײַבערס וואָס וועלן נעמען אַ סך ביליקער.

און ניט לאַנג געטראַכט, נעמט ער זיך צום קליינעם קאַפּעליושל מיטן זילבערן שטעקעלע.

— פּאָוואָלינקע! — זאָג איך צו אים און נעם אים אָן בײַ דער האַנט. — איך האָב אײַך געבעטן וויפֿל מאָל, אַז דאָרט ווו ס׳איז שייך צו לשון־רעדאַקציע, זאָלט איר זיך מיר ניט מישן. איר האָט עס צעקײַט?

ניין. ברומשטיין האָט עס ניט צעקײַט און וועט דאָס קיין מאָל ניט צעקײַען. איך האָב פֿון אים קאָלט און וואַרעם. דער מענטש האָט זיך אויף מיר געצומען מקצר־ימין זײַן. איך פֿאַרשעלט מיר דעם טאָג, וואָס איך האָב מיך באַקענט מיט דעם נפֿש. און אַקוראַט ווי אויף צו להכעיס פּלאָנטערט ער זיך שטענדיק פֿאַר די אויגן און מען קאָן אים ניט אויסמײַדן. ווער שמועסט בײַ מאַשינען: דרוק־מאַשין, זעצמאַשין, סטערעאָטיפּן, פּרעסן, טישן, בענקלעך און דאָס גלײַכן, — דאָרט לאָזט אים, דאָרט איז ער בעל־הבית.

## ה

## מיר פראַווען חנוכּת־הבית

געלויבט איז גאָט (פאַר מיַין מי מעג איך שוין האָבן אַ מאָל נחת אויך!) איך האָב צונויפגעשטעלט אַ רעדאַקציע, אַז גאָט און לײַט װעלן זיך פרייען! אַלע טאָג קומען אַרײַן אַנדערע מענטשן אָנקוקן די נײַע רעדאַקציע. זיי קענען זיך גאָר ניט אָנלויבן. זיי זאָגן, אַז עס מעג אָנשטיין דער גרעסטער צײַטונג אַפילו אין לאָנדאָן האָבן אַזאַ רעדאַקציע.

— ווען רעכנט איר מאַכן עפּעס אַ חנוכּת־הבית? אַ קערמעשל? צונויפרופן דעם עולם? דורכשפּריצן? טרינקען לחיים?

מערקווערדיק! מיר איז דאָס גאָר אַרויסגעפאַלן פון עם קאָפּ. אַ זײַטיקער מענטש, אַ פּנים, ווייסט בעסער, וואָס מען דאַרף און וואָס מען דאַרף ניט.

און ס'איז באַשטעלט געוואָרן בײַ אונדזער דרוקער אײַנלאַדונגס־קאַרטן און צעשיקט געוואָרן צו געציילטע גוטע פרײַנד און באַקאַנטע, זיי זאָלן באַערן אונדזער היימישע שׂימחה מיט זייער קומען אין אַזאַ און אַזאַ טאָג, אין אַזאַ און אַזאַ שעה, צו אונדז אין דער נײַער רעדאַקציע פון דער נײַער ייִדישער צײַטונג.

ווי יעדע שׂימחה, האָט זיך עס תּחילת אָנגעהויבן קליין און נאָך דעם האָט עס זיך צעוואַקסן און געוואָרן גרעסער און ברייטער. פון ביר איז מען אַרויף אויף ווײַן, און פון ווײַן — אויף שאַמפּאַניער. פון הערינג און קאַלטע פלײשן איז געוואָרן פיש מיט געבראָטנס, מיט פרישע אויבסטן — אַן אמתע חופּה־וועטשערע.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז אויף יעדער זאַך איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן צווישן מיר און מײַנע שותּפים די קאַפּיטאַליסטן אַ קאָנפערענץ און אַלע האָבן מסכּים געווען, אַז דאָס איז אַזאַ הוצאה, וואָס מען קאָן זיך אָן דעם ניט באַגיין, אויסער איין סאָסנאָוויצער, וואָס האָט זיך געקנייטשט ווי אַ וואָרעם און געוואָרטשעט, אַז מיר ברענגען אַסיגנאַציעס, מיר שמײַסן געלט אין דער בלאָטע.

איז אַרויסגעשפּרונגען ברומשטיין מיט אַ פײַערדיקער רעדע, אַז פאַניע סאָס־נאָוויצער איז אַ פּראָווינציאַל, אַ קליינשטעטלדיקער ייִד, וואָס הייבט ניט אָן צו פאַרשטיין דעם תּוך מיטן געשמאַק פון אַ נײַער צײַטונג, וואָס די גאַנצע וועלט קוקט אויף איר אַרויס.

ברומשטיין קאָן רעדן. אַ געבוירענער טאַלאַנט. ס'איז מיר אַ חידוש, וואָס ער טרעט ניט אַרויס פאַר אַ פּובליקום. ער האָט נאָר איין חסרון: ער היצט זיך

אַ ביסל צו שטאַרק, און אַז ער רעדט, דרייט ער דאָס קאָפּעליושל אויפֿן זיל־בערנעם שטעקל און אויף אַלצדינג ברענגט ער אייַך אַ בייַשפּיל פֿון זינגערס ניימאַשינען און פֿון זינגערס אַגענטן, וואָס זענען פֿול די גאַנצע וועלט, פֿונעם גרויסן ניו־יאָרק ביזן קלענסטן דערפֿל אינעם קאַלטן סיביר, און אַפֿילו אין דער הייסער זאַמדיקער אַפֿריקע. און טאָמער גלייבט איר אים ניט, כאַפּט ער אייַך אַרויס אַ ביכל, אַ באַלאַנס פֿון דער קאָמפּאַניע זינגער...

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז מיר האָבן ניט פֿאַרגעסן אייַנצולאַדן אַלע קאָלעגן, די ליטעראַטן, פֿונעם גרעסטן בער ביזן קלענסטן רעפּאָרטער און טאָוול־שרייַבער. און מען מוז מודה זייַן, אַז זיי האָבן מיר צו ליב געטאָן, זיי זענען געקומען אַלע, אָנגעטאָן אין שבתדיקע קאַפּאָטעס (איינער איז געקומען אין אַ שוואַרצן פֿראַק).

מען קאָן ניט זאָגן, אַז די שימחה האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי לעבעדיק און פֿריילעך ווי מיר האָבן גערעכנט. אַדרבה, די ערשטע צייַט איז געווען מאָדנע אומעטיק און קאַלט און שימלדיק און שטאַרק אומהיימלעך אויף דער נשמה. איך מיין, אַז דאָס האָט זיך גענומען דערפֿון, וואָס די „גוטע פֿריינד" און „באַקאַנטע" זענען געווען צווישן זיך ניט קיין גוטע פֿרייַנד און ניט קיין באַקאַנטע, נאָר גלאַט אַזוי מענטשן פֿון אַלערליי בראַנזשעס, ייִדן וואַלד־סוחרים (שופּר־מאַנס וועלט), האַרטע, שווערע פּאַרשוינען, סכנות! און ייִדן פּראַצענטניקעס, באַנקירן און וואָכערניקעס און בעלי־בתּים פֿון הייַזער (סאָסנאָוויצערס חדר), מוראדיק טרוקענע נפֿשות, קאַלט, אַזוי ווי אייַז. און די איבעריקע זענען געווען לויטער פֿייַנע יונגען, איינס און אייגס (ברומשטיינס לייַט), אַגענטן, קאָמי־וואָיאַזשאָרן, געזעלן, מעקלערס און גלאַט מענטשן פֿון דער גאַס, אַלע אויס־געפּוצט, אַלע אויסגעקעמט, אַ ביסל שטאַרק פֿאַרדרייט די וואָנצעס אַרויף, פֿריש, נאָר וואָס פֿונעם פֿאַריקמאַכער.

וואָס האָט מען געקענט דערוואַרטן פֿון אַזאַ געזעלשאַפֿט, וואָס האָט אויס־געזען ווי מען האָט גענומען און צונויפֿגעטריבן פֿון דער גאַס מענטשן, ווילד פֿרעמדע, און געזאָגט צו זיי:

— נאָט, קוקט אייַך אָן איינס דאָס אַנדערע, וואָס פֿאַר אַ פּנים איר האָט, און זייַט זיך משׂמח!

און אפֿשר דאַרף מען נעמען די זאַך אַ ביסל טיפֿער, אפֿשר דאַרף מען אַרייַנ־דרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פֿון מענטשן, וואָס קומען צו יענעם אויף אַ שימחה לכתחילה אויסגעהונגערטע?

איינער קומט הונגעריק, ווייַל ער וויל ניט קומען צו יענעם אָן אָפּגעגעסענער;

דער אַנדערער קומט אַ הונגעריקער — פּשוט, ווײַל ער האָט ניט וואָס צו עסן. יעדנפֿאַלס, ביז דער עולם נעמט ניט דעם ערשטן ביסן און מאַכט ניט די ערשטע כּוסע, איז די שׂימחה קיין שׂימחה ניט.

די פֿילאָסאָפֿן קאָנען זיך זאָגן דערויף וואָס זיי ווילן. די גרעסטע פֿילאָסאָפֿיע איז אַ שפּריכוואָרט. דאָס פֿאָלק זאָגט: „פֿאַרן עסן גייט קיין טאַנץ ניט".

דאָס ערשטע גלעזל ווײַן נאָך די פֿיש האָט איבערגעביטן די גאַנצע דעקאָ־ראַציע. די טויטע האָבן אויפֿגעלעבט. די אָנגעברוגזטע פּנימער זענען געוואָרן שײַנענדיק. די אויסגעלאָשענע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. די אויפֿגעהאָנגענע ציינגער האָבן זיך אויפֿגעבונדן. אַלץ, אַלץ האָט באַקומען גאָר אַן אַנדער חן מיט אַן אַנדער פּנים. און ווער שמועסט אַז ס'איז געקומען צום שאַמפּאַניער־ווײַן, האָט זיך די שטימונג אויפֿגעהויבן אַזוי הויך, אַז פֿונעם רעש און פֿונעם טומל און פֿון דעם וואָס מען האָט גערעדט אַלע אין איינעם, האָט מען ניט געקאָנט הערן אַ וואָרט. און דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די טאָסטן.

דעם ערשטן טאָסט האָט אויפֿגעהויבן דער עלטסטער פֿון די ליטעראַטן. אָנגע־הויבן האָט ער פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער ליטעראַטור נאָך פֿון גאַנץ לאַנגע ביבלישע צײַטן. געבלאָנדזשעט אַ ביסל אין די סטעפּעס פֿון אונדזער טרויעריקער, נאָר רײַכער געשיכטע, און געזען אַז ער פֿאַרגייט אַ ביסל צו ווײַט, האָט דער טאַלאַנטפֿולער רעדנער געגעבן מיט אַ מאָל אַ שפּרונג איבער צו הײַנטיקער צײַט, גלײַך צו אונדזער ערהאַבענער אונטערנעמונג, אָנגעלויבט אין טאָג אַרײַן די טאַלאַנטן פֿונעם רעדאַקטאָר מיט דער ענערגיע פֿון זײַנע דרײַ שותּפֿים, די אַרויסגעבערס, און געטרונקען פֿאַר דער אויפֿבליונג פֿון אונדזער ליטעראַטור בכלל און פֿאַר אונדזער נײַע צײַטונג בפֿרט, און אויסגעלאָזט האָט ער מיט אַ דרײַגאָרנדיקן „הידד!"

די דאָזיקע גלענצנדיקע רעדע האָט אַרויסגערופֿן שטאַרקע און לאַנג־דויערנ־דיקע אַפּלאָדיסמענטן. דער עולם האָט גענומען זיך טשאָקען מיט אונדזערע גלעז־לעך, טרינקען צו אונדז לחיים, ווינטשעווען אַל דאָס גוטס. פֿאַר גרויס התפּעלות האָט זיך אונדזער ברומשטיין צעקושט מיט אַלע ליטעראַטן, אָנגעגאָסן זיך נאָך אַ גלאָז ווײַן און אַוועקגעשטעלט זיך מיט בײדע גראָבע פֿינגער אין דער ווײַסער וועסט, געקוקט אַראָפּ צו זיך אויף די שפּיצן פֿון זײַנע לאַקירטע שטיבלעטן און מיט זייער אַ זיס שמייכעלע אָנגעהויבן בזה־הלשון:

— מײַנע הערן און דאַמען (ניט געווען איין דאַמע אַפֿילו)! אַז איך בין

אַרײַנגעטראָטן אַלס רײַזנדער אַגענט אין ניימאַשינען צו דער קאָמפּאַניע זינגער, האָב איך גענומען, אַחוץ רײַזע־שפּעזן...

מער האָבן מיר ניט זוכה געווען צו הערן פֿון ברומשטיינען וועגן דער קאָמ־פּאַניע זינגער. איינער פֿון זײַנע לײַט, פֿון די אַגענטן, האָט אים דערלאַנגט אַ שנײַד פֿון אונטן:

— אַוועק, דו יאָלד איינער! מיר זענען געקומען אַהער האָרכן די הערן ליטעראַטן, ניט דיך מיט דײַנע ניימאַשינען פֿון דער קאָמפּאַניע זינגער...

דאָס האָט געהאַט אויף מײַן שותּף ברומשטיין לערך אַזאַ ווירקונג, ווי מען זאָל, אַ שטייגער, נעמען אויף אַ ווײַלע בײַ די פֿײַערלעשער פֿון שטאָט אַ גראָבע קישקע און לאָזן אויף אים אַ היפּשן שפּריץ פֿון פֿריש קאַלט וואַסער אויף אַ שטח פֿון עטלעכע טריט גלײַך אין פּנים אַרײַן. עס האָט אים אָפּגענומען דער חשק צו רעדן און שפּרינגען איטלעכן אין פּנים אַרײַן. פֿאַר אים האָבן שוין גערעדט די ליטעראַטן, איינער נאָכן אַנדערן, און לאַנג, און אַ סך האָבן זיי גערעדט, געלופּטערט די שפּראַך אַזוי לאַנג, ביז מען האָט אָנגעהויבן צו דערבאַ־טירן און מען איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ פֿאָלעמיזירנדיקן טאָן און מען האָט אָנגע־הויבן צו דיסקוטירן די פֿראַגע: וואָס איז אַזעלכעס פֿאָלקס־ליטעראַטור פֿונעם פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט? און צי האָט אונדזער פֿאָלקסשפּראַך (זשאַרגאָן) אַ צוקונפֿט?

לאַנג, ווי אַ שפּינוועבס־פֿאָדעם, האָט זיך געצויגן די דאָזיקע דיסקוסיע. דער עולם האָט אָנגעהויבן צו פֿינטלען מיט די אויגן. די באַנקירן מיט די הייזער־בעלי־בתּים האָבן געקייקלט שטיקער ברויט צווישן די פֿינגער, געמאַכט זיך כּלומרשט ווי זיי האָרכן, נאָר באמת האָבן זיי געפּיקט מיט דער נאָז, שטילערהייט געכאַפּט אַ דרימל. און שופֿרמאַן מיט זײַנע חבֿרים — די האָבן, איך בעט איבער אײַער כּבֿוד, פֿאָרמאַלנע געכראָפּעט.

אויסגעהערט די דיסקוסיע און באמת הנאה געהאַט פֿון די ליטעראַטן האָבן די חבֿרה אַגענטן פֿון ברומשטיינס חדר.

זיי האָבן הנאה געהאַט ניט אַזוי פֿון די רעדעס גופֿא, ווי פֿון דעם, וואָס ס'איז פֿאַראַן מענטשן אויף דער וועלט, וואָס קאָנען אַזוי שיין רעדן. זיי האָבן זיך געטראַכט:

— ווען די ליטעראַטן זאָלן ניט זײַן קיין בהמות און וואָלטן אַוועקגעוואָרפֿן זייער איצטיקע פּרנסה און בעסער ווערן אַגענטן, וואָלטן זיי דאָך געגאַנגען אין גאָלד!..

עס איז שוין געווען העט ווײַט נאָך האַלבע נאַכט אַז דער עולם איז זיך צעגאַנגען, און מיר, די פיר שותּפים, זענען געבליבן מיט אַלע אונדזערע מיט־אַרבעטערס אין דער רעדאַקציע — אָפּהאַלטן דעם לעצטן מאָל אַ קאָנפערענץ וועגן אַ נאָמען פאַר אונדזער צײַטונג.

ו

## מיר זוכן אַ נאָמען

דער נאָמען פון דער צײַטונג האָט מיך שוין לאַנג ניט געלאָזט רוען. מיר האָט זיך געוואָלט אַזאַ נאָמען, וואָס זאָל זײַן קורץ און ניי און אָריגינעל און זאָל קלינגען. דאָס זעלבע האָבן געוואָלט אויך מײַנע שותּפים, און ווי געווייגנט־לעך, האָט זיך מער פון אַלעמען אָפּגעגעבן צו דעם ברומשטיין. ער האָט אַרויפּ־גערוקט דאָס קליינע קאַפּעלישל אַרויף, גענומען דאָס זילבערנע שטעקעלע אין מויל און צוגעטראַכט אַלע מינוט אַ נײַעם נאָמען.

אַ מאָדנער מענטש אָט דער ברומשטיין. אַלצדינג ווייסט ער און צו יעדער זאַך נעמט ער זיך מיט דער גרעסטער ענערגיע.

— אַ טײַערע זאַך אַ נאָמען! איך וועל אײַך געבן צוואַנציק נעמען!

אַזוי האָט אַ זאָג געטאָן ברומשטיין און האָט גענומען צוטראַכטן נעמען אויף נעמען. איין חסרון נאָר, וואָס יעדער נאָמען, וואָס ער האָט צוגעטראַכט, האָט שוין אַ באָרד. און ביי יעדן נײַעם נאָמען האָט ער זיך געגעבן אַ פּאַטש אין שטערן און אַ שפּרונג אויף:

— שאַט, ייִדן, איך האָב שוין.

— לאָמיר הערכן?

— „דער יוד".

זאָגט מען אים:

— האָט קיין פּאַראיבל ניט, שוין געווען אַ צײַטונג מיט אַזאַ נאָמען, נאָר זי איז שוין לאַנג טויט.

— „דער וועג"?

— געשטאָרבן.

— זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן.

— „דאָס וואָרט"?

זאָל זיך מיִען.

— „דער טאָג״?

זאָל זײַן אַ מליץ־יושר.

— „דער טעלעגראַף״?

— עליו־השלום.

ברומשטיין כאַפּט זיך אויף, לויפט אַרום אַ ווײַלע הין און צוריק, שטעלט זיך אָפּ:

— אַהאַ! איך האָב אים געפּאַקט! אַז איר וועט דעם נאָמען אויך ניט אָננעמען, ווייס איך שוין ניט.

— בקיצור?

— „דאָס יידישע פאָלקסבלאַט״.

— סקאַצל קומט! זאָגט מען אים. צעדערבוים עליו־השלום האָט אײַך געלאָזט גריסן פון יענער־וועלט. נאָך פאַר אַ צוואַנציק יאָרן האָט ער געהאַט אַרויסגעגעבן אַ „פאָלקסבלאַט״.

ברומשטיין האָט פײַנט לאַנג אָפּשטעלן זיך אויף דער זאַך, ער טראַכט צו אַ נײַעס:

— „דאָס טאָגעבלאַט״!

— מזל־טוב אײַך! מיר האָבן שוין אין יעדער שטאָט אַ „טאָגעבלאַט״: אין וואַרשע אַ „טאָגעבלאַט״, אין לעמבערג אַ „טאָגעבלאַט״, אין ניו־יאָרק אַ „טאָגעבלאַט״...

— אויב אַזוי, פאַר וואָס זאָל אונדזער צײַטונג ניט הייסן: „דאָס נײַעסטע, דאָס גרעסטע און דאָס בעסטע טאָגעבלאַט״?

— אַ דאַנק אײַך פאַר דער עצה. אַזעלכע רעקלאַמעס וועט איר אויסנוצן בײַ זינגערס ניימאַשינען.

שופרמאַן דער פאָניע האָט זיך אַרויסגעזאָגט, אַז ער וואָלט וועלן, אַז אונדזער צײַטונג זאָל טראָגן עפּעס אַ סאָלידן נאָמען, ווי אַ שטייגער, אַ מין „וויעסטניק״, „נאָוואָסטי״, „וויעדאָמאָסטי״, „גראַזשדאַנין״.

גיט מען אים אָנצוהערעניש, אַז זײַנע רוסישע נעמען זענען פאַר אַ יידישע צײַטונג אומגעזונט.

נאָר איין סאָסנאָוויצער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו דעם ענין פון נאָמען זייער קאַלט. ער האָט געטענהט:

— קינדערלעך, גיט אײַך אַ נאָמען וואָסערן איר ווילט, אַבי לאָמיך שוין אַ מאָל זען אַ גאַזעט. די צײַט שטייט ניט און געלט רינט אַזוי ווי בלוט.

פון דעסטוועגן האָט ער מיך אָפּגערופן אויף אַ זײַט און האָט מיר אַרײַנגעד־רוימט אַ סוד, אַז ס'וואָלט ניט געשאַדט, אַז אונדזער צײַטונג זאָל הייסן מיט אַזאַ נאָמען, וואָס איז נאָך ניט געווען קיין מאָל אין ערגעץ ניט.

— דהײַנו למשל?

— דהײַנו למשל, „דאָס אויג".

בעת־מעשׂה האָט מײַן שותּף צוגעמאַכט דאָס רעכטע אויג, און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז יעדער ייִד, וואָס וועט וועלן קויפן אונדזער צײַטונג, וועט מוזן צומאַכן איין אויג, און אַ זאָג טאָן:

— גיט מיר „דאָס אויג".

אונדזער קאָנפערענץ וועגן נאָמען האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט.

ז

## פון דער וועלט נעמען

פאַרנדיק פון דער רעדאַקציע אַהיים שוין מיטן טאָג גלײַך, האָט מײַן קאָפּ ניט אויפגעהערט צו אַרבעטן. אַלערליי נעמען האָבן זיך מיר געפּלאָנטערט פאַר די אויגן: נעמען וואָס געהערן זיך אָן מיט דער צײַט, צום בײַשפּיל: „דער מאָרגן". „דער פרימאָרגן". „דער זייגער". „דער ווײַזער". „די שעה". „דער מאָמענט". „די מינוט". „די רגע".

נעמען וואָס דריקן אויס עפּעס אַ טועכץ, אַ מלאָכה: „דער וועכטער". „דער וועקער". „דער דענקער". „דער שרײַבער". „דער קוריער". „דער שליח".

נעמען וואָס מען זעט מיט די אויגן: „די וועלט". „דער ים". „דער הימל". „די זון". „די לבנה". „דער מאָרגן־שטערן". „דער בליץ". „דער רעגן־בויגן".

נעמען פון פאַרשידענע זאַכן, וואָס מען קאָן אָנטאַפּן מיט די הענט: „די פאָן". „דער האַמער". „די האַק". „דער בוים". „דאָס בלאַט". „דער שופר". „דער גלאָק". „דער שליסל". „דאָס שיף". „דער לופטבאַלאָן".

נעמען פון חיות און עופות: „דער בער". „דער לייב". „דער פוקס". „די טויב". „דער אָדלער". „דאָס שוועלבעלע". „די בין". „די פליג".

אַבסטראַקטע נעמען, אַזעלכע וואָס דריקן אויס אַ געדאַנק: „דער אמת". „דער יושר". „דאָס לעבן". „די מחשבה". „דער אוצר". „די פרײַהייט". „דער כּוח". „די ליבע". „די ברודערשאַפט". „דער מזבח". „דער פּאַטריאָט".

אַלץ ניט דאָס, וואָס איך מיין! ניטאָ קיין פּאַסנדער נאָמען, כאַטש טו זיך אַ מעשׂה.

— וואָס איז מיט דיר? — פרעגט מיך מײַן ווײַב צו מאָרגן בײַ טיי טרינקען.

— וואָס זאָל זײַן?

— אַ גאַנצן פאָרטאָג האָסטו זיך געקאַטשעט פון איין זײַט אויף דער אַנ־דערער, געקרעכצט און גערעדט צו זיך אַליין.

— טאַקע באמת? וואָס האָב איך גערעדט?

— לאָמיך אַזוי וויסן בייז! עפּעס האָסטו געציילט אויף די פינגער: „דער מאָמענט". „די מינוט". „די רגע". „דער וועקער". „דער האַמער". „די האַק". „דער דונער". „דער בליץ". „דער רעגן־בויגן".

— טאַקע באמת?

— נאַ דיר נאָך! איך וועל אויסטראַכטן? איך האָב מיך אַזוי דערשראָקן, אַז איך האָב דיך געמוזט אויפוועקן פון שלאָף. וואָס האָט זיך דיר געחלומט?

— געחלומט? ניט קיין חלום, נשמה מײַנע, נאָר אויף דער וואָר. דאָס האָב איך אויסגערעכנט די נעמען פון אונדזער צײַטונג. ניטאָ קיין נאָמען.

— וואָס הייסט — ניטאָ קיין נאָמען?

— אָט דאָס הייסט. ניטאָ קיין נאָמען, כאַטש צי זיך אויס. אַלע בעסטע נעמען האָט מען אויסגענוצט, און די וואָס זענען געבליבן זענען נאַריש, מאָדנע אומ־געלומפּערט. איך דאַרף הײַנט אײַנגעבן די פּאַפּירן, מעלדן דעם נאָמען פון דער צײַטונג, און קיין נאָמען איז ניטאָ. איך האָב מורא, איך וועל נאָך משוגע ווערן!

— משוגע זאָלן ווערן די שׂונאים, נאַרעלע וואָס דו ביסט! אָט וועלן קומען די קינדער פון גימנאַזיע, וועלן זיי דיר צוקלערן הונדערט נעמען פאַר איינעם.

קוים דערלעבט זען די קינדער פון גימנאַזיע. אַ זון מיט אַ טאָכטער. ס'איז בײַ זיי סאַמע שניטצײַט — עקזאַמענס. דערהערט אַז איך זוך אַ נאָמען צו מײַן צײַטונג, האָבן זיי אָפּגעלייגט די ביכער, פאַרגעסן אין די עקזאַמענס און גע־נומען זיך מיטן גאַנצן חשק פון יונגע כוחות אויסצוגעפינען פון מײַנט וועגן אַ פּאַסנדן נאָמען.

## ח

## מײַנע בני־בית קומען מיר צו הילף

די מעטאָדע פֿון צוטראַכטן אַ נאָמען צו אַ יידישער צײַטונג איז זייער אַ לײַכטע מעטאָדע: מען טוט נאָר אַ ביסל אַ טראַכט און מען דערמאָנט זיך אין די נעמען פֿון אַלע צײַטונגען און זשורנאַלן, וואָס גייען אַרויס אויף גאָטס וועלט אין אַלע שפּראַכן, און מען טוט אַ זעץ איבער אין יידישן — און פֿאַרטיק.

צו דער זעלביקער מעטאָדע האָבן זיך אַ נעם געטאָן אויך מײַנע קינדער. איינס איבער דאָס אַנדערע האָבן זיי מיך באַוואָרפֿן מיט רוסישע נעמען: „אוטראָ", „זאַריאָ", „ראַזסוויעט", „זוויעזדאָ", „מאָלניאָ", „ראַדוגאָ", „מיסל", „ניוואָ", „נאַב־ליודאַטיעל", „יעוורעיסקי וויעסטניק", „יעוורעיסקיאָ וויעדאָמאָסטי", „אָגאָניאָק".

אַ קוואַל האָט זיך בײַ זיי געעפֿנט, אַ פֿאָנטאַן, אַ מבול פֿון נעמען. ס'איז אוממעגלעך געווען זיי אָפּצושטעלן, כאָטש לויף אין דער וועלט אַרײַן. דערזען אַז איך האָב מיר פֿאַרשטעלט ביידע אויערן, האָבן זיי אויפֿגעהערט צו גיסן מיט נעמען:

— פּאַפּאַ! וואָס איז מיט דיר געשען?

— וואָסערע נאַרישע קינדער איר זענט! שוין זשע מיינט איר, אַז איך בין ניט אַזוי קלוג ווי איר און האָב ניט געקענט פֿאַלן אויף דעם אייגענעם שׂכל — באַציִען בײַ פֿרעמדע פֿעלקער פֿרעמדע נעמען פֿון פֿרעמדע שפּראַכן? האָט איר אָבער אַ טראַכט געטאָן, וואָס פֿאַר אַ פּנים און וואָס פֿאַר אַ טעם עס וועט באַקומען, אַז מיר וועלן נעמען, למשל, און איבערזעצן אויף יידיש „נאַבליו־דאַטיעל" — „דער קוקער" — „דער שילאָטן־שמש"?

מײַנע קינדער, איך קאָן זיך מיט זיי באַרימען, זענען ווילע, אויסגעצייי־כנטע קינדער. זיי, אַז מען זאָגט עפּעס אַ זאַך, וואָס מיט אַ טעם און מיט אַ געדאַנק, הערן זיי אויס מיט קאָפּ און פֿאַרשרײַבן דאָס אויפֿן שטערן. עס נעמט זיי דורך און דורך, אָבער ניט אויף לאַנג. קינדער בלײַבן קינדער. דעם גאַנצן טאָג נאָך דעם און די אַלע שפּעטערדיקע טעג האָבן זיי ניט אויפֿגעהערט מיך צו באַוואַרפֿן מיט זייערע רוסישע נעמען:

— פּאַפּאַ! ווי אַזוי וועט זײַן אויף יידיש „בודילניק"?

— „דער וועקער". שוין אָבער געווען אַזאַ צײַטונג.

— פּאַפּאַ! ווי אַזוי וועסטו איבערזעצן אויף יידיש „מיר"?

— „די וועלט" — שוין דאָ אַזאַ צײַטונג.

— פּאַפּאַ! „קאַלאַקאַל”?

— „די גלאָק” — ניטאָ בײַ ייִדן קיין גלעקער.

— פּאַפּאַ! ”זוויעזדאַ”? „פּאַטשאַלקאַוו”? „סניעגוראַטשקאַ”?

סע הייבט מיר שוין אָן ווײ טאָן דער קאָפּ.

— איך בעט אײַך, לאָזט מיך צו רו!

דערזעען אַז איך בין אין כּעס, כאַפּט מיך אַרום מײַן ייִנגערער זון, אַ געראָטענער יאָט פֿון אַ יאָר פֿיר, נאָר אַ ביסל אַ צעבאַלעוועטער, ווי געווײנטלעך אַ מיזיניקל:

— פּאַפּאָטשקאַ, זוויעזדאַ! פּאַפּאָטשקאַ, פּאַטשאַלקאַ! פּאַפּאָטשקאַ, סניע־גוראָטשקאַ!

איך כאַפּ דאָס היטל און לאָז זיך אין שטאָט אַרײַן, שטעל מיך אָפּ פֿאַרבײַ־גייענדיק בײַ שימשעלעוויטשן.

ט

## מײַן פּאַפּיראָסניק שימשעלעוויטש

שימשעלעוויטש — דאָס איז מײַן מענטש פֿון פּאַפּיראָסן. שוין אַ יאָר פֿופֿצן אַז איך קויף בײַ אים פּאַפּיראָסן. ער ווייסט שוין מײַן גוסט און מײַנע קאַפּריזן און קען מיך דורך און דורך. איך קען אים אויך אויסגעבונדן. איך געדענק אים נאָך, אַז ער איז געווען אַ ייִנגל אַ פּאַפּיראָסניק, אַרומגעגאַנגען מיט רויטע בעקלעך, נאָר מיט אויסגעטראָטענע שיך איבער די הויפֿן — פֿאַרלייגן טרייפֿע פּאַפּיראָסן פֿון אונטער דער פּאָלע.

איצט איז ער שוין אַ כּשרער פּאַפּיראָסן־הענדלער, כּמעט אַ פֿאַבריקאַנט. ער האָט זיך פֿאַרלאָזט אַ בײַכל, אָנגעטאָן אַ גאָלדענעם סיגנעט און אויפֿגעשטעלט אַ געוועלבל אויף חידושים: רויט־פּאָלירטע מעבל, גלאַנצנדיקע שפּיגלען, ווייכע דיוואַנעס. אַ פֿאַרגעניגן אַרײַנצוקומען צו אים נאָכן עסן פֿאַררייכערן אַ פּאַפּיראָס. אגב האָט ער ליב אַ ביסל שמועסן, לייענט ייִדישע צײַטונגען, האַלט זיך צוליב דעם פֿאַר אַ גרויסן ידען אין פּאָליטיק און אַ שטיק מבין אויף ליטעראַטור.

אונטערגעטראָגן מיר אַ בענקל מיט אַ פּאַפּיראָס „עקסטראַ פֿײַן”, טוט ער מיך אַ פֿרעג:

— נו, ווען וועלן מיר שוין האָבן די ערע אָנקוקן אַ מאָל אײַער בלאַט, אָדער כאָטש אַ פּראָספּעקט פֿון אײַער נײַע צײַטונג? שוין צײַט, איר ווייסט?

— איך ווייס, אַז שוין צײַט. איך האָב אָבער קיין נאָמען ניט.

— אַ נאָמען איז אויך אַ זאַך? איך וועל אײַך געבן הונדערט פֿאַר איינעם!

הונדערט נעמען! מאָלט אײַך, לאָז זיך אײַך דאַכטן, אַז עס רעדט זיך נאָר אַזוי. אַנשטאָט דעם, ער זאָל מיר אויסרעכענען זײַנע הונדערט נעמען, וואָס ער האָט, לאָזט זיך אויס, אַז ער דערציילט מיר נאָר מעשׂיות, אַפֿילו זייער שיינע, וואָס ער אַליין איז אויסגעשטאַנען אויך איבער אַ נאָמען ער האָט אויך די אייגענע צרות, וואָס איך. נאָך ערגער. פֿאַפּיראָסן איז כּמעט דאָס אייגענע וואָס אַ צײַטונג (אַזוי מיינט שימשעלעוויטש). פּונקט ווי אַ צײַטונג, אַזוי דאַרפֿן אויך פֿאַפּיראָסן האָבן אַ נאָמען. דער אונטערשייד איז נאָר אין דעם, וואָס אַ צײַטונג שטעלט מען אַוועק אַ נאָמען איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל און די צײַטונג גייט שוין אַליין, און פֿאַפּיראָסן דאַרף מען בײַטן דעם נאָמען אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק. אַ נאָמען איז אַ גרויסע זאַך. דער עיקר איז אַ נאָמען (פֿריִער דער נאָמען און ערשט נאָך דעם די סחורה, אַזוי מיינט שימשעלעוויטש). מען דאַרף זען, אַז דער נאָמען זאָל דעם קונה זיך ניט שטאַרק צועסן. די אַלע אויסגע־דראָשענע נעמען, למשל: „סולטאַן“, „רענאָמע“, „איזבושקאַ“, „פּאַטאָמאַרגאַנאַ“, „גיישאַ“, „פּושקין“, „פּרו־פּרו“, „זעפֿיר“, — דאָס איז אַלץ אַזעלכע נעמען, וואָס קריכן שוין פֿונעם האַלדז. מען דאַרף פֿון צײַט צו צײַט צוטראַכטן עפּעס אַ נײַעם נאָמען, ס׳זאָל נעמען דעם קונה מיטן קוק.

איין מאָל (אַזוי דערציילט שימשעלעוויטש) ליגט ער בײַ נאַכט און קלערט און קלערט. וואָס פֿאַר אַ נאָמען טראַכט מען צו? (שימשעלעוויטש האָט תּמיד ליב צו טראַכטן פֿון געשעפֿט). פֿאַלט אים אײַן אַ געדאַנק: „קוראָפּאַטקין“! דאָס איז געווען סאָמע אין דער צײַט פֿון מלחמה, בעת קוראָפּאַטקין איז געווען אין די פֿעדערן. קוים דערלעבט טאָג, כאַפּט ער זיך אויף, לויפֿט אַוועק אין געשעפֿט, עפּנט אויף אַ בלאַט צײַטונג, ער טוט אַ קוק — אויף דער פֿערטער זײַט (שימ־שעלעוויטש האָט תּמיד ליב צו קוקן אויף דער פֿערטער זײַט) שטייט אָפּגעדרוקט מיט גרויסע אותיות: קוראָפּאַטקין גייט קיין טאָקיאָ — רייכערט קוראָפּאַטקינס פֿאַפּיראָסן.

דאָס האָט אים אַ שכן זײַנער, אַ קאָנקורענט, פֿאַרכאַפּט זאָל ער ווערן, אַרײַ־בערגעפּוצעוועט. וואָס טוט מען? דאַרף מען, הייסט עס, צוטראַכטן אַ נײַעם נאָמען. געקלערט, געקלערט און צוגעקלערט: „פּאָרט־אַרטור“. דאָס איז געווען בשעת פּאָרט־אַרטור איז געשטאַנען שטאָל און אײַזן. איידער ער האָט זיך נאָר געגעבן אַ ריר, האָט זײַן שכן דער קאָנקורענט, פֿאַרברענט זאָל ער ווערן, שוין

אַרויסגעלאָזט אַ סאָרט פּאַפּיראָסן מיטן נאָמען „פּאָרט־אַרטור". שימשעלעוויטש האָט דעמאָלט שיִער דעם שלאַק באַקומען פֿאַר דאָסאַדע. ווידער אַ מאָל געקלערט, געקלערט, פֿאַלט אים איין אַ נייער נאָמען: „קאָנסטיטוציע". דאָס איז געווען בעת קאָנסטיטוציע.

— מיינט איר, אַז מיין קאָנקורענט, דער שלאַק זאָל אים טרעפֿן, איז מיר ניט איבערגעלאָפֿן דעם וועג?

— יאָ, אָבער וואָס הערט זיך מכּוח אַ נאָמען פֿאַר מיין צייטונג?

— אַ נאָמען? הונדערט פֿאַר איינעם! לאָזט זיך נאָר געבן אַ טראַכט.

און שימשעלעוויטש פֿאַררוקט דאָס היטל אַרויף, רייבט זיך אַ ווײַלע דעם שטערן, נאָך דעם הייבט ער אָן אויסצורעכענען אויף די פֿינגער נעמען פֿון לאַנג געשטאָרבענע צייטונגען:

— „דער יוד". „דאָס וואָרט". „דער טאָג". „דער וועג". „דאָס פֿאָלק". „דאָס פֿאָלקסבלאַט". „די פֿאָלקסצייטונג".

— גענוג! גענוג!

איך געזעגן זיך מיט אים אויף דער גיך און וויל גיין. לאָזט ער מיך ניט. ער האַלט מיך ביי דער האַנט און שיט מיט נעמען, ווי שניי:

— דאָס טאָגעבלאַט". „דער פֿריינד". „דאָס לעבן". „דער היינט"...

איך רייס מיך אַרויס פֿון זיינע הענט און אַנטלויף פֿון אים, ווי פֿון אַ מלאך־המוות, און כאַפּ מיך אַריין צו מיין פֿאַריקמאַכער אַלעקסיס.

שרעקט איך ניט, ער איז אַ ייִד און הייסט הערטשיק. „אַלעקסיס" — דאָס איז די פֿירמע. אָט אַזוי האָט ער אַוועקגעקויפֿט איין איינעם מיטן נאָמען, מיט די מאַרמאָרנע טישלעך און מיט די בראָנדזענע שפּיגלען.

י

## מיין פֿאַריקמאַכער אַלעקסיס

ביי מיר נעמט אַלעקסיס קיין מאָל קיין געלט ניט. איך צאָל אים מיט ביכלעך. גייט אַרויס אַ ביכל, איז ער דער ערשטער. ווען האָט ער צייט, פֿרעגט איר, צו לייענען ביכלעך? למאַי, ווען האָט ער צייט צו שרייבן? פֿון דעסטוועגן שרייבט ער „דראַמאַטען" און צום מיינסטן — אין פֿינף אַקטן, אַ מאָל אויך אין זעקס אַקטן, אין זיבן אַקטן. עס ליגט ביי מיר אַ היפּש פּעקל פֿון זיינע „דראַמאַטען". ער האָט זיי מיר געגעבן מערניט איך זאָל זיי נאָר דורכקוקן און אויסבעסערן

די שפּראַך. אַ מאָדנע שפּראַך ביי אים און מיט אַ מאָדנע אויסלייגעכץ. „געווען" שרייבט ער „גיווייעיעזען", „געלייענט" — „גילייעיעזען". די העלדן זענען ביי אים אומעטום איינגעטיילט אַזוי ווי אין חומש, נאָר אַ ביסל פֿאַרדייטשערט: הייסט ער אַבראַם, הייסט זי סאַראַ, הייסט ער איזאַק, הייסט זי רעוועקאַ, הייסט ער יאַקאָב, הייסט זי ראַכיל. אויך דער כתב איז ביי אים אַ משונה־מאָדנע כּתב. מען דאַרף זיך שטויסן. אַ „גימל" שרייבט ער ווי אַ „בית". אַ „בית" ווי אַ „קוף". אַ „קוף" ווי אַ לאַנגע „כף". אַ „לאַנגע כף" ווי אַ „שלאָס־מם". און אַזוי ווייטער. טאַקע נאָר איך קאָן לייענען אַזאַ כּתב. און דאָך מוז איך מיך מודה זיין (עס זאָל מיר ניט גערעכנט ווערן פֿאַר קיין גרויסע עוולה): איך האָב נאָך ניט איבערגעלייענט קיין איינציקס פֿון זיינע „דראַמאַטען". ניט מחמת שלעכ־טיקייט חלילה, נאָר מחמת אויפֿרעגונג. אַלע מאָל, ווען איך נעם זיך לייענען זיינע אַ זאַך, ווער איך אויפֿגערעגט.

— צו וואָס טויג אייך שרייבן דראַמאַטן? — פֿרעג איך אים אַ מאָל, זיצנדיק אונטער זיין ראַזיר־מעסער. ענטפֿערט ער מיר:

— למאי אַש?

— איר קענט זיך מיט אַשן?

— געווען נאָר איין מאָל. זיך געראַזירט ביי מיר. געוואָלט באַצאָלן, האָב איך ניט געוואָלט נעמען ביי אים, ביי אַשן הייסט עס, קיין געלט. פֿרעגט ער מיך, אַש הייסט עס, למאי איך נעם קיין געלט ניט? גיי איך און טראָג אים צו אַ דראַמאַט אין פֿינף אַקטן. פֿון דעמאָלט אָן זע איך אים מער ניט, אַשן הייסט עס.

מיט מיר האַלט זיך אַלעקסיס גאַנץ פֿריי. מעשׂה קאָלעגע.

— וואָס הערט זיך מיט אייער ציייטונג? ווען הייבט איר זי אָן אַרויסצו־געבן? און ווי אַזוי וועט זי הייסן מיטן נאָמען?

— איך האָב ניט קיין נאָמען, — זאָג איך אים אויף אַ טשיקאַוועסט. — אפֿשר ווייסט איר אַ נאָמען?

— הונדערט פֿאַר איינעם.

— צום ביישפּיל?

— צום ביישפּיל: „דער יוד". „דאָס וואָרט". „דער טאָג". „דער וועג".

נאָך יעדן נאָמען טוט ער אַ שער מיטן שערל, און איך פֿיל גלייך ווי מען רייסט מיר אויס אַ שטיק פֿלייש.

— אָדער „דאָס פֿאָלק". „דאָס פֿאָלקסבלאַט". „די פֿאָלקסציייטונג"...

איך בין שטאַרקער פֿון אייזן, אַז איך האַלט דאָס אויס. איך זאָל ניט מורא

האָבן פאַר אַ סקאַנדאַל, וואָלט איך מיך אויפגעכאַפּט אין מיטן שערן און וואָלט אים אָפּגעשטעקט דריי פּעטש אָדער, וויניקסטנס, צעבראָכן איינעם פון די בראָנדזענע שפּיגלען. הערטשיק אָבער טוט זיך זיינס. ער שערט מיר די האָר און רעכנט מיר נעמען:

— „דאָס טאָגעבלאַט". „דער פריינד". „דאָס לעבן". „דער היינט"...

אַ געקאָכטער, ווי פון אַ באָד, לויף איך פון דאָרטן אַהיים און באַגעגן זיך אויפן וועג מיט מיינע צוויי עלטערע שותפים. ביידע קאַפּיטאַליסטן זענען אויף מיר עפּעס ווי אָנגעשטויסן. שופרמאַן האָט מיך אַפילו באַגעגנט ברייטלעך, ווי אַלע מאָל, און באַגריסט מיך אויך אויף זיין פּאַנישן שטייגער:

— אאא! מאַיאַ ביזשאַישאַיאַ פּאָטשטעניע! וואָס הערט זיך? ווען קומען מיר צו גאָט? ווען זעען מיר זיך שוין מיט אונדזער צייטונג?

מיר איז דער ברייטער ברוך-הבא דווקא ניט געפעלן. ניט געפעלן דער טאָן, און ניט אַזוי דער טאָן, ווי דער קוק, וואָס ער האָט געוואָרפן אויף מיין צווייטן שותף סאָסנאָוויצער. דער קוק האָט געזאָלט באַדייטן:

— אונדז, קאַפּיטאַליסטן, קאָסט אַזוי פיל בלוט, און ער, גאָרניט, גייט זיך אַרום פון שמונים צו בוניק און זוכט אַ נאָמען...

סאָסנאָוויצער האָט פאַרשטאַנען דעם קוק אַזוי ווי איך און האָט אַ זאָג געטאָן צו אים מיט זיין מרה־שחורה־פּנים:

— וואָס טרייבט איר זיי אַזוי אין האַלדז־און־נאַקן? לאָזט זיי צו רו. מסתמא זענען זיי נאָך ניט פאַרטיק מיטן נאָמען. אַ קלייניקייט — אַ נאָמען! זייט זיכער, זיי וועלן צוטראַכטן אַזאַ נאָמען, וואָס וועט שוין זיין איין מאָל אַ נאָמען!

— „זיי" — דאָס מיינט ער מיך. אין דעם „זיי" ליגט אַזוי פיל גיפט, אַז עס גלוסט זיך מיר אים אָנשפּייען אין פּנים. נאָר איך האַלט מיך איין און געזעגן זיך מיט מיינע קאַפּיטאַליסטן ווי ווייט מעגלעך קאַלטבלוטיק.

שוין אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, שטעלט מיך סאָסנאָוויצער אָפּ און מאַכט צו מיר פון דער ווייטן:

— זייט זשע מוחל, אַז איר וועט פאַרטיק ווערן מיטן נאָמען, זאָלט איר כאָטש ניט פאַרגעסן אָנצוקלינגען דורכן טעלעפאָן.

עס גלוסט זיך מיר אים אַ געשריי טאָן פון דער ווייטן:

— בלוטזויגער! שפּין! פּיאַווקע! וואַמפּיר! — נאָר איך האַלט מיך איין און ענטפֿער אים ווי ווייט מעגלעך קאַלטבלוטיק:

— ים־ירצה־השם! אם־ירצה־השם!

## יא

## ראַווינאָוויצקי דער שניידער

געקומען אַהיים, טרעף איך ביי מיין ווייב ראַווינאָוויצקי דעם שניידער. דאָס הייסט, אַ מאָל איז ער געווען אַ שניידער. היינט האַלט ער אַ געשעפֿט פֿון פֿאַרטיקע קליידער אויף אויסצאָלן. ער שטעלט אונדז צו סחורה, וויפֿל מיר דאַרפֿן, און רעכנט זיך מיט אונדז ווי אַ דזשענטעלמען: אַז ס'איז דאָ געלט, צאָלט מען אים; אַז ס'איז ניטאָ קיין געלט, וואַרט ער. דערפֿאַר שטעלט ער אונדז אַזעלכע פּרייזן און דערלאַנגט אונדז אַזעלכע רעכענונגען, אַז מען קאָן פֿאַרלירן דעם אַפּעטיט צום עסן. אַ גליק וואָס מיר זענען אים שטענדיק שולדיק, אַניט וואָלטן מיר זיך שוין לאַנג מיט אים צעקריגט.

ראַווינאָוויצקי איז ביי אונדז אַן אָפֿטער גאַסט. ער קומט אַריין צו אונדז אַלע מאָל נאָך אַ גמילת־חסד. מחמת ער איז אַ דזשענטעלמען, רופֿט ער דאָס ניט „חוב", נאָר „גמילת־חסד". און מחמת ניט אַלע מאָל קען מען אים געבן אַ „גמילת־חסד", בעט מען זיך אָפּ ביי אים אויף שפּעטער. און מחמת ער איז אַ דזשענטעלמען, פֿרעגט ער נאָר, ווען וועלן מיר האָבן געלט? און מחמת מיר ווייסן ניט ווען וועלן מיר האָבן געלט, לייגן מיר אים אָפּ אויף איבער מאָרגן, אויסגעפֿינענדיק אַלע מאָל אַן אַנדער תירוץ. ווען וועלן מיר זיך אַ מאָל אויסבאָדן פֿון אים, ווייס איך ניט. סיידן, אפֿשר וועט גאָט העלפֿן, די צייטונג וועט אַוועקגייך גוט.

אַלע קוקן אַרויס אויף דער צייטונג, און מער פֿון אַלעמען — ראַווינאָוויצקי. די לעצטע צייט קומט ער כּמעט אַלע טאָג מיט אַ זיס שמייכעלע פֿון אַ גוטן פֿריינד, רייבט זיך די הענט און בלייבט שטיין ביי דער טיר.

— וואָס הערט זיך?

מיר בעטן אים זיצן. דערציילן אים אויס אַלצדינג וואָס ביי אונדז טוט זיך. ראַווינאָוויצקי האָט שוין אין זיך אַזאַ כּוח אַריינצוקריכן צו אייך טיף אין האַרצן מיט די קאַלאָשן, האַלטן שבת און אויסטאָפּן ביי אייך אַלצדינג וואָס

אויף דער נשמה טוט זיך. דער כּוח ליגט בײַ אים, אַ פּנים, אין די אויגן, שאַרפֿע, דורכדרינגענדיקע און אַרײַנקריכנדיקע אויגן.

— אַ! מען זאָל דערמאָנען משיחן! — מאַכט ער צו מיר און נעמט מיך דורך מיט די אויגן. — מיר האָבן נאָר וואָס גערעדט פֿון אײַך מיט אײַער פֿרוי. פֿון אײַער צײַטונג האָבן מיר גערעדט. געזוכט אַ נאָמען פֿאַר אײַער צײַטונג.

עס טוט מיר אַ בראָט: „די גאַנצע וועלט האָט צו טאָן מיט אַ נאָמען פֿאַר מײַן צײַטונג!" מיר ווילט זיך זייער אים געבן אַ באָד אָפּ: „וואָס האָט אַ ייִד אַ שנײַדער צו זאָגן אויף צײַטונגען?" נאָר איך האַלט מיך אײַן און רוף מיך אָן צו אים ווי ווײַט מעגלעך פֿרײַנדלעך:

— האָט איר געפֿונען עפּעס אַ רעכטן נאָמען?

— הונדערט פֿאַר איינעם.

— צום בײַשפּיל?

ראַווינאָוויצקי נעמט מיך דורך מיט זײַנע שאַרפֿע אויגן און לייגט מיר אַנידער אַ צעטל מיט נעמען, די אַלטע סקאַרבאָווע נעמען, וואָס אַלע ייִדן ווייסן אויף אויסנווייניק:

— „דער יוד". „דאָס וואָרט". „דער וועג". „דאָס פֿאָלק". „דאָס פֿאָלקס־בלאַט". „די פֿאָלקסצײַטונג".

אַ שיינעם דאַנק אײַך! — האַק איך אים איבער אין מיטן. — דאָס איז אַלץ אַזעלכע נעמען, פֿעטער, פֿון צײַטונגען וואָס זענען שוין לאַנג געשטאָרבן. איר זאָגט אונדז עפּעס אַ נײַעם נאָמען, אויב איר האָט.

— אַ נײַעם נאָמען? „דאָס טאָגבלאַט". „דער פֿרײַנד". „דאָס לעבן". „דער הײַנט".

מער קאָן איך שוין ניט געוועלטיקן אויף זיך. איך שטיי אויף און רוף מיך אָפּ צו אים:

— ווייסט איר וואָס איך וועל אײַך זאָגן, פֿעטער? אויף נייען קליידער און צושנײַדן הויזן זענט איר, אַ פּנים, מער מזיק, ווי אויף צו געפֿינען אַ נאָמען פֿאַר אַ צײַטונג. איר וואָלט, כ'לעבן, בעסער גיין אַהיים צו אײַער שער־און־אײַזן.

פֿון מײַן ווײַבס קוקן אויף מיר זע איך אַרויס, אַז איך האָב אַ ביסל צו שטאַרק באַליידיקט אַ מענטשן. ס'איז שוין אָבער געווען לאחר־המעשׂה.

## יב

## מען קאָן אַרויס פֿון די פּלים

מײַן גאַנץ ביטער האַרץ לאָז איך אויס צו מײַנע קינדער. שטעלט אײַך פֿאָר: איך פֿרעג, ווו זענען ערגעץ די קינדער און וואָס הערט זיך עפּעס מיט די עקזאַמענס, ווער איך געוואָר, אַז זיי זענען הײַנט ניט געווען אין גימנאַזיע.

— פֿאַר וואָס ?

— זיי האָבן פֿאַרשפּעטיקט. זיי האָבן אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפֿן. זיי האָבן געזוכט אַ נאָמען.

איך פֿיל, אַז דאָס גאַנצע בלוט האָט מיר דערלאַנגט אַ זעץ אין קאָפּ אַרײַן. נאָך אײן מינוט, וועל איך קראַפּירן. פּלוצעם דערהערט זיך אַ קלונג. מען רופֿט מיך צום טעלעפֿאָן.

— ווער איז ?

— איך. ברומשטיין.

— וואָס נײַעס ?

— שוין דאָ.

— ווער ?

— אַ נאָמען צו אונדזער צײַטונג.

— אדרבה ?

— „דער טעלעפֿאָן".

— אידיאָט !

— האַ ? וואָס ? ס'איז אײַך געפֿעלן ? איך האָב געוווּסט, אַז ס'וועט אײַך געפֿעלן. דאָס האָב איך אײַך צוגעקלערט. נאָר וואָס אײַנגעפֿאַלן אין קאָפּ.

— אי—די—אָט !

— וואָס ? איך זאָל קומען, זאָגט איר ?

— אידי—אָאָאָט !!!

— אָט אָ באַלד כאַפּ איך אַן איזוואָזטשיק און קום צו לויפֿן.

ניט געגאַרט האָט זיך פֿון מיר דאָס טרײַבל פֿון טעלעפֿאָן. שיִער ניט אַראָפּגעריסן דעם טעלעפֿאָן פֿון וואַנט. מײַן מיזיניקל איז די מעשׂה, אַ פּנים, שטאַרק געפֿעלן. ער האָט זיך געכאַפּט מיטביידע הענטלעך פֿאַרן בײַכל און קאַטשעט זיך פֿאַר געלעכטער.

— דו וועסט אויפהערן, דו קליינער וועוריק? אַט מאַך איך פון דיר אַ פרעזשעניצע!

מײַן קליינער וועוריק שטויסט זיך מיט וואָס דאָס שמעקט, באַהאַלט ער זיך אונטער דער מאַמעס פאַרטעך, בלאָזט אָן די רויטע בעקלעך אויף צו וויינען, קוקט אויף מיר בייז, מיט מײַז־אייגעלעך, און טופּעט צו מיטן פיסל:

— פּאַפּאַ דוראַק! פּאַפּאַ דוראַק!

אַ גליק וואָס די מאַמע האָט אים געגומען אונטער איר פאַרטעך, אַניט וואָלט איך אים, דאַכט זיך, צעריסן אויף צווייען.

— גאָט איז מיט דיר! — זאָגט צו מיר מײַן ווײַב מיט אַן איבערגעשראָקענעם פּנים און רעדט מיך צו, איך זאָל זיך דורכגיין מיט איר צום דאָקטאָר. דאָס מאַכט מיך נאָך מער אויפגערעגט. מען קאָן אַרויס פון די כלים. קוים וואָס איך רעד אַרויס:

— וואָס בין איך? משוגע?

— לאָז גאָט היטן! ביסט נאָר אַ ביסל נערוועז...

דער דאָקטאָר האָט מיר באַטראַכט און געפונען, אַז איך בין ניט קיין „ביסל" נערוועז, נאָר „שטאַרק" נערוועז, און איך מוז מיך, למען־השם, אָפּרוען ערגעץ אויף אַ זומער־וווינונג אָדער, נאָך בעסער — אין אַ סאַנאַטאָריום פאַר נערוון־קראַנקע.

איך בעט אײַך, אַלע מײַנע ליבע פרײַנד און באַקאַנטע, ווער עס האָט נאָר עפּעס אַ רעכטן נאָמען פאַר אַ יידישע צײַטונג, זאָל אַזוי גוט זײַן און געבן מיר צו וויסן וואָס פריער לויטן אַדרעס: „סאַנאַטאָריום סאַנקט־בלאַזיען, שוואַרצוואַלד".

1909

# ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן!

ליג איך מיר קראַנק אינעם ווייַטן שיינעם לאַנד איטאַליע, אונטער אַ ברייטן בלויען הימל, אונטער אַ ליכטיקער וואַרעמער זון און לייען אַ בריוול, נאָר וואָס פֿון דער פּאָסט: „קיעווער וואָרט"... אַ גאַזעט... אַ יידישע טעגלעכע צייַטונג אין קיעוו...

אין יעהופּעץ אַ גאַזעט!.. אויף יידיש!!.. אויף זשאַרגאָן!!!

איז דאָס ניט קיין חלום?..

ניין, ס'איז ניט קיין חלום; ס'שטייט בפּירוש אָפּגעדרוקט: „ר ע ד אַ ק צ י ע ק י ע וו ע ר וו אָ ר ט". און געחתמעט „ר ע ד אַ ק ט אָ ר". און דער רעדאַקטאָר בעט מיך שרייַבן אַ פֿעליעטאָן. זאָגט צו אַז מען וועט צאָלן, צאָלן געלט... געלט? — די משמעות, אַז ס'טאַקע אַן אמת.

אין יעהופּעץ אַ יידישע גאַזעט — ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן!

לאָך איך צו זיך אַליין, ליגט אַ ייד איין מענטש אַליין אין איטאַליע און לאַכט.

פֿון וועמענס וועגן אַ גאַזעט? אַ יידישע גאַזעט אין יעהופּעץ? לאָמיר אַקאָרשט אַ נעם טאָן אויף פּאַפּיר, מאַכן אַ קורצן סך־הכּל. איך קען ברוך־השם יעהופּעץ אויסגעבוזנדן. דאָרט ליגן באַגראָבן די בעסטע, די גליקלעכסטע, די אומגליקלעכסטע יאָרן פֿון מייַן לעבן.

דער חומש הייבט זיך אָן פֿון דער „ב" — פֿון „בראשית", און להבדיל יעהופּעץ הייבט זיך אָן אויך פֿון דער „ב", פֿון די ב ר אָ ד ס ק י ס... נאָך זיי גייט אַ גאַנצע רייע פֿון זאַמד־און צוקער־ראַפֿינאַדע אַריסטאָקראַטן נאָכן אלף־בית... נאָר אויף וויפֿל מיר דאַכט זיך קאָנען די דאָזיקע לייַט זיך באַגיין אָן אַ יידישע גאַזעט. אַדרבה, איך האָב מורא, אַז פֿאַר זיי איז דאָס גאָר אַ שטיקל חסרון, אַן אומכּבוד, אַ בלאַמאַזש, און אפֿשר טאַקע אַ גאַנצער סקאַנדאַל: ז ש אַ ר ג אָ ן? — פֿוי!..

אמת, זיי אַליין, צווישן זיך, אַז קיינער הערט ניט, האַקט מען „זשאַרגאָן" אויף וואָס די וועלט שטייט. אַ יידישן אַנעקדאָט אַז מען דערציילט זיי, פֿאַר־צוקערט מען אים, פֿון אַ יידיש לידל לעקט מען די פֿינגער. און בסוד־סודות, אַז קיינער זעט ניט, לייענט מען אַ יידיש ביכל און מען קאַטשעט זיך פֿאַר

געלעכטער. נאָר פּרווט טוט אַ רעד מיט זיי וועגן ייִדיש אַלס אַ שפּראַך, אַלס אַ ליטעראַטור — איז מיט הענט און מיט פֿיס. זיי זענען פּרינציפּיעל קעגן ייִדיש.

איך האָב מיך דערמאָנט אַ מעשה־שהיה טאַקע אין יעהופּעץ. מען האָט אַ מאָל געכאַפּט איינעם פֿון זיי, געוואָלט ביי אים אַרויספּרעסן אַ ביסל ממתּקים אויף אַ ייִדיש־ליטעראַרישע זאַך. און דער וואָס האָט געפּאַקט איז געווען אַ גוי און אַ פּראָפֿעסאָר, און פֿאַר אַ גוי, ווי איר ווייסט, ווערן די דאָזיקע לייט בטל. מילא, געפּאַקט — איז פֿאַרפֿאַלן. געמוזט מבטיח זיין אַז ער גיט געלט. געקומען צום געלט געבן, פֿאַלט ער אויף אַ המצאה און טוט אַ כאַפּ דעם פּראָפֿעסאָר: „ווייסט דו ניט, גוי, אויף וואָס פֿאַר אַ שפּראַך די אונטערנעמונג איז?״ מאַכט צו אים דער פּראָפֿעסאָר: „אויף אייער שפּראַך, אויף זשאַרגאָן״. דערהערט זשאַרגאָן, טוט ער אַ שפּרונג אָפּ: „זשאַרגאָן? איך זאָל געבן געלט אויף זשאַרגאָן? זשאַרגאָן איז ניט אונדזער שפּראַך. אונדזער שפּראַך איז העברעיִש...״

אַז דער פּראָפֿעסאָר האָט מיר איבערגעגעבן די געשיכטע, האָב איך אים געבעטן, אַז ער וועט זיך באַגעגענען מיטן דאָזיקן „העברער״, זאָל ער אים דערציילן פֿון מיין נאָמען אַזאַ מעשה:

אַ מאָל זענען געווען צוויי ברידער. איינער אַ רייכער און דער אַנדערער אַן אָרעמאַן. און ווי די וועלט פֿירט זיך, קומט מסתּמא אָפּט דער אָרעמאַן צום רייכן ברודער ער זאָל אים העלפֿן. און ווי די וועלט פֿירט זיך, באַהאַלט זיך מסתּמא דער רייכער ברודער פֿאַרן אָרעמען בחדרי חדרים, שיקט אים אַרויס אַ מאָל פֿון יוצא וועגן דורכן שווייצער אַ נדבה. טרעפֿט זיך איין מאָל אַ גליק, אַז דער אָרעמאַן פּאַקט דעם רייכן ברודער צווישן מענטשן אויף אַ שׂימחה. געפּאַקט — פֿאַרפֿאַלן. „שלום־עליכם, ברודער! — עליכם־שלום, וואָס וועסטו זאָגן? וואָס זאָל איך דיר זאָגן, טייַערער ברודער? איך האָב אַ שידוך געטאָן מיט אַ טאָכטער, צוגעזאָגט ת״ם קערבלעך נדן און האָב ניט, זאָלסט זאָגן אַ דרייַערל... — מהכי־תּיתי, זייער פֿיין, מזל־טוב. מיט וועמען האָסטו אַ שידוך געטאָן? ווער איז דער מחותּן? דער מחותּן, דו וועסט אים ניט קענען. ער איז נעבעך אַ פּראָסטער ייִד, ער הייסט יאַנקל...״ — כאַפּט זיך אויף דער רייַכער ברודער: — „ווי באַלד אַ פּראָסטער ייִד און הייסט יאַנקל, — וויל איך ניט. עס געפֿעלט מיר ניט דער שידוך!..״

אַלזאָ איז פֿון די „העברער״ הייסט עס אָפּגערעדט. בלייבט איבער אַ גאַנץ בינטל ייִדן ביי אייך פֿון די וואָס „אַרבעטן״ און „דרייען זיך״ ביי דער

בערזע. פֿרעגט זיך, ווער האָט צײַט און וועמען ליגט אין זינען לייענען אַ יידיש בלאַט, אַז דער קאָפּ איז גאָר דאָרטן ערגעץ בײַ די קורסן, אַ „האָס", אַ „בעס", אַ „סטילאָזש", „וויוואַז", „אַמביען", „פּערעטשיסלעניע"...? סײַדן בײַ נאַכט אין קלוב צווישן „מאַקקאַאָ" און „דיאַבעלעד", אָדער צווישן „בעזיק" און „עקאַרטע"?... אָדער אפשר גאָר בײַ סימע־דינהן אויפֿן ביליאַרד?... ניין, זאָגט אײַך וואָס איר ווילט, איר וועט מיך ניט אײַנרעדן, איך ווייס, אַז „מאַטיקע" דער געוויסער „מאַטיקע", דער וואָס פֿאָרט פֿון יעהופּעץ קיין פּעטערבורג ניט אַנדערש ווי אין אַן עקסטראַ־וואַגאָן, דאַרף ניט קיין יידיש בלאַט.

וועט איר מיך אָפּשיקן מסתמא אויף „פּאַדאָל"? אויף דער „דעמיעווקע"? אויף „סלאַבאָדקע"?... דאָרט זענען פּראָסטע יידן, וואָס האָבן ליב אַ יידיש וואָרט... מעגלעך, זייער מעגלעך. פֿרעגט זיך אָבער אַ קשיא: ווי אַזוי האָבן זיי געלעבט ביז אַהער? ווי אַזוי האָבן זיי זיך באַגאַנגען אָן אַ יידיש בלאַט ביז אַהער? וועט איר מיר ענטפֿערן אַ תּירוץ: למאי וואַרשע? וואַרשע האָט דען ניט הײַנט פֿינף יידישע טעגלעכע צײַטונגען, אַחוץ וואָכנבלעטער? וועל איך אײַך פֿרעגן: למאי אָדעס? אָדעס אַ יידישע שטאָט און האָט זי דען כאָטש אײן יידישע צײַטונג? וועט איר מיר ענטפֿערן: למאי טאָלמאַטשאָוו?... הקיצור, איך וועל אײַך פֿרעגן אַלע מאָל אַן אַנדער „הלמאי", און איר וועט מיר געבן אויסגאָב צוריק אַ „למאי" — אַ מעשׂה אָן אַן עק. זעט נאָר, ברידערלעך, צי איז דאָס ניט בײַ אײַך דאָרטן חלילה אַ מאָדע געוואָרן אויף יידישע גאַזעטן? אַ מין ספּאָרט רחמנא־לצלן?... בײַ „זיי" איז אַ ספּאָרט — פֿערד, וועלאָסיפּעדן, אויטאָמאָבילן, פֿלימאַשינען, און בײַ „אונדז" איז אַ ספּאָרט — גאַזעטן. „זיי" וועטן זיך, וועמענס גאַזעט וועט פֿריִער פֿאַרברענט ווערן?.. שאַט, יידן! געקומען צו רייד פֿון ספּאָרט, פֿון וועטענישן, האָב איך מיך דערמאָנט אָן אײַנפֿאַל מיט אַ וועטן און מיט רעטעניש. ווער ס׳וועט טרעפֿן דאָס רעטעניש זאָל אַרײַנשיקן אין דער רעדאַקציע פֿון „קיִעווער וואָרט" זײַן ענטפֿער, און זײַן נאָמען וועט זײַן געדרוקט אין בלאַט. הערט זשע מיט קאָפּ:

געווען אַ מאָל צוויי ספּאָרטמענטשן, געוויינטלעך ענגלענדער. איינער האָט זיך געהייסן דזשאָן, דער אַנדערער דזשעק. זייער עובֿדה איז געווען, זיי פֿלעגן תּמיד האַלטן אין איין וועטן זיך אויף זייערע פֿערדלעך, ווער פֿון זיי וועט קומען פֿריִער. איין מאָל איז זיי נימאס געוואָרן דאָס לויפֿן, רופֿט זיך אָן איין ענגלענדער צום אַנדערן: „דזשאָן, ווייסט דו וואָס? לאָמיר גיין אין

געוועט, — ווען מען וועט פּערדל קומען שפּעטער". די מעשה איז דזשאַנען געפעלן. האָבן זיי אײַנגעלייגט געלט און געזעצט זיך אויף די פּערדלעך און מען פאָרט. דזשאָן גייט פּאָוואָלע. דזשעק גייט נאָך מער פּאָוואָלע. דזשאָן קוים וואָס ער קריכט זיך, דזשעק קוים וואָס ער רירט זיך. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט —ביידע האָבן אָפּגעשטעלט די פּערדלעך און אַוועקגעזעצט זיך אין מיטן פעלד און מען זיצט אַ שעה, מען זיצט צוויי, מען זיצט דרײַ — זיי האָבן זיך צעוויינט. פאָרט דורך פאַרבײַ אַ ייִד און זעט צוויי פּריצים זיצן און וויינען, גייט ער צו צו זיי: „וואָס וויינט איר?" דערציילן זיי אים די מעשה. מאַכט צו זיי דער ייִד: „איך וועל אײַך געבן אַן עצה, וועט איר מיר זאָגן אַ דאַנק". און ער בייגט זיך אָן צו זיי און רוימט אײַן יעדן באַזונדער אַ סוד אויפן אויער. מײַנע ענגלענדער כאַפּן זיך אויף פון דער ערד, אַרויף צוריק אויף די פּערד און — פּאַשאָל!..

— — —

פרעגט זיך: וואָס האָט זיי דער ייִד אָזעלכעס געזאָגט???

נערווי (איטאַליע), דעצעמבער 1909.

# אויפֿן הימל אַ יאַריד

## (אַ טראַגעדיע פֿון פּרעמיעס)

— דאָס האָט זיך געטראָפֿן, מײַן ליבער ייִד, אין אַ װאַרעמער זומערנאַכט, אין װאַרשע הייסט עס, אויף דער סמאָטשע־גאַס. עס איז שוין געװען װײַט האַלבע נאַכט. די זילבערנע לבֿנה, װי מען רופֿט זי אָן אין די ביכלעך, האָט זיך געהאָט אַװעקגעמאַכט אויף יענער זײַט לאַזיענקעס; ניט געװאָלט מער אַרײַנקוקן אין דער קבצנישער גאַס; די ברילײַאַנטענע שטערן האָבן אָנגעהויבן אײַנציקװײַז אויסלעשן זיך אַזוי װי די בענטשליכט, — אַז עס האָט זיך פּלוצעם געלאָזט הערן אַ קנאַק, און — איך האָב דערפֿילט אויף מײַן לינקער באַק פֿינף קאַלטע פֿינגער און דערהערט אַ װילדן געשריי פֿון אַ קענטלעכער שטים; איך װאָלט געמעגט שװערן, אַז דאָס רעדט מײַן װײַב, זאָל לעבן: „אַרויס, משומד! — האָט זי געשריגן מיט אַזעלכע קולות, גלײַך װי מען װאָלט זי געװאָלט קוילען — אַרויס מיט דער חצופּה אין איינעם, איך זאָל דײַן טרייפֿענעם פּרצוף ניט אָנקוקן!!! װאָן!!!"...

— — —

— יאָ, מײַן ליבער ייִד, דאָס איז געװען דאָס קול פֿון מײַן װײַב אסתּר־ברכה זאָל לעבן, און דאָס זענען געװען א י ר ע פֿינף פֿינגער טאַקע אויף מײַן לינקער באַק. רבונו־של־עולם! — טראַכט איך מיר — איך װאָלט נאָר געװאָלט װיסן, פֿאַר װאָס? פֿאַר װאָס קומט דאָס מיר? פֿאַר װעמענס זינד?! איך בין, דאַרפֿט איר װיסן זײַן, אַ באַװײַבטער ברוך־השם ניט דאָס ערשטע יאָר, שװער איך אײַך בהן שלי, אַז עס האָט זיך מיר נאָך אַזאַ מעשׂה, הערט איר, ניט גע־טראָפֿן! מײַן װײַב זאָל אויף מיר בייזערן זיך אַ מאָל, יאַדען, עסן, זידלען, שעלטן — דאָס טרעפֿט; דערויף איז זי דאָך אַ װײַב און איך בין אַ מאַן. נאָר זי זאָל אויפֿהייבן אויף מיר אַ האַנט — דאָס האָט זי שוין געמוזט אַ פּנים שטאַרק אַרויס פֿון די כּלים. דאָ האָט שוין געמוזט פֿאָרקומען עפּעס אַזעלכעס, װאָס טרעפֿט זיך איין מאָל אין הונדערט יאָר. און בכדי איר זאָלט פֿאַרשטיין אַקוראַט װי אַזוי דאָס האָט זיך געטראָפֿן, מוז מען אײַך אַ פּנים דערציילן די גאַנצע מעשׂה פֿונעם אָנהייב ביזן סוף מיט אַלע פּלעטערלעך, מיט אַלע פּעל־דעלעך און מיט אַלע צושניטלעך. אפֿשר געפֿינט זיך בײַ אײַך אַ פּאַפּיראָסל?

אַלזאָ, איך אַליין, ווי איר זעט מיך, בין אַ בעל־מלאָכה, אַ ייִד אַ שנײַדער הייסט עס. און זיצן זיץ איך אין וואַרשע אויף דער סמאָטשע־גאַס, אויב איר ווייסט. און כאָטש מיר זענען ניט מער ווי צוויי מענטשן, איך און מײַן ווײַב, — קיין קינדער האָבן מיר ניט, איך בין אַ בעזדעטניק הייסט עס, — דאָך ווערן מיר אויסגעריסן אויפֿן פֿוד! דער יקרות פֿון די דירות איז בײַ אונדז, ווייסט איר דאָך, אין וואַרשע אַזוי גרויס, אַז עס קומט אונדז אויס נאָר וואַלגערן זיך מיט די בעבעכעס אין דרויסן. קומט משך, בעת איבערציִען זיך פֿון איין דירה אין דער אַנדערער, בלײַבן מיר ביידע, איך און מײַן ווײַב הייסט עס, אָן כּוחות זוכנדיק אַ דירה: און אַז מען באַקומט שוין ערגעץ אַ לאָך אין אַ פֿינצטערן קעלער, אָדער אויף אַ בוידעם, הייסט מען זיך ערשט אָפּגילטן, וואָרעם עס זענען דאָ אויף איין דירה אפֿשר הונדערטער בעלנים, קאָנקורענטן. קיין עין־הרע אַזאַ שטאָט, — עמעצער זאָל עס נעמען אויפֿן קאָפּ אַ טראַכט טאָן וועגן אונדז, אָרעמע־לײַט, וואָס וועט זײַן דער תּכלית? ווער־ווער, אַז ניט אונדזערע צײַטונגען וואָלטן באַדאַרפֿט זיך נעמען צו דעם? זייער גאַנצער מיין איז דאָך נאָר טובֿת־הכּלל, און זייער גאַנצע אַרבעט איז דאָך נאָר צוליב אונדז, צוליבן פֿאָלק — געשיקט זיך עס, אַז זיי זאָלן אַזאַ זאַך אָפּשווײַגן? היתּכן?..

— אַזוי טראַכט איך מיר איין מאָל גייענדיק אין גאַס הייסט עס. און אַזוי ווי איך גיי, איך טו אַ קוק — אויף די נאַלעווקעס טוט זיך חושך. מענטשן, ייִדן און ווײַבער — ערדטרעטעניש! וואָס איז געשען?

אַ וואַרשעווער ייִדישע צײַטונג האָט געגעבן צו וויסן, אַז אַן עק, זי קאָן שוין מער ניט צוזען די עוולה פֿון די וואַרשעווער פּיאַווקעס די הויז־באַזיצערס און די סיורים פֿון די אָרעמע לאָקאַטאָרן נעבעך, און זי גייט אַרויס דעריבער מיט אַ מלחמה הייסט עס קעגן דירה־יקרות, און צוליב דעם גייט זי בויען, זאָגט זי, אַ גאַנצע נײַע שטאָט אונטער וואַרשע — און דאָס וועט זײַן אַ פּרע־מיע, אַ מתּנה הייסט עס, פֿאַר אירע לעזער. די פּרעמיע ווערט געלאָזט אין אַ לאָטעריע, אין אַ גורל הייסט עס, און ווער עס איז זוכה, דער באַקומט אומ־זיסט אַ פּלאַץ, ניט ווינציקער ווי תּרפּ"ט קוואַדראַט מײַלן סאַמע אין מיטן וואַלד. און בכדי דער עולם זאָל זען בחוש, ווו דאָס איז, האָט מען אויסגעמאָלט אויף פּאַפּיר אַ צאַצקע און נאַט קוקט: זעט איר אַ רינגעלע? — דאָס איז וואַרשע. זעט איר פּאַסקעלעך? — דאָס וועט זײַן אַ וואַלד. און דאָרט, אַ ביסל ווײַטער, זעט איר פֿינטעלעך? — דאָרט וועט מען דורכפֿירן אַ באַן. ווילט איר, הייסט עס, פֿאָרט איר צו מיט דער באַן. ווילט איר — גייט איר זיך

דורך צו פֿוס. קיין הײַזער זענען דאָרט דערווײַלע ניטאָ אין דעם דאָזיקן וואַלד. נאָר אַזאַ דאגה, זאָגט זי, זאָלט איר שוין האָבן מיט פּרנסה. איר שפּילט נאָר אויס, זאָגט זי, אַ פּלעט, וועט אײַך אַ ליאַדע באַנק טראָגן אַקעגן געלט וויפֿל אירווילט. און פֿאַר געלט, זאָגט זי, קויפֿט איר אײַך געהילץ און שטעלט אײַך אַוועק אַ ווילע, אַז גאָט און לײַט זענען אײַך מקנא! און אָט אַזוי ווערט איר, זאָגט זי, אַ בעל־הבית פֿון אַן אײגענער שטוב מיט כּל־טוב און ווערט פּטור פֿון אַלע צרות און פֿון אַלע יסורים. מיר נעמען בײַ אײַך, זאָגט זי, דערפֿאַר קיין צעבראָכענעם גראָשן אַפֿילו. ניט מער, איר קויפֿט אַלע טאָג אונדזער בלאַט און שנײַדט קופּאָנעס. יעדן טאָג אַ קופּאָן; פּופֿצן טעג, פּופֿצן קופּאָנעס.

— געקומען אַהײם מלא שׂימחה און דערציילט מײַן אסתּר־ברכהן פֿון דער גדולה, איז דאָך עס אַ ייִדענע. וואָס ווע‌סטו טאָן, זאָגט זי, מיט תרפּ"ט אײלן אין דער ערד אָן אַ פּלעקל און אָן אַ שטעקל, אָן לײַב און אָן לעבן? דאַרף איך, זאָגט זי, זיצן אין דרויסן דרײַ טויזנט אײלן פֿאַר וואַרשע, אַז איך קאָן, זאָגט זי, ליגן בײַ אײלן אין דער ערד אין וואַרשע? עט, זאָג איך צו איר, ביסט אַ ייִדענע, אסתּר־ברכה, און דו פֿאַרשטייסט ניט, זאָג איך, דעם גאַנצן שׂכל, אַז דער גאַנצער עיקר איז דער פּלאַץ. נאָ זע, זאָג איך, וואָס שטייט געשריבן. קוים האָסטו, זאָג איך, אַ פּלאַץ, וועסטו זיך שוין מיט אַ דירה יאַקאָש אַן עצה געבן. וועסט אַוועקטראָגן דעם פּלאַץ, זאָג איך, אין באַנק, וועט דיר אַ ליאַדע באַנק אַקעגנטראָגן געלט וויפֿל דו ווילסט, וועסטו דיר קויפֿן, זאָג איך, געהילץ און וועסט דיר אויפֿשטעלן, זאָג איך, אַ דירה, אַז גאָט און לײַט וועלן דיך מקנא זײַן. דאָס איז דאָך אַזוי פּראָסט, זאָג איך, ווי פֿאַר אַ גראָשן אַ בייגל. אַ סימן, זאָג איך, נאָ דיר, זאָג איך, אָט האָסטו, זאָג איך, די גאַנצע מאַכענאַציע, ווי אויף אַ טעלער. אָט זעסטו, זאָג איך, פּאַסעקלעך? — דאָרט וועט זײַן אַ וואַלד. זעסט דו, זאָג איך, פּינטעלעך? — דאָרט וועט גיין אַ באַן. ווילסטו — פֿאָרסט דו הייסט דאָס צו מיט דער באַן, ווילסטו — גייסט דו זיך דורך צו פֿוס.

— הקיצור, איך בין דאָך עפּעס אַ מאַנסביל — איך האָב אַזוי לאַנג געערעדט ביז איך האָב זי איבערגערעדט — און ס'איז געבליבן, אַז מיר זאָלן זאַמלען קופּאָנעס, אַלע טאָג אַ קופּאָן, פּופֿצן טעג — פּופֿצן קופּאָנעס. האָט מיך מײַן אסתּר־ברכה זאָל לעבן געפֿרעגט אַ קלאָץ־קשיא: „צו וואָס, זאָגט זי, אַזוי לאַנג וואַרטן, פּופֿצן טעג? און וואָס טויג דיר, זאָגט זי, אַזוי פֿיל מיסט?

ווען וועסטו עס איבערלייענען? ממה־נפשך, זאָגט זי, די פּוּפּצן קופּאָנעס קאָנסטו דאָך אײַנקויפֿן אין איין טאָג און ברוך שפּטרני" — גייט רעדט מיט אַ יידענע!

— הקיצור, מיר האָבן זיך געגעבן אַ נעם זאַמלען קופּאָנעס. אַלע טאָג, אַלע טאָג אַ קופּאָן, 15 טעג — 15 קופּאָנעס. אויפֿן 16טן טאָג — טרראָך! איך האָב געוווּנען דרײַ טויזנט איילן אונטער וואַרשע אין מיטן אַ וואַלד.

— האָבן מיר שוין, הייסט עס, אַ פּלאַץ פֿון דרײַ טויזנט קראַדראַט־איילן. וואָס זשע טוט מען ווײַטער? דאַרף מען נעמען, הייסט עס, די דרײַ טויזנט קוואַדראַט־איילן און גיין מיט זיי אין באַנק אַרײַן הייסט עס, נעמען געלט אויף צו בויען אַ דירה. און איך בין אַוועק אין מאַרק, פֿון איינעם צום אַנדערן, פֿון איינעם צום אַנדערן: „צי ווייסט איר ניט, יידישע קינדער, ווו איז דאָ ערגעץ אַ באַנק אַזעלכע, ווו מען פֿאַרזעצט דרײַ טויזנט קוואַדראַט־איילן און מען נעמט געלט און מען קויפֿט געהילץ און מען בויט אַ דירה, אַז גאָט און לײַט זאָלן מקנא זײַן?" ווערט אַ געלעכטער.

— רוף איך מיך אָן צו זיי: „אײַך איז אַ פּנים גוט צו לאַכן, אַז איר האָט ווו צו זיצן? איר זאָלט אָבער פּרוּוון ליגן אין דער ערד אַזוי ווי נאַש בראַט, וואָלט איר ניט געלאַכט". לאַכן זיי נאָך מער. ווער איך שוין אַ ביסל ברוגזלעך און גיי ווײַטער. אַזוי ווי איך גיי, איך טו אַ קוק, אויף די נאַלעווקעס טוט זיך חושך. ווידער אַ צונויפֿלויף פֿון מענטשן, יידן און ווײַבער. וואָס איז די מעשׂה? אַ נײַע גדולה. אַ צווייטע יידישע צײַטונג האָט זיך מתקנא געווען אָן דער ערשטער צײַטונג: יענע זאָגט צו אַ פּרעמיע דרײַ טויזנט קוואַדראַט־איילן אונטער וואַרשע — וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט עס? וואָס איז הוילע ערד אַליין אָן אַ שטוב? און בכדי צו פֿאַרריכטן דעם דאָזיקן פֿעלער איז בײַ אונדז גע־בליבן, זאָגט זי, אַז מיר זאָלן שענקען אַ פּרעמיע פֿאַר אונדזערע אַבאָנענטן, וואָס באַשטייט אין הײַזער און אין ווילעס. דאָס הייסט, מיר נעמען זיך אונטער, זאָגט זי, מיט גאָטס הילף באַזאָרגן אונדזערע לעזער מיט פֿאַרטיקע ווילעס און טאָקע אויפֿן זעלביקן פּלאַץ, אויף יענע דרײַ טויזנט קוואַדראַט־איילן אונטער וואַרשע בויען מיר אויס איטלעכן אַ ווילע, אַ ווילע פֿון דרײַ חדרים מיט אַ קיך, מיט אַ שטאַל, מיט אַ שטעלעכל, מיט אַ שפּיזשאַרניע. און אָט האָט איר אײַך דעם גאַנצן פּלאַן פֿון דער ווילע, זעט איר, זאָגט זי, אָט דאָרט אַ שטי־בעלע? זעט איר אויפֿן שטיבעלע אַ דאַך? אויפֿן דאַך אַ קוימען און עס גייט אַ רויך? — אָט דאָס איז, זאָגט זי, די ווילע, וואָס אונדזער צײַטונג בויט אויס

אַלע 2 וואָכן יעדן איינציקן, ווער עס וועט זוכה בגורל זײַן, גאַנץ בחינם. ניט מער, זאָגט זי, מען דאַרף קויפֿן אונדזער בלאַט און שנײַדן קופּאָנעס. יעדן טאָג אַ קופּאָן. 15 טעג — 15 קופּאָנעס.

— געקומען אַהיים מלא שׂימחה: מזל־טוב דיר, אסתּר־ברכה, דו ווייסט? מיר האָבן שוין אַ דירה! און איך נעם און גיב איר איבער די גאַנצע חתונה הייסט עס מיט דער נײַער פּרעמיע. איז דאָך עס אַ ייִדענע. הייבט זיך אָן: „טאָמער איז דאָס אַ שווינדל? טאָמער אַזוי און טאָמער אַזוי?" ווײַז איך איר דעם פּלאַן, נאַ, קוק, זאָג איך, זעסט דאָ אַ שטיבעלע? זעסט, זאָג איך, אַ דאַך? זעסט אַ קוימען און פֿונעם קוימען גייט אַ רויך?

— הקיצור, איך בין דאָך עפּעס אַ מאַנסביל. איך האָב אַזוי לאַנג גערעדט ביז איך האָב זי איבערגערעדט, און מיר האָבן זיך גענעבן אַ נעם זאַמלען קופּאָנעס. יעדן טאָג אַ קופּאָן. 15 טעג — 15 קופּאָנעס. און אויפֿן 16טן טאָג — טררראַך! איך האָב געוווּנען אַ פּאַרטיקן פּלאַן פֿון אַ ווילע, אַ שטיבעלע הייסט עס, מיט אַ דאַך און מיט אַ קוימען און פֿונעם קוימען גייט אַ רויך.

— האָבן מיר שוין הייסט עס דרײַ טויזנט קוואַדראַט־איילן אונטער וואַרשע און אַ פּאַרטיקן פּלאַן פֿון אַ ווילע. וואָס זשע טוט מען ווײַטער? דאַרף מען הייסט עס וואַרטן ביז די ווילע וועט פֿאַרטיק ווערן, וועל איך דינגען אַ פֿור און אַריבערפּעקלען זיך מיט די בעבעכעס אין דער אייגענער ווילע. נאָר דערווײַלע דאַרף מען הייסט עס אַרויסגיין אין מאַרק געוויר ווערן, ווען שטעלט מען זיך בויען ווילעס? פֿון איינס צום אַנדערן, פֿון איינס צום אַנדערן: „צי ווייסט איר ניט, ייִדישע קינדער, ווען שטעלט מען זיך בויען די אויסגעשפּילטע ווילעס אויף די אויסגעשפּילטע פּלעצער פֿון דרײַ טויזנט קוואַדראַט־איילן אונטער וואַרשע?" — ווערט אַ געלעכטער. „וואָס איז, זאָג איך, דער געלעכטער? אײַך איז גרינג, זאָג איך, צו לאַכן, אַז איר האָט ווו צו זיצן. איר זאָלט אָבער ליגן, זאָג איך, אין דער ערד ווי נאַש בראַט"... לאַכן זיי נאָך מער. טו איך אַ שפּײַ און גיי ווײַטער. אַזוי ווי איך גיי, איך טו אַ קוק, עס טוט זיך חושך אויף די נאַלעווקעס. מענטשן אַזוי ווי שטערן אין הימל. וואָס איז שוין ווײַטער? אַ נײַעס! נאָך אַ צײַטונג האָט זיך מתקנא געווען אין יענע צוויי צײַטונגען. זיי גיבן, זאָגט זי, דרײַ טויזנט קוואַדראַט־איילן אונטער וואַרשע און פּאַרטיקע פּלענער אויף ווילעס, מיר נעמען זיך אונטער, זאָגט זי, מעבלירן די ווילעס, געבן בעל־הבתּישקייט: בעטן און בעטלעך, טישן און בענקלעך, שאַפֿעס, קאָמאָדן און שפּיגלען, און אַ גראַמאָפֿאָן, און בעטגעוואַנט, און געפֿעס,

און אַ וואַנטזייגער, און אַפילו אַ סאַמאָוואַר און אַלע איבעריקע זאַכן, וואָס איז שייך צו בעל־הבתישקייט. אַ סימן — נאַט אייך, זאָגט זי, אַ גאַנצן פּרייז־קוראַנט פון מעבל, און וואָס איר וועט געווינען — דאָס איז אייערס. איר באַ־דאַרפט מערניט, זאָגט זי, נאָר קויפן אַלע טאָג אונדזער צייטונג און שניידן קופּאָנעס. יעדן טאָג אַ קופּאָן. 15 טעג — 15 קופּאָנעס.

— געקומען אַהיים: מזל־טוב דיר, אסתר־ברכה. מיר האָבן שוין בעל־הבתיש־קייט אין אונדזער נייער ווילע. און איך נעם און גיב איר איבער די גאַנצע געשיכטע מיט דער נייער פּרעמיע מיטן מעבל־פּרייזקוראַנט. איז דאָך עס אַ ייִדענע. הייבט זיך אָן: „טאָמער אַזוי און טאָמער אַזוי?" ווייז איך איר דעם מעבל־פּרייזקוראַנט: בעטן און בעטלעך, טישן און בענקלעך, שאַפעס, קאָמאָדן און שפּיגלען, און אַ גראַמאָפאָן, און בעטגעוואַנט און געפּעס, און אַ וואַנטזייגער און אַפילו אַ סאַמאָוואַר, אַלצדינג וואָס איז שייך צו בעל־הבתישקייט.

— הקיצור — איך בין דאָך עפּעס אַ מאַנסביל. איך האָב אַזוי לאַנג גע־רעדט, ביז איך האָב זי איבערגערעדט. און מיר האָבן זיך געגעבן אַ נעם זאַמלען קופּאָנעס. אַלע טאָג אַ קופּאָן. 15 טעג — 15 קופּאָנעס. און אויפן 16טן טאָג — טרראַך! — איך האָב געוווּנען אַ פלעדערוויש. האָבן מיר שוין הייסט עס דריי טויזנט קוואַדראַט־איילן אונטער וואַרשע, מיט אַ פּאַרטיקן פּלאַן פון אַ ווילע מיט בעל־הבתישקייט. געקומען אַהיים מיטן בעל־הבתישקייט — איז דאָך עס אַ ייִדענע. הייבט זי מיך אָן מסתּמא צו יאַדען: „אויך מיר אַ בעל־הבתיש־קייט אַ פלעדערוויש! טראָג זיי אָפּ צוריק, איך דאַרף זיי אויף אַ ריינע כפּרה!" זאָג איך: וואָס מאַכט דאָס דיר קאַליע, נאַרעשי? אין בעל־הבתישקייט, זאָג איך, קומט אַ פלעדערוויש אויך צו ניץ. מאַכט זי צו מיר: „גיי צו אַל די שוואַרצע יאָר מיטן פלעדערוויש!" העלפט ניט. אַ ווייב, אַז זי זאָגט גיין, דאַרף מען גיין. אַזוי ווי איך גיי, איך טו אַ קוק, אויף די גאַלעוועס טוט זיך חושך. שוין לאַנג שטיל געוועזן. וואָס איז שוין ווייטער? נאָך אַ צייטונג האָט זיך מתקנא געווען אין יענע צייטונגען: „אָט דאָס הייסט פּרעמיעס, כאַ־כאַ? וואָס איז אַ ווילע מיט בעל־הבתישקייט, אַז ס'איז ניטאָ קיין מעלקנדיקע קו? קליינע קינדער נעבעך ווילן מילך. קיין ציג, קיין עוף, קיין גענדזל, קיין קאַטשקע. איי פּע! מיר שפּילן אויס, זאָגט זי, פאַר אונדזערע אַבאָנענטן אַלע צווייי וואַכן בהמות, ציגן, עופות, גענדז און קאַטשקעס און אַפילו אַ שטייג אויף צו האַלטן עופות. אַ סימן, זאָגט זי, נאַט אייך אַ געמילד פון אַ בהמה, וואָס מעלקט זיך, אַ גויע זיצט אונטער איר מיט אַ מעלקשעפל. און אָט דאַרט אַ ביסל ווייטער, זעט איר,

שטייט אַ האָן מיט אַ הויכן קאַם און אַ גאַנצע שטײַג מיט עופֿות? דאָס אַלצדינג, זאָגט זי, גיבן מיר אײַך אַלע צוויי וואָכן בחינם. אַ פּרעמיע הייסט עס. נישט מער, איר באַדאַרפֿט, זאָגט זי, נאָר קויפֿן אונדזער צײַטונג אַלע טאָג און שנײַדן קופּאָנעס. יעדן טאָג אַ קופּאָן. 15 טעג — 15 קופּאָנעס.

— געקומען אַהיים מיט דער נײַער גדולה, איז דאָך עס אַ ייִדענע: „טאָ־מער אַזוי און טאָמער אַזוי?" זאָג איך איר: נאַרישע ייִדענע וואָס דו ביסט, נאָ, זע. אָט האָסטו פֿאַר די אויגן: אַ בהמה, זאָג איך, וואָס מעלקט זיך, אַ האָן מיט אַ הויכן קאַם, אַ פֿולע שטייג מיט עופֿות.

— בקיצור — איך בין דאָך עפּעס אַ מאַנסביל. איך האָב אַזוי לאַנג גערעדט ביז איך האָב זי איבערגערעדט און מיר האָבן זיך גענעבן אַ נעם זאַמלען קופּאָנעס. יעדן טאָג אַ קופּאָן. 15 טעג — 15 קופּאָנעס. און אויפֿן 16טן טאָג — טרראַך! איך האָב געוווּנען אַ מעלקשעפּל! האָבן מיר שוין, הייסט עס, אַזוי גרויס, ווי דרײַ טויזנט איילן אונטער וואַרשע, אַ פּאַרטיקן פּלאַן פֿון אַ ווילע, און אַ פֿלעדערוויש, און אַ בעל־הבתּישקייט, און אַ מעלקשעפּל אויף צו מעלקן אַ קו.

— געקומען אַהיים מיטן מעלקשעפּל, איז דאָך עס אַ ייִדענע. הייבט זי דאָך מיך אָן צו יאַדען: „ווּעמען וועסטו מעלקן, דו שלימזל איינער?" זאָג איך איר: האָב צײַט, אסתּר־ברכה, אַז דער אייבערשטער האָט געהאָלפֿן, זאָג איך, אויף אַ מעלקשעפּל, וועט ער שוין העלפֿן אויף אַ בהמה. זאָגט זי: „ביסט אליין אַ גוטע בהמה. גיין זאָלסטו, זאָגט זי, אין דער ערד מיטן מעלקשעפּל!" העלפֿט ניט. אַ ווײַב, אַז זי זאָגט גיין, דאַרף מען גיין. אַזוי ווי איך גיי, איך טו אַ קוק, אויף די באַלעווקעס טוט זיך שוין חושך. וואָס איז שוין ווײַטער? נאָך אַ צײַטונג האָט זיך מתקנא געווען אין יענע צײַטונגען און זאָגט אַזוי: דרײַ טויזנט קוואַדראַט־איילן אונטער וואַרשע גיבן זיי מיט ווילעס, מיט בעל־הבתּישקייט, פֿי און רינדער און האָבן אַ פּנים פֿאַרגעסן, אַז פֿאַרן יעדן טאָג אויף דער ווילע קאָסט, זאָגט זי, געלט און גיין קאָן מען בלײַבן אָן פֿיס. ניטאָ בײַ זיי קיין רחמנות, זאָגט זי, אויף יענעמס בײַטל און אויף יענעמס פֿיס. מיר, וואָס אונדזער גאַנצער מיין, זאָגט זי, איז נאָר טובֿת־הכּלל און די באַקוועמ־לעכקייט פֿון אונדזערע לעזערס, האָבן מיר געפֿונען, זאָגט זי, אַ מיטל צו געבן אונדזערע אַבאָנענטן די מעגלעכקייט צו באַגיין זיך אָן אַ באַן און אָן פֿיס. יעדער איינציקער, זאָגט זי, וועט זיך פֿאָרן אויף זײַן ווילע מיט זײַן אייגן פֿערד־און־וועגעלע. אָט דאָ גיבן מיר אײַך, זאָגט זי, אַ פּאָרטרעט פֿון אַ פֿערד

און פֿון אַ וועגעלע. און אַט דאָרט, אַ ביסל ווײַטער, זעט איר, זאָגט זי, נאַ־טעטשאַנקעס, פּראַליאַטקעס און ליניייקעס? דאָס איז אַלץ, זאָגט זי, פֿון אייערט וועגן. אַפֿילו אַ סברויע און פֿערדגעצײַג — דאָס אַלצדינג, זאָגט זי, גיבן מיר אונדזערע לעזוערס בחינם. אַ פּרעמיע הייסט עס, צוויי מאָל אין חודש. נישט מער, זאָגט זי, מען באַדאַרף קויפֿן אַלע טאָג אונדזער בלאַט און שנײַדן קופּאָ־נעס, יעדן טאָג אַ קופּאָן; 15 טעג — 15 קופּאָנעס.

— געקומען אַהיים מיט דער בשורה, איז עס דאָך אַ יידענע. הייבט זיך אָן: „טאָמער אַזוי און טאָמער אַזוי?" זאָג איך איר: נאַרישע נקבה וואָס דו ביסט! נאַ זע, אָט האָסט דו, זאָג איך, אַ פּאָרטרעט פֿון אַ פֿערד און וועגעלע און סברויע און דאָס גאַנצע פֿערדגעצײַג...

— בקיצור — איך בין דאָך עפּעס אַ מאַנסביל. איך האָב אַזוי לאַנג געריעדט ביז איך האָב זי איבערגערעדט, און מיר האָבן זיך געגעבן אַ נעם זאַמלען קופּאָנעס, יעדן טאָג אַ קופּאָן. 15 טעג — 15 קופּאָנעס, און אויפֿן 16טן טאָג — טרראַך! איך האָב געווונען אַ בײַטש אויף אָנצוטרײַבן.

— געקומען אַהיים מיטן בײַטשל — איז דאָך עס אַ יידענע. הייבט זי מיך אָן מסתמא צו יאַדען: „שיינע זאַכן געווינט ער, דער שלימזל! פֿלעדערווישן מיט מעלקשעפֿלעך מיט בײַטשלעך! גיין זאָלסטו, זאָגט זי, כּף־הקלע מיטן בײַטשל!" — העלפֿט ניט, אַ ווײַב אַז זי זאָגט גיין, דאַרף מען גיין. אַזוי ווי איך גיי, איך טו אַ קוק — אויף די נאַלעווקעס איז חושך ואפֿלה! וואָס איז שוין ווײַטער? אַ שפּאָגל נײַע פּרעמיע. נאָך אַ צײַטונג האָט זיך מתקנא געווען אין יענע צײַטונגען און זאָגט אַזוי: צײַטונגען גיבן פּרעמיעס: דרײַ טויזנט קוואַדראַט־איילן אונטער וואַרשע, ווילעס, בעל־הבתישקייט, פֿי און רינדער, פֿערד און וועגעלעך, נו און מענטשן? דינערשאַפֿט? ווי קען זיך עס באַגיין, זאָגט זי, אַ שטוב אָן אַ קעכין, אָדער אָן אַ שטובמיידל, אָדער אָן אַ באָנע, אָן אַן אַם? בכדי אויסצופֿולן, זאָגט זי, דעם דאָזיקן חסרון האָבן מיר זיך, זאָגט זי, אונטערגענומען צושטעלן אונדזערע אַבאָנענטן דורך אַ לאָטעריע אַלע צוויי וואָכן, לויט געווינסט, אַ קעכין, אַ שטובמיידל, אַ באָנע, אַ ניאַנקע אָדער אַן אַם, און מיר, זאָגט זי, אַז מיר זאָגן, זאָגט זי, איז געזאָגט. אַ סימן, אָט גיבן מיר אײַך דאָ, זאָגט זי, אַ טיפּאָגראַפֿיע פֿון אַ יידענע אַ קעכין מיט פֿאַר־קאַטשעטע אַרבל, פֿון אַ באָנע, וואָס גייט שפּאַצירן מיט די קינדער אין וואַלד, און פֿון אַן אַם מיט פֿולע ברוסטן. אָט די אַלע מענטשן שטעלן מיר אײַך צו לויט לאָטעריע אַלע 14 טעג גלײַך אויף אײַער ווילע. גאַנץ בחינם, זאָגט זי,

נישט מער, זאָגט זי, איר באַדאַרפֿט קויפֿן אונדזער צייטונג און שניידן קופּאָ־נעס, אַלע טאָג אַ קופּאָן, 15 טעג — 15 קופּאָנעס.

— געקומען אַהיים מיט דער בשׂורה: „מזל־טוב דיר, אסתּר־ברכה, מיר האָבן שוין, זאָג איך, אַ דינסט אויף אין אונדזער ווילע. איז עס דאָך אַ ייִדענע. הייבט זיך אָן: „אַ נייַער שווינדל! און טאָמער אַזוי און טאָמער אַזוי?" זאָג איך איר: נאַ זע, זאָג איך, וואָס פֿאַר אַן איינגעשפּאַרטע זאָך דו ביסט! מען ווייַזט דיר, זאָג איך, אַ טיפּאָגראַפֿיע פֿון אַ קעכין, זאָגסט דו גאָר דאָס!..

— הקיצור, איך בין דאָך עפּעס אַ מאַנסביל, איך האָב אַזוי לאַנג גערעדט ביז איך האָב זי איבערגערעדט, און מיר האָבן זיך געגעבן אַ נעם גאָר איבער אַ נייַעם זאַמלען קופּאָנעס, אַלע טאָג אַ קופּאָן. 15 טעג — 15 קופּאָנעס, און אויף דעם 16טן טאָג — טררראַך! — איך האָב געוווּנען אַן אָם. האָבן מיר שוין ברוך־השם אַלצדינג: דרייַ הונדערט קוואַדראַט־איילן אונטער וואַרשע, אַ פּאַרטיקן פּלאַן אויף אַ ווילע, אַ פֿלעדערוויש אין בעל־הבתישקייט אַרייַן, אַ מעלקשעפֿל אויף צו מעלקן אַ קו, אַ בייַטשל אויף אָנצוטרייַבן אַ פֿערד און אַן אָם.

— געקומען אַהיים מיט דער נ'אָם, האָב איך געוווּסט, אַז איך וועל האָבן פֿון מייַן ווייַב אַ וויסטן סוף. אַ ייִדענע בלייַבט אַ ייִדענע. זי וועט אַוודאי נעמען מיך יאַדען: „וואָס וועלן מיר טאָן מיט אַן אָם, אַז מיר זענען בעזדעטניקעס און האָבן ניט קיין קינדער?" גיי ריכט זיך אויף אַזאַ שלאַק! אָפּגעלעבט מיט אַ ווייַב יאָרן, איך ווייס? — דאַכט מיר אַזוי פֿייַן, אַזוי שיין — און פּלוצעם כאַפּן פֿון איר אַזאַ מיאוסן פּסק! מילא די פּעטש, בין איך אייַך שוין מוחל. אָבער דער בזיון! פֿון אַ ווייַב, פֿון אַ ייִדענע זייַן געפּאַטשט!.. אַ גרוב וועט עס עפֿנט זיך מיר, וואָלט איך אַרייַן אַ לעבעדיקער! זינט איך לעב, זינט איך שטיי אויף מייַנע פֿיס, הערט איר, בין איך ניט געווען אַזוי אויפֿגעבראַכט, ווי אין יענער מינוט. נאָר פֿאַר כּעס אַ פּנים און פֿאַר גריזאָטע בין איך געווען אַזוי צעטומלט, אַז די צונג האָט זיך מיר צוגעקלעפּט צום גומען — איך זאָל עס כאָטש קענען אויסרעדן אַ וואָרט! און זי, מייַן אסתּר־ברכה הייסט עס, האָט זיך עס אַ ביסל צעלאָזט! ווו נעמט זיך צו אַ מענטשן אַזוי פֿיל ווערטער? „ס'אַ ליגן, זאָגט זי, אָט די אַלע פּיזמונות מיט די גאַזעטן מיט די פּרעמיעס מיט די גליקן, ניט־געשטויגן, זאָגט זי, ניט־געפֿלויגן, אויפֿן הימל, זאָגט זי, אַ יאַריד. דאָס האָב איך אַלייַן, זאָגט זי, אויסגעטראַכט — איר הערט? — איך אַלייַן האָב עס, זאָגט זי, אויסגעטראַכט פֿונעם קאָפּ, זאָגט זי, און געבראַכט, זאָגט זי, צו איר אין שטוב אַרייַן, זאָגט זי, ניט קיין אם זאָגט זי, נאָר אַ... טפֿו!" בין,

איך קען עס גאָר, הערט איר, פֿאַר מײַן מויל ניט ברענגען, מיט וואָס פֿאַר אַ נאָמען מײַן אסתּר־ברכה האָט זי אָנגערופֿן... אַ פּאַטעפּאַלנאַסט פֿון אַ ייִדענע!
— דאָס האָט מיך שוין אַזוי, הערט איר, פֿאַרקאַכט בײַם האַרצן, אַז — איר וועט מיר גלייבן צי ניין? — איך האָב דערזען פֿאַר זיך דעם מלאך־המוות אַ לעבעדיקן. און איך רוף מיך אָן צו מײַן ווײַב אַזוי: „הער זשע אויס, מײַן ווײַב, זאָג איך, ביז אַהער האָב איך, זאָג איך, דיר אָפּגעשוויגן, זאָג איך, נאָר ווי באַלד, זאָג איך, דו קענסט, זאָג איך, אויף מיר, זאָג איך, זאָגן, זאָג איך, אַזעלכעס, איז עק וועלט! אָדער דיר, זאָג איך, אָדער מיר — נאָר דער טויט, זאָג איך, זאָל זײַן!" — און ניט לאַנג געטראַכט כאַפּ איך אַ שער פֿונעם טיש — טראַך — אויסגעזועצט אַ פֿענצטער און אַרויסגעשפּרונגען אין דרויסן אַרויס, און פּאַשאָל פֿײַל אויסן בויגן מיט אַ געשריי: „לאָזט מיך, ייִדישע קינדער, — שרײַ איך נישט מיט מײַן קול — לאָזט מיך! אָט שטעך איך מיך! אָט הענג איך מיך! אָט טרענק איך מיך!" — אָט אַזוי שרײַ איך און לויף פֿון איין גאַס אין דער אַנדערער, און נאָך מיר לויפֿן נאָך ייִדן און ווײַבער און קינדער אָן אַ שיעור און שרײַען מיר נאָך: „יאָגט אים! כאַפּט אים! האַלט אים! לאָזט אים ניט!" און איך אין איין קול: „לאָזט מיך, ייִדישע קינדער, לאָזט מיך!.."

— איך ווייס גאָר ניט, הערט איר, פֿון וואַנען האָט זיך צו מיר גענומען אַזאַ כּוח? הונדערט פֿערד מיט צען אויטאָמאָבילן ווען עס יאָגן מיך נאָך, קאָנען זיי מיך ניט כאַפּן. אָט בין איך שוין אויף פּאַוויע און אָט בין איך שוין אויף די נאַלעווקעס. אָט בין איך אויף מיאָדאָוואַ און אָט, ווי איך רעד מיט אײַך, בין איך שוין אויף דער טיראַספּאָלער בריק. נאָך איין מינוט, איין רגעלע — און טראַך... איך כאַפּ מיך אויף — ערשט איך בין גאָר ביי זיך אין דער היים אויף מײַן בעטל אויף סמאָטשע־גאַס. ס'איז שוין ווײַט נאָך האַלבע נאַכט. די זילבערנע לבֿנה האָט זיך שוין לאַנג אַוועקגעמאַכט אויף יענער זײַט לאַזיענקעס; די בריליאַנטענע שטערן האָבן שוין געהאַלטן בײַ אויסלעשן זיך אייניציקווײַז, ווי די בענטשליכט, און מײַן אסתּר־ברכה זיצט אויף איר בעטל אַקעגן מיר אַן איבערגעשראָקענע, אָנגעבויגן איבער מיר און פֿרעגט מיך: „וואָס איז דיר? גאָט איז מיט דיר! אַ חלום?" — „אַ חלום, זאָג איך, נאָר וואָסער אַ חלום! שוין איין מאָל אַ חלום!"... „אויב אַזוי — זאָגט זי, — טאָ שפּײַ אויס, זאָגט זי, זיבן מאָל און לאָז עס פֿאַלן, זאָגט זי, אויף די שונאימס קעפּ, און זאָג, זאָגט זי, אָמן".

— איך פֿאָלג מײַן ווײַב און זאָג „אָמן" און איך דאַנק גאָט, וואָס ס'איז

אַ חלום און וואָס די גאַנצע מעשׂה מיט די דריַי טויזנט קוואַדראַט־איילן אונטער וואַרשע, מיט די ווילעס, מיטן בעל־הבתישקייט און מיט די אַלע איבעריקע גליקן איז אַ פּנים ניט מער ווי אַן אויסגעטראַכטע זאַך, אַ נעכטיקער טאָג, טאַקע ווי מיַין אסתּר־ברכה זאָגט, ניט־געשטויגן, ניט־געפֿלויגן, אויפֿן הימל אַ יאַריד...

1911

## „גוט־מאָרגן!“

### (אַ מעשׂה שהיה)

מאַטוויי ווערעטאַ האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט. אַ גאַנצע נאַכט געשפּילט אין סטאָס. שפּעט אויפֿגעשטאַנען, איַינגעשלונגען דעם אָנבײַסן און פֿליט ראָס צו „פּאַנקאָבין“.

ס'איז הײַנט אַ טאָג פֿון קורסן. אַ ברעזשעטאָג.

דאָס האַרץ זאָגט אים, אַז ער וועט הײַנט האָבן אַ גוטן טאָג. ער האָט שוין דערויף סימנים אַזעלכע.

ערשטנס האָבן זיך אים געחלומט שטיוול, און דאָס איז ידוע, אַז עס חלומט זיך שטיוול — איז גוט. שוכוואַרג וואָאַבשטשע באַוויַיזט אויף געלט... הײַנט איז מען אים איבערגעגאַנגען אויף דער קאַנאַטנע מיט פֿולן... און אַן אַלעמען האָט ער וואָאַבשטשע אַ פֿאַרגעפּיל (יעדער בערזע־מענטש האָט אַ פֿאַר־געפּיל). רענטע מוז הײַנט אַראָפּפֿאַלן, דאָס איז זיכער ווי דער טאָג.

מאַטוויי ווערעטאַ איז אויף רענטע „אַ לאַבעס“. ער האָט זי פֿײַנט. ער האַלט אין איין פֿאַרקויפֿן רענטע, און רענטע האַלט אין איין שטײַגן. קאָסט דאָס אים רבי־געלט, נו געוויינטלעך. פֿון דעסטוועגן פֿאַלט ער בײַ זיך ניט אַראָפּ. לאָז זיך די רענטע הייבן וויפֿל זי וויל — עס מוז אַ מאָל קומען אויף איר אַ מפּלה. ביז וואַנען וועט זי שטײַגן?..

מיינט ניט פֿון דעסטוועגן, אַז מאַטוויי ווערעטאַ איז בטבע אַזאַ שלעכטער מענטש, וואָס איז געשטימט „אַ לאַ בעס“. פֿאַרקערט, אויף אַנדערע פּאַפּירן איז ער דווקא „אַ לאַ האָס“. למשל „וויגרישנע“ — לאָז ער דאָס פֿאַרמאָגן וויפֿל „וויגרישנע“ ער האָט אָנגעקויפֿט אויף אולטימאַ פֿעבר. און אולטימאַ יון. וואָס מיינט איר, מאַטוויי ווערעטאַ איז עפּעס אַ ייִנגעלע? ער פֿאַרשטייט ניט, ווילכעס עס דאַרף גיין אַראָפּ און ווילכעס אַרויף? איַי, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל אין איין צײַט גייך אַראָפּ און אַרויף? אמת, עס קומט טאַקע אויס אַ ביסל פּריקרע, ווי למשל פֿליישיק און מילכיק צו גלייכער צײַט. דער תּירוץ איז אָבער: אין אָדעס איז אַלץ מעגלעך. איך וועל עס אײַך אַ מאָל אויס־ווײַזן מיט סימנים און מיט ראיות. אַ מאָל, ניט הײַנט. איצט זענען מיר פֿאַר־נומען מיט מאַטוויי ווערעטאַ.

געקומען אויף פּושקינסקי צום „אוגאָל באָלשאַיאַ אַרנאַוטסקאַ”, לויפט אים אַקעגן אַ גאַזעטן־טרעגער מיט אַ פאַרשוויצט פּנים:

— „גוט־מאָרגן”!

— גוט־מאָרגן, גוט־יאָר.

די אָדעסער זענען וואָאַבשטשע העפּלעך... אַזוי טראַכט זיך ווערעטאַ און שפּאַנט ווײַטער.

אָפּגעגאַנגען ביז אוגאָל באַזאַרנע, קומט אים אַקעגן נאָך אַ גאַזעטן־טרעגער און ווידער:

— „גוט־מאָרגן!”

— גוט־מאָרגן, גוט־יאָר!

אויף אוסאָענסקי אויך די אייגענע מעשה:

— „גוט־מאָרגן!”

— גוט־מאָרגן, גוט־מאָרגן.

און אַזוי אויף טראָיצקי און אויף יעווריייסקי און אויף פּאָטשטאָווע — אומעטום „גוט־מאָרגן!” זיי האָבן זיך דאָס אַ ביסל „צעגוט־מאָרגנט” — טראַכט מאַטווייִ ווערעטאַ — צי מאַכן זיי ניט חוזק פון אים וואָס ער גייט אַזוי שפּעט אויף דער בערזע?.. אַ ביסל אַן עזות! און וואָאַבשטשע, וואָס פאַר אַ מחותּן איז ער מיט גאַזעטשיקעס?... און מאַטווייִ הייבט אָן צו גיין נאָך גיכער ביז דער פּאָליצייסקע.

געקומען אויף דער פּאָליצייסקע, האָט מען אים גענומען אַטאַקירן פון ביידע זײַטן און פאַכען אים גלײַך אין פּנים אַרײַן מיט עפּעס מאָדנע בלעטלעך מיט יִדישע אותיות:

— גוט־מאָרגן! גוט־מאָרגן! גוט־מאָרגן!..

ערשט דאָ האָט זיך אונדזער העלד אַרומגעקוקט, וואָס דאָס איז פאַר אַ „גוט־מאָרגן”. און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע — אָבער טאָקע ניט מער ווי אויף אַ ווײַלע — און האָט פאַרבונדן אַ גאַנץ קורצן דיאַלאָג מיט איינעם פון די גאַזעטן־טרעגערס:

— אַ גאַזעט?

— אַ גאַזעט.

— אַ יִדישע?

— אַ יִדישע.

— ווו גייט זי אַרויס?

— אין אָדעס.

— אין אָדעס? וואָס קאָסט זי?

— אַ קאָפּיקע.

גיך, נאָך גיכער ווי איך שרײַב די דאָזיקע ווערטער, האָט מאַטוויי ווערעטאַ אַרויסגעכאַפּט דאָס בײַטעלע, אַרויסגענומען פֿון דאָרט 2 קאָפּיקעס, ניט געוואַרט אויף אויסגאַב, אַ כאַפּ געטאָן אַ „גוט־מאָרגן" און — אַרומגעקוקט זיך צי קיינער זעט ניט — האָט ער אַרײַנגעשטעקט דאָס בלעטל טיף אין קעשענע, און מיט אַ שטיל געלעכטער אין זיך האָט ער זיך געלאָזט גיין ווײַטער צו דער דעריבאַסאָווסקע צו.

„כאַ־כאַ, ער וועט שוין האָבן צו דערציילן בײַ פֿאַנקאָניק... אַ יידישע גאַזעט... אין אָדעס וואָס... כאַ־כאַ... אַלצדינג מאַכן נאָך אונדזערע יידע־לעך... מילא מעטרעסעס, ליובאָוויניקעס, קאָמעדיע בראָקאַ יושקעוויטש כאַ־כאַ, דאָס איז נאָך צו פֿאַרשטיין... אָבער אַ גאַזעט אַ יידישע, אין אָדעס, כאַ־כאַ... עס וועט שוין זײַן וואָס צו רעדן בײַ פֿאַנקאָניק..."

*

בײַ פֿאַנקאָנין האָט מאַטוויי ווערעטאַ פֿאַרגעסן אין דער גאַנצער מעשׂה; די רענטע האָט זיך ווי צו להכעיס געגעבן אַ הייב אויף, און די „וויגרישנע" האָבן געגעבן אַ פֿאַל אַראָפּ — גלײַך ווי זיי האָבן זיך צונויפֿגערעדט...

1911

# „קאַמעדי בראַק"

## (אַ נײַע פורים־שפּיל אין צוויי אַקטן)

די פּאַרשוינען:

| | | |
|---|---|---|
| אחשוורוש | — | שאַך פון פּערסיע |
| המן | — | אַן אַנטיסעמיט |
| מרדכי | — | אַ ייִד |
| אסתר | — | זײַן קוזינע |
| יושקעוויטש | — | אַ שפּילמאַכער |
| ממוכן | — | אַ שילאָטן־שמש |

הויפמענטשן, געסט, פּובליקום.

קומט פאָר אין דער הויפּטשטאָט פון פּערסיע, אין שושן־הבירה.

### ערשטער אַקט

בײַם קעניג אַחשוורוש אין פּאַלאַץ זיצט מען און מען טרינקט. אויף אַ שטול פון העלפאַנדביין, מיט גאָלד באַלייגט, זיצט דער שאַך מיט אַ גאָלדענער רוט. אַנטקעגן שטייט המן, די הענט צונויפ־געלייגט אויף דער ברוסט, אָנגעטאָן אין אַ דרײַעקיקן ספּאָדיק, ווי אַ המן־טאַש. בײַ דער טיר שטייט ממוכן.

אַחשוורוש: (פאַרזאָרגט, צו המנען) וואָס זאָל איך דיר זאָגן, המן? אומע־טיק... ושתּי אומגעבראַכט... אָן אַ קעניגין... סקוטשנע אין שושן־הבירה.

המן: גרויסער קעניג! זאָרג ניט. ס'איז דאָ אַן עצה.

אַחשוורוש: דהײַנו?

המן: לאָז מען צונויפרופן אַלע קראַסאַוויצעס פון שושן־הבירה, אויסקלײַבן פון זיי די שענסטע און די בעסטע, און אויב זי וועט געפעלן דעם קעניג...

אַחשוורוש: אַן אידייע.

המן: ממוכן!

ממוכן: (גייט צו) אדוני קעניג!..

המן (צו ממוכנען): טו אַ שפּרונג אויף איין פֿוס, זאַמל צונויף אַלע קראַסאַוויצעס פֿון שושן־הבירה, און די שענסטע און די בעסטע פֿון אַלע זאָלסטו ברענגען פֿאַרן קעניג.

ממוכן: הנני — איך בין גרייט! (שפּרינגט אויף איין פֿוס. עפֿנט אויף די טיר, זינגט) אַריין, אַריין, אַריין, דו שיינע אסתּר דו מיַין!

אסתּר: (קומט אַריַין. קניט פֿאַרן קעניג) אדוני קעניג!

אַחשוורוש: (אויפֿגעלעבט. צו המנען) וואָס זאָגסטו? נישקשה פֿון אַ יפֿיפֿיה? האָ?

המן: אַ פֿיַינע נקבה. (אין אַ זיַיט) איך בין אַליין אויך אַ בעלן אויף אַזאַ שטיקל סחורה.

אַחשוורוש: (צו אסתּרן) ווי רופֿט מען דיך, מיַין קינד?

אסתּר: אסתּר איז מיַין נאָמען.

אַחשוורוש: (צו המנען) וואָס טוט מען מיט אסתּרן וואָס זי איז מיר אַזוי געפֿעלן? עס ברענט אין מיר אַ פֿיַיער פֿון ליבע...

המן: (אָן אַ זיַיט) שוין? עס האָט זיך שוין צעברענט אין אים אַ פֿיַיער! דער זעלבער פֿיַיער ברענט אין מיר אויך... (צו אַחשוורושן) גרויסער קעניג! פֿרעגסט מיך וואָס מען טוט? מען טוט אָן ושתּיס קרוין אויף איר קאָפּ און לאָז זי זיַין קעניגין אויף ושתּיס אָרט. (פֿאַר זיך) און מיט דער ציַיט וועל איך מיך מסתּמא צו איר אַליין צושדכנען...

אַחשוורוש: אַ אידייע (בייגט אָן די רוט צו אסתּרן) אסתּר! דו האָסט געפֿונען חן אין מיַינע אויגן. פֿון היַינט אָן ביסטו דו קעניגין.

אסתּר: (קושט די רוט) גרויסער קעניג! (גייט אָפּ).

אַחשוורוש: (צו המנען) מיַין געטריַיער קנעכט המן! וואָס פֿאַר אַ באַלוינונג זאָל איך דיר געבן פֿאַר דער עצה? (טוט אויס דעם רינג פֿון פֿינגער און שענקט אים אַ מתּנה).

המן: (נעמט דעם רינג) איך דאַנק דיר גרויסער קעניג. איך פֿאַרלאַנג ניט קיין באַלוינונג. נאָר איין זאַך וואָלט איך יאָ בעטן פֿון דיר, אויב איך האָב געפֿונען חן אין דיַינע אויגן. פֿאַראַן ביַי דיר אין הויף אַ ייִד. מרדכי הייסט ער — קען איך אים ניט אָנקוקן. איך וואָלט אים געוואָלט זען הענגען אויף אַ בוים.

אַחשוורוש: געהאָנגען זאָל ער ווערן.

המן: איך דאַנק דיר, גרויסער קעניג! דאָס אַליין איז אָבער ווינציק. מרדכי איז ביי דיר ניט איינער. פֿאַראַן ביי דיר אין דער מדינה ששים רבוא אַזעלכע יידן. ניט אויסצושטיין פֿון זיי. זיי האָבן זיך זייערע אייגענע דינים מיט זייער אייגענעם לשון און טוען אונדז נאָך פֿון דעסטוועגן אַלצדינג אַזוי ווי די מאַלפּעס: עסן אונדזער חזיר, טרינקען אונדזער וויין, רעדן אונדזער שפּראַך און בייטן זיך מיט די ווייבער. „פֿרייע ליבע", פּונקט אַזוי ווי ביי אונדז...

אַחשוורוש: (אין צאָרן) וואָס איך הער!

המן: טאָמער גלייבסטו מיר ניט, רוף אַריין יושקעוויטשן דעם שפּילמאַכער. ער האָט אויפֿגעפֿירט אַ שפּיל פֿונעם יידישן לעבן מיטן נאָמען „קאָמעדי בראַק".

אַחשוורוש: אַריינקומען זאָל ער!

המן: (צו ממוכנען) טו אַ שפּרונג אויף איין פֿוס און ברענג אַריין אַהער יושקעוויטשן דעם שפּילמאַכער! (ממוכן שפּרינגט אויף איין פֿוס און קומט באַלד צוריק).

ממוכן: (עפֿנט אויף די טיר, זינגט) אַריין, אַריין, אַריין, סעמיאָן יושקע־וויטש דו מיין!

יושקעוויטש: (אַן איבערגעשראָקענער) מען האָט געשיקט נאָך מיר?

המן: (צו יושקעוויטשן) דו האָסט אָנגעשריבן אַ שפּיל מיטן נאָמען „קאָמעדי בראַק"?

יושקעוויטש: און אַז איך האָב אָנגעשריבן איז וואָס? שלום אַש מעג שרייבן און איך ניט? באַשר זיי זאָגן, אַז איך בין אַן אַנטיסעמיט? מיט וואָס בין איך אַן אַנטיסעמיט? דערמיט וואָס איך זאָג אַרויס דעם אמת? דערמיט וואָס איך פֿיר אַרויס אויף דער סצענע די זאַטע בורזשויעס מיט זייערע אויסגעלאַסענע ווייבער? בין איך דען שולדיק אַז ס'איז ביי זיי הפֿקר ציבעלעס מיינס און דיינס און שותּפֿותדיקס? וואָס בין איך שולדיק, אַז ס'איז ביי זיי געוואָרן אַ מאָדע „פֿרייע פֿאַרבאָרגענע" ליבע? וואָס איז שולדיק דער קינסטלער, אַז די דאָזיקע מאַגנאַטן בורזשוקעס, אינטעליגענטן, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים טוען איצט קיין זאַך, נאָר זיי האַלטן אין איין בייטן זיך — נאַ דיר מיין ווייב און גיב מיר דיין ווייב?...

המן: (צו אַחשוורושן) הערסט ווערטער? (צו יושקעוויטשן) נו, און ווי איז ביי זיי מיט די איבעריקע זאַכן? למשל חזיר?

יושקעוויטש: און אַז זיי פֿרעסן איקרע איז וואָס? איקרע איז דען ניט טרייף ווי חזיר?

המן: (צו אַחשוורושן) היינט זעסטו שוין? זיי זאָגן אַליין אויף זיך וואָס אין דער קאָרט, היינט וואָס זאָל איך שוין זאָגן?

יושקעוויטש: (וויל זיך פאַרענטפערן) איך זאָג עס דען אויפן כלל ייִדן? האָב איך דען ניט געזאָגט פּריִער, אַז „קאָמעדי בראַק" — דאָס איז נאָר ביי פּעטע, זאַטע בורזשויעס?... האָב איך דען ניט געזאָגט דעם אמת אַלס קינסטלער און אַלס פּאַטריאָט פון מיין פאָלק?... אָדער איך האָב געזינדיקט מיט דעם וואָס איך האָב אומעטום אויסגעהאַלטן דעם ייִדישן אַקצענט?.. אָדער...

המן: (שלאָגט אים איבער) גוט, גוט. דיין אַרבעט וועט ניט זיין אומזיסט... קאָנסט גיין. (יושקעוויטש גייט אָפּ, המן צו זיך אַליין) איך וועל מיך ניט באַרויִקן ביז מען וועט ניט אויפהענגען אַלע ייִדן! (צום שאַך) אדוני קעניג! אויב איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגן, וואָלט איך דיר געזאָגט, אַז מיר דאַרפן די ייִדן אויף תשעים ניינציק כפּרות. אַ פּאַסקודנע פאָלק! זיי טוען אונדז נאָך אויף יעדן טריט. „פּריַיע ליבע". בייטן זיך מיט די ווייבער... היינט בייטן זיי זיך מיט זייערע ווייבער, מאָרגן וועלן זיי זיך בייטן מיט אונדזערע ווייבער... איך וואָלט געזאָגט, מען זאָל זיי אויסהענגען אַלע אין איין טאָג...

אַחשוורוש: אַ אידייע. געהאָנגען זאָלן זיי ווערן! (עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אסתּר אַנגעטאָן ווי אַ קעניגין. צו אסתּרן) וואָס איז דיין באַגער, אסתּר? ביז אַ האַלבע מלוכה וועסטו ביי מיר פועלן.

אסתּר: (קניט) אויב איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגן... מאָרגן איז ביי מיר אַ באַל. וויל איך דיך בעטן, גרויסער קעניג, דיך און המנען צו מיר אויפן באַל.

אַחשוורוש: צו ליב דיר, אסתּר, ביז אַ האַלבע מלוכה וועסטו ביי מיר פועלן. (גייט אָפּ).

המן: (בלייבט אַליין, רייבט אַ האַנט אָן אַ האַנט). עס גיט זיך אויס אַ טאָג! מיר איז דאָס געראָטן! איך איין קלאַפּ פּטור געוואָרן פון מרדכי און פון אַלע ייִדן, און איצט בין איך איינגעלאַדן אויף אַ באַל צו אַט דער יפיפיה. כאַ־כאַ — עס וועט שוין זיין אַ קאָמעדי בראַק!...

(ענדע ערשטער אַקט)

## צווייטער אַקט

אַ פּרעכטיקער בודואַר אין פּערסישן סטיל. ווייכע דיוואַנעס, אויף אַן אָטאָמאַנקע ליגט אָנגעשפּאַרט אויף אַ האַנט אסתּר. אַקעגן איר שטייט המן אָנגעטאָן אין דער גאַנצער פּערסישער אוניפאָרעם. פון דער האַלב צוגעמאַכטער טיר באַווייַזט זיך אַלע מינוט אַ פיגור. דאָס איז מרדכי. ער הערט זיך אונטער.

המן: (צו אסתּרן) אַזוי ווי די זון אום תּמוז, אַזוי טוסטו שייַנען. ווי די טייַבעלעך, טוען קוקן דייַנע אויגן. אַ פייַער ברענט אין מייַן האַרצן פון זינט איך האָב דיך דערזען (וויל זי נעמען פאַר אַ האַנט).

אסתּר: (נעמט צו איר האַנט) דו פאַרגעסט, אַז איך געהער צום קעניג אַחשוורוש.

המן: דייַן לייַב, אָבער ניט דייַן נשמה. די ליבע איז פרייַ... פרייַ אַזוי ווי דער ווינט... אַזוי ווי די וועלט... (קניט, קושט איר די שפּיץ פיס). אָ, ליבע מיך, ליבע מיך, אסתּר!... (מרדכיס פיגור ווערט אין גאַנצן פאַרשווונדן. עס עפנט זיך האַסטיק די טיר און עס באַווייַזט זיך דער שאַך. המן הערט ניט אויף צו קושן אסתּרן די שפּיץ פיס און רעדן מיט פייַער) אָ, ליב מיך, ליב מיך, אסתּר!... (דערזעט דעם שאַך, כאַפּט זיך אויף, גלייַך ווי ניט ער. גייט צו צום שאַך) גרויסער קעניג!...

אַחשוורוש: (אין צאָרן, נאָר האַלט זיך איין) זאָג נאָר, מייַן געטרייַער קנעכט המן, וואָס קומט יענעם מענטשן, וואָס דעם שאַכס קעניגין איז בייַ אים טייַערער פון זייַן אייגן לעבן?

המן: אַזאַ מענטש דאַרף מען אַרויפזעצן אויפן קעניגס פערד, פירן איבער שושן־הבירה און שרייַען: „ככה יעשה לאיש"...

אַחשוורוש: ממוכן! (עס קומט אַרייַן ממוכן) ווער איז אין הויף?

ממוכן: מרדכי דער ייִד.

אַחשוורוש: אַרייַנקומען זאָל ער! (ממוכן קומט אַרייַן מיט מרדכין).

מרדכי: (קניט) אדוני קעניג!

אַחשוורוש: (צו המנען) זייַ זיך מטריח, נעם דאָס פערד, זעץ אַרויף אָט דעם ייִדן מרדכין רייַטנדיק, פיר אים איבער שושן־בירה און שרייַ אויס: „ככה יעשה לאיש!"...

המן: (ווילֿ אָנהייבן רעדן) אדוני קעניג!... (אַחשוורוש שלאָגט אים איבער).
אַחשוורוש: (צו מרדכין) וואָס קומט דעם מענטשן, וועלכן דער קעניג האָט געכאַפּט זיך וואַלגערן ביי דער קעניגין צופֿוסנס?
מרדכי: הענגען.
אַחשוורוש: (צו ממוכנען) געהאָנגען זאָל ער ווערן!
אסתר: (צום קעניג) גרויסער קעניג! אויב איך האָב געפֿונען חן אין דיינע אויגן, זאָל מיר זיין דערלויבט צו דערציילן פֿאַר דיר מיין ביטער האַרץ. ניט נאָר אויף מיר אַליין האָט מען היינט געמאַכט אַן אָנפֿאַל, נאָר אויף מיין גאַנצער משפּחה און אויף מיין גאַנצעס פֿאָלק האָט מען אָנגערעדט פֿאַר דיר, מען זאָל אונדז אויסהענגען אַלע אין איין טאָג.
אַחשוורוש: (אין גרויס גרימצאָרן) ווער איז אָט דער דאָזיקער, וואָס האָט זיך דערלויבט צו טאָן אַזאַ זאַך?!
אסתר: (ווייזט אויף המנען) אָט דאָס איז ער אָט דער רוצח, דער המן.
אַחשוורוש: (צו המנען) אויף וואָס געגרינדעט האָסטו געוואָלט אומברענגען אַ גאַנץ פֿאָלק?
המן: (קניט) גרויסער קעניג! איך בין ניט שולדיק. שולדיק זענען זיי אַליין. זייערער אַן אייגענער האָט אָנגעשריבן אויף זיי אַ שפּיל מיטן נאָמען „קאָמעדי בראַק", שטייט דאָרטן בפֿירוש געשריבן, אַז...
אַחשוורוש: (וויל ניט הערן ווייטער) ווער איז אָט אָ יענער?
המן: סעמיאָן יושקעוויטש רופֿט מען אים.
אַחשוורוש: (צו ממוכנען) אַריינקומען זאָל ער אָט דער דאָזיקער!
ממוכן: (שפּרינגט אויף איין פֿוס און קומט באַלד צוריק מיט יושקעוויטשן, עפֿנט די טיר) אַריין, אַריין, אַריין, ברודער יושקעוויטש דו מיינן!
אַחשוורוש: (צו יושקעוויטשן) הער נאָר, דו, אַזעלכער און אַזעלכער, וואָס פֿאַר אַ טשעפּוכאַ האָסטו דאָרטן אָנעדראָקעט אויף דיין פֿאָלק?
יושקעוויטש: אַז עטלעכע פֿעטע בורזשויעס פֿאַרנעמען זיך מיט „פֿריי פֿאַרבאָרגענע" ליבע, הייסט עס דען דאָס גאַנצע פֿאָלק? און אַז שלום אַש פֿירט אַרויס אַ יאַנקל שאַפּשאָוויטש, הייסט דאָס דען דאָס גאַנצע פֿאָלק?..
אַחשוורוש: (צו ממוכנען) אַוועקזעצן זאָל מען אין האַרעם אָט דעם שפּיל-מאַכער פֿערציק סריסים, און פֿערציק טעג נאָכאַנאַנד זאָל מען שפּילן פֿאַר אים זיין „קאָמעדי בראַק" טאָג אַזוי ווי נאַכט. און אַז ער וועט איינשלאָפֿן ווערן זאָל מען אים אויפֿוועקן און ווידער שפּילן פֿאַר אים זיין „קאָמעדי בראַק" און

אַזוי פֿערציק טעג כּסדר. (צו המנען) וויפֿל קינדער האָסט דו?

המן: (מיטן לעצטן ביסל האָפֿענונג) צען: פּרשנדתא, דלפֿן, אספּתא, פּורתא, אדליא, ארידתא, פּרמשתא, אריסי, ארידי ויזתא...

אַחשוורוש: געהאָנגען זאָל ער ווערן מיט אַלע צען! (נעמט אַראָפּ ביי המנען דעם ספּאָדיק פֿונעם קאָפּ און טוט אָן מרדכין. נעמט אסתּרן פֿאַר אַ האַנט, גייען אָפּ. מרדכי גייט זיי נאָך).

ממוכן: (צו המנען) קום, המן, וועל איך דיך אויפֿהענגען (גייען אָפּ).

יושקעוויטש: (איינער אַליין, אין אַ טראַגישער פּאָזע, האַלט זיך ביים קאָפּ). צו וואָס האָט מיר געטוצט אָט דער גאַנצער עסק? צו וואָס האָב איך באַדאַרפֿט אַ „קאָמעדי בראַק״? זיך פֿאַרטשעפּען מיט ייִדן? פֿאַר וואָס האָב איך בעסער ניט אָנגעשריבן אָט דאָס פֿראַנצייזישע שטיק „שאַנטעקלער״?... מייַן „קאָמעדי בראַק״ איז געגאַנגען סך־הכּל אַ מאָל צוואַנציק און „שאַנטעקלער״ גייט אָן אַ סוף און וועט נאָך גיין און גיין...

ממוכן: (קומט צוריק, נעמט יושקעוויטשן פֿאַר אַ האַנט) קום, שמעון, וועט מען דיר לייענען די מגילה...

(פֿאָרהאַנג)

1912

# געקויפט עולם־הבא!

## (פון אַ בריוו אין באָברויסק)

— און וואָס איר שרײַבט מיר מכוח קומען קיין באָברויסק — מיטן גרעסטן פאַרגעניגן!

ווארעם דערמאָן איך מיך מײַן זײַן אין באָברויסק, מוז איך מיך דערמאָנען אינעם עולם־הבא, וואָס איך האָב מיר געקויפט אין באָברויסק...

דאָס איז געווען — איר געדענקט דאָך ווען איך בין געווען אין באָברויסק. איר זײַט דאָך אַ באָברויסקער.

ס'איז געווען ווינטערצײַט.

ס'איז אויסגעפאַלן אַ שניי. נאָר דער שניי איז צעגאַנגען און ס'איז געוואָרן ...אַ בלאָטע.

די באָברויסקער בלאָטע דאַרף איך אײַך ניט באַשרײַבן: איר זײַט דאָך אַ באָברויסקער.

דער זאַל, ווו דער אָוונט איז געווען, האָט זיך אָנגעצונדן מיט אַ סך ליכט און לאָמפּן און האָט באַלײַכט די בלאָטע ווײַט אַרום און אַרום ביז דער אַכסניה, ווו איך האָב געהאַלטן סטאַנציע.

און ווײַל ס'איז געווען ליכטיק און גאָרניט ווײַט, האָב איך עולה־רגל געווען פון דער סטאַנציע ביזן זאַל מחילה צו פוס.

געגאַנגען בין איך אַליין מיט מײַן פּעקל כתבים, מאַנוסקריפּטן אויף צו לייענען.

אין איינעם מיט מיר, נאָר אַ ביסל אָן אַ זײַט, איז געגאַנגען נאָך אַ מענטש, גלײַך מיט מיר געטיאַפּקעט אין דער בלאָטע, באַלויכטן פון די ליכט און לאָמפּן וואָס אין זאַל.

דער מענטש, וואָס איז געגאַנגען און געטיאַפּקעט אין דער בלאָטע, איז געווען אַ נקבה.

פריִער איז זי געגאַנגען בײַ דער זײַט, דערנאָך, ווײַטער־ווײַטער, האָט זי גענומען אַ ביסל נענטער צו מיר.

ביז זי איז צוגעגאַנגען צו מיר גאָר נאָענט.

עס איז שוין געווען ניט ווײַט פון זאַל.

— זאָלט איר געזונט זײַן — מאַכט זי צו מיר מיט אַן אונטערטעניק שמייכעלע און פֿון איר שפּראַך האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז זי איז אַ ליט־וועטשקע — זאָלט איר געזונט זײַן, האָט קיין פֿאַראיבל ניט וואָס איך באַמי אײַך. איר גייט דאָך אויף שלום־עליכמען?

— וואָס איז דען?

— אויב אויף שלום־עליכמען, האָב איך צו אײַך אַ גרויסע בקשה.

— דהײַנו?

— דהײַנו, איר זאָלט מיך אויך נעמען אויף שלום־עליכמען. איר וועט פֿאַר־דינען אַ מיצווה. איר וועט אײַך קויפֿן עולם־הבא. איך בין אַן אָרעם מיידל. איך דין דאָ אין אַ הויף. איך האַלט אויס אַ מאַמע מיט צוויי קליינע שוועסטערלעך. אַז איך קען אָפּרײַסן אַ גראָשן, טראָג איך אָפּ צו גינצבורגן און לײַ אויס אַ ביכל אויף שבת. האָב איך געהערט, אַז שלום־עליכם איז דאָ. און איך וויל אים זען. און עס קאָסט אַ קאַרבל. און איך האָב ניט. זעט, איך בעט אײַך, פֿאַר־דינט אַ מיצווה, נעמט מיך אויף שלום־עליכמען. איר וועט אײַך קויפֿן עולם־הבא! איר ווייסט, ווי איך האָב מיך אויסגעריסן. מײַן בעל־הביתטע די ארורה זאָל וויסן וואָלט זי מיך צעריסן. זעט, פֿאַרדינט אַ מיצווה, נעמט מיך אויף שלום־עליכמען — איר וועט אײַך קויפֿן עולם־הבא!

גוט. איך וועל אײַך נעמען אויף שלום־עליכמען.

מיר זענען געווען בײַ דער טיר. דאָס הייסט בײַ דער קאַסע.

— לאָזט דורך אָט דאָס מיידל...

און איידער איך האָב מיך אַרומגעקוקט, איז זי שוין געווען אינעווייניק און אויסגעמישט זיך מיטן געדיכטן עולם וואָס האָט אָנגעפּאַקט דעם זאַל פֿול און פֿול — ס'איז אַזש געגאַנגען אַ רויך.

נאָר נישט דאָס, זאָגט דאָך דער זיידע מענדעלע, בין איך אויסן. מיר קערן זיך אום צו דער מויד.

בײַ דער ערשטער פֿאָרלעזונג האָב איך ניט געזען קיין מויד און כמעט פֿאַרגעסן שוין, אַז איך האָב מיך גענומען קויפֿן עולם־הבא.

צו דער צווייטער פֿאָרלעזונג האָב איך שוין באַמערקט אין דער צווייטער אָדער אין דער דריטער ריי אַ שײַנענדיקע לבנה מיט צוויי אויגן, וואָס האָבן זיך אײַנגעזויגן אין מיר, ווי די פּיאַווקעס.

צו דער דריטער פֿאָרלעזונג האָט די לבנה אַרויסגעשײַנט צו מיר שוין פֿון דער ערשטער ריי.

צו לעצט איז זי געשטאַנען צווישן אַ גאַנצע כאַליאַסטרע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן זיך אַרומגערינגלט אַרום טישל, געוואָלט זײַן וואָס נענטער, און געהאַט חשק די דאָזיקע מויד אָוועקשטויסן אַ ביסל אָן אַ זײַט. זיי האָבן אָבער ניט געטראָפֿן דעם פּלאַץ. אַ סברה אַז זי וויל זײַן נאָך נענטער פֿון אַלע. ניט קוקנדיק האָב איך געזען, ווי זי אַרבעט מיט די עלנבויגנס אויף ביידע זײַטן, אויף רעכטס און אויף לינקס. איר פּנים איז שוין געווען ניט מער קיין לבנה, נאָר אַ זון, אַ תּמוזדיקע זון.

זאָגן אַז זי האָט זיי געהערט — איז ניט שייך. זי איז געווען מיט מיר צוזאַמען בײַ אַלע מײַנע העלדן. מיט זיי אין איינעם געלאַכט, מיט זיי אין איינעם געזיפֿצט. כּמעט, קאָן איך זאָגן, אַז זי האָט מיר געהאָלפֿן לייענען. איך האָב אַרײַנגעקוקט אין מײַנע שריפֿטן און דאָך האָב איך געזען, ווי זי לאַכט און ווי זי זיפֿצט און ווי זי שאָקלט מיטן קאָפּ און ווינקט מיט די אויגן.

איך האָב געענדיקט.

זי האָט ניט אַפּלאָדירט ווי אַנדערע, זי האָט נאָר אַרויסגעלאָזט אַ טיפֿן זיפֿץ, פֿריִער צענומען ביידע הענט, דערנאָך אַ זעץ געגעבן זיך מיט די הענט אין קאָפּ אַרײַן, זיך געלאָזט גיין, אומגעקערט צוריק, אַ קוק געגעבן מיר אין פּנים אַרײַן און ווידער זיך געלאָזט גיין. ווידער זיך אומגעקערט, ווידער אַ קוק אין פּנים אַרײַן און ווידער געלאָזט זיך גיין.

דערווײַלע האָט מען גענומען אַרויסטראָגן די בענקלעך. נאָכן אָוונט דאַרף מען טאַנצן, ווי געשיקט זיך עס אַ ליטעראַרישער אָוונט אָן טענץ? מה יאמרו הבריות — וואָס וועלן לײַטן זאָגן? גויִים טאַנצן, דאַרפֿן מיר נאָכטאַנצן. טאַנצט אײַך געזונטערהייט — איך וועל מיר גיין אַהיים.

אָפּגעקילט זיך, האָב איך גענומען מײַן פּעקל כּתבים און מאַרש אַהיים.

אַרויסגעכאַפּט זיך פֿון זאַל — פֿינצטער חושך, ווי געוויינטלעך נאָך אַן אָוונט אין באָברויסק. איך דאַרף אײַך ניט דערציילן: איר זײַט דאָך אַ באָב-רויסקער...

ביז מײַנע באַגלייטערס, אַ פּאָר יונגע-לײַט, האָבן אָפּגעזוכט זייערע קאַ-לאָשן, בין איך דערווײַלע געבליבן שטיין איינער אַליין אין דרויסן בײַ דער טיר און אַ ווײַלע אײַנגעקוקט זיך אין דער באָברויסקער פֿינצטערניש.

פּלוצעם, פֿון וואַנען עס נעמט זיך ניט אַ פּאָר הענט, פֿעסטע, געזונטע וואַרעמע הענט אַרום מײַן האַלדז, צוגעצויגן מײַן קאָפּ און אַ קוש אַ הייסער, אַ פֿרײַנדלעכער, אַ הילכיקער קוש איז מיר געשענקט געוואָרן.

שלום־עליכם

— אַ געזונט אויף אײַך! לאַנג לעבן זאָלט איר! עולם־הבא האָט איר אײַך געקויפֿט!..

אַ גליק וואָס ס'איז געווען פֿינצטער. אַ גליק וואָס מײַנע באַגלייטער האָבן געזוכט די קאַלאָשן. אַ גליק וואָס קיינער האָט ניט געזען דעם עולם־הבא וואָס איך האָב פֿאַרדינט...

מײַנע באַגלייטער זענען אַרויסגעקומען מיט אַ לאַמטערן, וואָס האָט באַלויכט די באָברויסקער בלאָטע.

מיר האָבן געשמאַק געטיאַפּקעט אין דער בלאָטע אַלע, גערעדט פֿונעם אוונט, געשמועסט און געלאַכט.

אין איינעם מיט אונדז, נאָר אַ ביסל בײַ אַ זײַט, האָט געטיאַפּקעט נאָך אַ פֿיגור.

די פֿיגור האָט זיך גיך גענומען לינקס, זיך אָפּגעטיילט פֿון אונדז און פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פֿינצטערניש פֿון דער באָברויסקער נאַכט.

גריסט דעם ה' מ. און אַלע באָברויסקער ליבהאָבער פֿון עולם־הבא.

שלום־עליכם

1912